„וואָס געהט עס מיך אָן?״ האָט דזשייק געפרעגט, „דערצעהל דעם עיקר.״

„דער עיקר איז,״ האָט סערעה געזאָגט, אראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ, „דער עיקר איז, אז מיט יענע בלינצעס, וואָס דעם באָרדער׳ס ווייבעל האָט אונז געשיקט, האָט מען דיך מכבד געווען און מיין מאַמע האָט דיך אָבגענארט און דיר געזאָגט, אז די בלינצעס האָב איך געמאַכט.״

דזשייק האָט געשוויגען. ער איז געזעסען ווי צומישט, ניט וויסענדיג אויב דאָס איז שוין די גאַנצע מעשה אָדער עס איז בלויז א הקדמה צום עיקר.

„און ווייטער?״ האָט ער געפרעגט.

„און ווייטער איז געווען אזוי, האָט זי געענטפערט, „יעדען מאָל ווען דו פלעגסט קומען, פלעגט שוין מיין מאַמע פריהער אָנגרייטען בלינצעס, וואָס אונזער באָרדער׳ס ווייבעל פלעגט מאַכען.״

„און ווייטער? דערצעהל שוין אַלעס.״

„דאָס איז אַלעס, נאַרעלע,״ האָט זי געזאָגט. „ביזט מיר מוחל וואָס איך האָב דיך אָבגענאַרט? וועסטו מיך ליעבען אזוי ווי פריהער, כאָטש איך קען אפילו א באָרשטש ניט אָבקאָכען?״

„פו! פו! פו!״ האָט דזשייק דריי מאָל אויסגעשפיגען, „סערעה, האָסט מיך איבערגעשראָקען, אויף טויט איבערגעשראָקען! איך האָב געמיינט מי יודע וואָס! מיין טהייערע, מיין זיסע, בעצוקערטע שבועות-בלינצע! ענטשולדיג מיר! זיי מיר מוחל פאַר דעם אומזיסטען חשד, וואָס איך האָב געהאַט אויף דיר. זיי מיר מוחל פאַר די אונריינע געדאַנקען וואָס האָבען זיך געפלאָנטערט אין מיין מוח. מיין טהייערע, מיין גאָלד, מיין מלאך!״ און דזשייק איז איהר געפאַלען צו די פיס און זי גענומען קושען, קושען, קושען...

„מוחל, מוחל, מיין טהייערער!״ האָט סערעה געענטפערט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און נאָכדעם זיינען ארונטערגעצויגען געוואָרען די פאָרהאַנגען און עס האָט געהערשט א הייליגע שטילקייט.

„ניין,“ האָט דזשייק געענטפערט, „איך האָב איהם ניט געקענט, נור איך שטעל זיך אַזוי פאָר די מעשה.“

„ער איז אָבער ניט געווען קיין שעהנער, נור אַזוי אַ קלוגער, אַ געבילדעטער. ער איז ביי אונז געווען אַ באָרדער ביז זיין פרוי איז אָנגעקומען פון רוסלאַנד.“

„אָט אַ לומפּ! האָט אַ ווייב און געהט עם טהון אַזאַ זאַך!“

„איך האָב מורא, דזשייק, אַז דו פערשטעהסט מיך ניט.“

„איך פערשטעה שוין, ער האָט דיר געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ בחור.“

„ניין, ער האָט דאָס מיר גאָר ניט געזאָגט. ער האָט גליַיך אין אָנפאַנג געזאָגט, אַז ער האָט אַ ווייב מיט דריי קינדער אין רוסלאַנד און אַז ער ערוואַרטעט זיי אויף שבועות. ווען ער האָט אריינגעמופט צו אונז איז דאָס געווען אַרום חנוכה.“

„דו האָסט געוואוסט, אַז ער האָט אַ ווייב מיט דריי קינדער?“ דזשייק האָט זיך אָבגערוקט און זיך אוועקגעזעצט אויף אַ טשער.

„איך האָב מורא, דזשייק, אַז דו הויבסט מיך גאָר ניט אָן צו פערשטעהען,“ האָט סערעה געזאָגט, „איך בעט דיך, שלאָג מיר ניט איבער די רייד. לאָמיך דערצעהלען די מעשה.“

„מאַך עס בקיצור,“ האָט ער געזאָגט, „איך האָב פיינד לאַנגע מעשיות.“

„אי, שלעכט!“ האָט סערעה אויסגערופען, „ביזט דאָך גאָר אַ כעסן!“

„נו, נו, איך בין ניט אין כעס. דערצעהל־זשע וויטער.“

„בקיצור, דער באָרדער איז געווען צו מיר זעהר פריינדליך און ער פלעגט מיך אָפט מוסר'ן פאַר וואָס איך לערן זיך ניט קאָכען. ער פלעגט זאָגען, אַז קיין מאַן קען ניט ליעבען אַ פרוי, וואָס קען ניט געבען זאַט צו עסען און אַז מענערשע ליעבע געווינט מען דורכ'ן מאָגען, ניט דורכ'ן הארצען. אַ וואָך פאַר שבועות איז זיין ווייב אָנגעקומען מיט די קינדער. און אום צו ציינען, וואָס פאַר אַ בריה זיין ווייב איז, האָט ער אונז צוגעשיקט אַ טעלער בלינצעס, וואָס זי האָט געמאַכט אויף שבועות.“

איהר מאַן אין אַ פערברעכען. דאַן איז ער אויך געווען איינשטימיג מיט די לעזער וואָס האָבען געזאָגט אַז דער מאַן דאַרף מוחל זיין. און דאָ, אויב עס איז געווען אַ פערברעכען, איז עס דאָך בעגאַנגען געוואָרען פאַר דער חתונה, דאַרף ער דאָך געווים מוחל זיין.

דזשייק האָט געשוויגען. סערעה האָט געעפענט אַ פענסטער און עס איז אריין אַ פריש ווינטעל.

„זאָג שוין, סערעה,"

„וועסטו מיך ליעבען אזוי ווי פריהער?"

„יא־א־א..."

„טאָ זעץ זיך אַוועק נעבען מיר. אָט דאָ."

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט.

„נעהנטער. מיר זיינען דאָך מעהר ניט קיין פרעמדע — נאָך נעהנטער. אָט אזוי. יעצט וועל איך דיר דערצעהלען. עס איז אַ לאַנגע מעשה."

דזשייק האָט אַ הוסט געטהאָן. ער איז געוואָרען אונגעדולדיג. צו וואָס דאַרף זי מאַכען די מעשה אזוי לאַנג? זאָל זי זאָגען דעם סוף. ער וויים שוין דעם אָנפאַנג. עס איז דאָך די אַלטע, אַלטע געשיכטע. זי האָט זיך בעקענט מיט אַ יונגענמאַן. ער איז געווען אַ שעהנער, אַ קלוגער און איז געווען צו איהר זעהר פריינדליך. זי האָט וועגען איהם געטרוימט. זי האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָר־שטעלען, אַז אַזאַ מלאך ווי ער זאָל זיין פאַלש, און עס האָט זיך אויסגעלאָזען אַז ער איז אַ פערדאָרבענער. אָה, אָבער זי האָט עס ערפאַהרען צו שפעט, און אזוי ווייטער, און אזוי ווייטער.

אָך, ווען זי וואָלט בעסער פערשפּאָרט די גאַנצע מעשה און איהם דערצעהלט בלויז וועגען דעם סוף!

„הער צו, דזשייק," האָט זי אָנגעפאַנגען, „איידער מיר האָבען זיך בעקענט איז ביי אונז איינגעשטאַנען אַ באָרדער —"

„איז ער געווען אַ שעהנער און אַ קלוגער," האָט אונטער־געכאַפּט דזשייק, „און ער האָט געהאַט אַ גלאַטען צונג."

„דזשייק! וואָס איז מיט דיר? וואָס רעדסטו? האָסט דען דעם באָרדער געקענט?"

„דזשייק," האָט זי געזאָגט און איהר שטימע האָט געציטערט, „איך וויל דיר עפּעס זאָגען, נור איך האָב מורא."

„מורא?" האָט ער איבערגעפרעגט, גלעטענדיג זי איבער די באַקען. „פאַר מיר האָסטו מורא, סערעלע? זאָג, סערעה, זאָג מיר אַלעס וואָס ביי דיר איז אויפ'ן הארצען, האָב קיין מורא ניט. זאָל צווישען אונז קיין זאַך ניט זיין בעהאַלטען. לאָמיר איינע די אַנדערע זאָגען דאָס וואָס ביי אונז אין די הערצער. לאָמיר זיין פריי און אָפען איינער מיט'ן אַנדערען."

„אָבער איך האָב מורא, אז ווען איך וועל דיר אויסזאָגען, וועסטו מיך מעהר ניט ליעבען." סערעה'ס אויגען האָבען געקוקט אָן א זייט. זיי האָבען זיך ניט געוואָלט בעגעגענען מיט זיין בליק.

דזשייק האָט א דרעה געטהאָן מיט זיינע פּלייצעס און האָט זיך גע'חידוש'ט.

זאָל דאָס זיין עפּעס וועגען איהר פערגאַנגענהייט? — האָט ער זיך געפרעגט.

ער האָט א שוידער געטהאָן ביי דעם געדאַנק.

אין דעם אויגענבליק האָט די מאָרגענזון אריינגעשיינט אין צימער, האָט דייטליכער ארויסגעוויזען די בלאַסקייט פון סערעה'ס געזיכט און די בלויע רינגען אונטער איהרע אויגען.

עס איז ביי איהם גאָר קיין ספק ניט געווען, אז זיין פערדאַכט האָט א גרונד. אָט איז זי פאַר איהם געשטאַנען א זינדיגע, א צובראָכענע. זי וויל זיך אין אַלעס מודה זיין, אום צו קריגען פון איהם פערצייהונג.

א געפיהל פון מיטלייד האָט איהם אָנגענומען.

„זאָג שוין," האָט ער געזאָגט מיט א געמאַכטען קאַלטען טאָן. „זאָג, לאָמיר שוין הערען."

„זאָגסטו מיר צו, אז דו וועסט מיך ליעבען אזוי ווי געווען?" האָט זי געפרעגט.

דזשייק'ען האָבען א שלאָג געטהאָן די בלוטען אין קאָפּ. ער האָט געפיהלט א וועהטאָג אין די שלייפען.

ער האָט זיך דערמאָנט, אז ער האָט אמאָל געלעזען א דיסקוסיאָן אין א צייטונג וועגען א פרוי וואָס האָט זיך מודה געווען פאַר

„גוט, וואָס דו האָסט מיך דערמאָהנט,“ האָט ער געזאָגט, „מען דאַרף שנעלער אַראָבנעהמען פון זיך דעם אַנצוג. דער מאַן, ביי וועמען איך האָב דאָס גענומען, איז זעהר שטרענג. ער צווינגט צו בעצאָהלען פאַר דער קלענסטער קליינינקייט.

„דזשייק!“ האָט זי געזאָגט נאָך אַ קורצען שטילשווייגען, „דו ווייסט, דאָס מעבעל געפעלט מיר זעהר. וואָס קאָסט דאָס גאַנצע מעבעל?“

„הונדערט מיט פופציג דאָלאַר אַלעס צוזאַמען,“ האָט ער געענטפערט, „פינף און צוואַנציג דאָלאַר האָב איך בעצאָהלט מזומן און דריי דאָלאַר אַ וואָך וועלען מיר אויסצאָהלען. זאָרג זיך ניט, סערע, מיר וועלען אויסצאָהלען.“

„יאַ,“ האָט זי געזאָגט אַביסעל פערטראַכט, מיר וועלען אויס־צאָהלען. ווייסטו וואָס מיר איז איינגעפאַלען? אויף וואָס דאַרפען מיר האָבען פיער צימערען? דריי זיינען אונז גענוג. אפשר וואָל־טען מיר איין צימער פערדונגען?

„עס איז אַ גאַנץ גוטער פּלאַן,“ האָט ער געזאָגט, „עס וועט אונז זיין לייכטער אויסצוצאָהלען דאָס מעבעל.“

„געוויס,“ האָט זי געזאָגט, „פערגעס ניט אַז מיר זיינען נאָך שולדיג פאַר דער חתונה. מיר זיינען נאָך שולדיג פאַר ביער און פאַר זעלצער.

„ביי דיר וועט זיך אַ „באָרדער“ האַלטען,“ האָט ער געזאָגט, זוכענדיג זי אַ ביסעל צו טרייסטען, „דו ביזט דאָך אַ טהייערע קעכין. פאַר דיינע בלינצעס אליין קען מען דיך ליעב האָבען. איך האָב זיך דאָך אין דיר פערליעבט צוליעב דיינע בלינצעס, געדענקסט פאַר־אַ־יאָהרען שבועות, ווען מיר זיינען צום ערשטען מאָל בעקאַנט געוואָרען אין דיין מאַמע׳ס הויז? דו האָסט מיר דערלאַנגט בלינ־צעס און איך האָב גלייך געטראַכט, ווי גוט עס וואָלט געווען אַז שבועות זאָל זיך ציהען אַ גאַנץ יאָהר און דו זאָלסט מאַכען בלינצעס נור פאַר מיר אַליין. מיין סערעלע, אָה, מיין טהייערע סערעלע!“

דזשייק האָט גערעדט מיט בעגייסטערונג, מיט פייער, און ער האָט גאָר ניט בעמערקט, אַז אויף סערע׳ס שטערען האָט זיך ווי אַ וואָלקען פערצויגען, אַזוי ווי די עראינערונג פון אַ שרעקליכען חלום.

# אַה, יענע שבועות׳דיגע בלינצעס!

די גאָלדענע מאָרגען־זון איז אַקאָרשט וואָס אַרויס פון איהר הימלישען שלאָפצימער און האָט בעגריסט די נאָך שלאָפענדע בראָנזוויל מיט טויזענדע חנ׳ען. און די נאָך אין טיעפען שלאָף איינגעזונקענע בראָנזוויליאַנער האָבען געטרוימט זייערע חלומות: די וועגען פערלאָרענע גליקען אין לאָטס מיט הייזער און די וועגען סטרייקס, ביזי און סלעק. נעהנטער און נעהנטער האָט זיך די גאָלדענע זון צוגערוקט. עס איז איהר געוואָרען אומעדיג דאָרט אין עק מזרח, און זי האָט געזוכט די מענשליכע געזעלשאַפט.

א מילך־מאַן האָט זיך בעוויזען מיט זיין וואָגען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען אַ וואַסער־פּאָנטאַן און גענומען „צופּראַווען“ זיין מילך. די זון האָט געקוקט און געשוויגען, די זעלבע זון, וואָס האָט געשיינט ביים באַרג סיני, ווען צווישען דונערען און בליצען האָט כביכול שטרענג פערזאָגט „לא תגנוב“. דער מילך־מאַן איז פערשוואונדען און אין גאַס האָט זיך בעוויזען אַ וואָגען. דער וואָגען האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען אַ הויז און פון דאָרט איז אַרויסגעשפּרונגען אַ יונג פּאָר פאָלק. דער יונגער מאַן אין אַ שוואַרצען ראָק און אַ צילינדערהוט מיט אַ בלום אין זיין לאַץ און דאָס ווייבעל אין אַ ווייסען חופּה־קלייד מיט אַ גרויסען שלייער איבער׳ן קאָפּ און אַ בוקעט אין איהר האַנד.

דער וואָגען האָט זיך פערקירעוועט און איז אַוועק. דאָס יונגע פּאָר פאָלק זיינען אַרויף אויבען, צו זייער וואָהנונג.

„יעצט, מיין טייבעלע,“ האָט געזאָגט דער יונגערמאַן, „יעצט לאָמיר זיך איינע די אַנדערע אָבגעבען מזל טוב. מיר האָבען חתונה געהאַט און מיר זיינען שוין מאַן און ווייב.“

„פּאַוואָליע,“ האָט זי געזאָגט, קוועטש מיך ניט. דו פערגעסט, אַז דאָס חופּה־קלייד איז ניט מיינס. צוועלף אוהר וועט מען קומען פון סטאָר דאָס אָבנעהמען צוריק.“

ווי מיר נעפעלט דאָס וועטער. — און זי האָט ווידער געגעבן אַ גענעץ, און גענומען זינגען אַן אַרענדוש.

אין דער מינוט האָב איך געפיהלט אַז עס ארבייטען אין מיר צוויי קרעפטען, אַ קראַפט וואָס ציהט מיך צו און אַ קראַפט וואָס שטויסט מיך אָב. דער קאָסטאָמער וואָס עסט מילכיגע לאָקשען האָט מיר איינמאָל ערקלעהרט אַ גאַנצע פילאָזאָפיע אַז אַלעס אין דער וועלט האַלט זיך אויף צוויי קרעפטען: אַ קראַפט וואָס ציהט צו און אַ קראַפט וואָס שטויסט אָב. ער רופט עס סענטריפיוגאַל און סענטריפעטעל. אָז ניט דיעזע צוויי קרעפטען, זאָגט ער, וואָלט פון דער גאַנצער וועלט, די ערד, די זון, די לבנה און אַלע שטערען געוואָרען אַ פריקאַסע, , אַ קאַשע. אָט דיעזע צוויי קרעפטען האָב איך געפיהלט בעת מעשה, קנאַקענדיג ניסלעך נעבען יעטטאַ׳ן.

די קראַפט וואָס שטויסט אָב איז געוואָרען שטאַרקער, און איך האָב גענומען טראַכטען ווי מען דרעהט זיך דאָ ארויס אויף אַן אַנשטענדיגען וועג, אַז קיינער זאָל זיך ניט געפינען בעליידיגט.

די אַלטע האָט זיך גענומען אויספרעגען וועגען מיין לעבען און מיינע פערדיענסטען. נאָכדעם האָט זי אָנגעהויבען פיהרען צום עיקר, פרעגענדיג, ווארום אַזאַ שעהנער בחור ווי איך האָב ניט חתונה.

—עס איז דאָ אַ קליינינקייט — ענטפער איך — וואָס האַלט מיך אָב פון חתונה האָבען.

— וואָס איז דאָס? — פרעגט זי.

— איך האָב אַ ווייב אין יוראָפּ, און דאַרף זי פריהער גט׳ן.

— אַ ווייב הייסט ביי אייך אַ קליינינקייט? — פרעגט זי, אויפשפּרינגענדיג אַ צוקאָכטע.

— וועל — זאָג איך גאַנץ געלאַסען, — געגען אייער טאָכטער איז זי אַ קליינינקייט.

— מאַמאַ — רופט זיך אָב יעטטאַ, מיט אַ גענעץ, — זאָג דעם יונגען מאַן ער קען אַוועקגעהן.

איך האָב גענומען מיין העט מיט מיין אויבערראָק און זיך ארויסגערוקט מיט אַ שטומען „גוד נאַיט“.

עס איז מיר געלונגען. איך האָב זיך זעהר שעהן ארויסגעדרעהט.

מאָדע ביי אונז שדכנים, אזוי ווי ביי אייך ווייטערס. פריהער רעכענען מיר אוים אַלע געריכטען און נאָכדעם באַטען מיר אַן א הערינג. אז איהר וועט זעהן די מיידעל וועט איהר אליין זאָגען, אז הערינג איז נאָך אַלעמען די בעסטע זאַך.

בקיצור, איך זעה אז דער שדכן האָט מיך גוט אריינגעפּאקט. ער גיט מיר א הערינג פאר א הערינג. דאָך לאָז איך מיך איינריידען, און איך פערשפּרעך איהם צו געהן זעהן די כלה.

טאקע דעם זעלבען אבענד האָט דער שדכן געמאכט פאר מיר אַן אפּאָינטמענט, און איך בין געקומען זעהן די כלה. פון דער ערש־טער מינוט איז זי מיר זעהר געפעלען געווען. איך האָב געזעהן א מויד גרויס געוואקסען און פעסט געבויט, פעט און דיק, אָהן עין־הרע, טאקע ביי א צוויי הונדערט פונט און אפשר נאָך מעהר. איך האָב פיינט אייערע אמעריקאנער דינע טאַליעס, וואָס שוועבען ארום אין גאס אזוי ווי דינע שטרויעלעך וואָס טאנצען פון ווינד. א ווייב דאַרף זיין סאָליד, אזוי ווי א גוטע שטיקעל מעבעל. איך קען ניט אָנקוקען אָט די דאַרע, קווארע, איינגעצויגענע, איינגעדריקטע, אויסגעטריקענטע קליינע פויגעלעך, וואָס פּיפּצען אזוי ווי פויגעלעך, עסען אזוי ווי פויגעלעך, און טויגען ניט מעהר ווי צו שטעהן אין שטייגעלע, פּיקען מיט די שנעבעלעך, און טראַלאַלייקען.

ביים טהיר האָט מיך אויפגענומען די מוטער פון דער כלה, און זי האָט גלייך דערלאנגט כיבוד: עפּעל, אָרענדזשעס, בענענעס, ניסלעך, מאנדלען און טהעע מיט קרעקערס. איך האָב בעמערקט אז די כלה רעדט גאָר נישט; זי לאָזט די מאמען ריידען פאר איהר.

— יעטטא — זאָגט די מוטער צו איהר, — ווארום רעדסטו ניט אביסעל צום יונגען מאן?

יעטטא האָט א גרויסען געגעץ געטהאָן און געזאָגט:

— מאמא, דו ווייסט דאָך אז איך פויל זיך צו ריידען. רייד דו, איך וועל הערען. — דערביי האָט זי נאָך אמאָל א געגעץ געטהאָן.

איך האָב פּרובירט אַלע וועגען אריינצושלעפּען יעטטא'ן אין א געשפּרעך.

— ווי געפעלט אייך היינטיגעס וועטער? — פרעג איך איהר.

— מאמא — ווענדעט זי זיך צו איהר מוטער, — זאָג איהם

וועט זי נעהמען אָהן נדן. עס איז כדאי די העמד צו פערקויפען און חתונה צו האָבען מיט אזא מיידעל.

כלה נומער פינף: א קעכין אין א רייכער הויז. געזונד און שעהן. מאכט פיינע לאָקשען־קוגלען. 500 דאָלאר נדן. א פראַקטישער שידוך פאר א פראַקטישען בחור.

כלה נומער זעקס: ניט שעהן, ניט יונג, אָהן נדן, וועגט 200 פונט. קומט פון גרויסען יחוס. ווערט אויסגעהאַלטען פון רייכע קרובים.

אז דער שדכן האָט מיר אויסגערעכענט אָט די אַלע כלות מיט זייערע מעלות און חסרונות, האָט ער מיך געפרעגט, וועלכע איך וויל האָבען.

— די שטומע — זאָג איך, — מיט די פינף טויזענד דאָלאר נדן.

— זי האָט שוין חתונה געהאַט — ענטפערט מיר דער שדכן.

— טאָ וועל איך נעהמען די סיילסליידי וואָס איז צופריעדען צו ארבייטען אויך נאָך דער חתונה.

— ביי איהר איז שוין מאָרגען די חופה — זאָגט דער שדכן.

— נו — זאָג איך, — די אלמנה וואָס האָט די גראָסערי אַרט מיך אויך ניט.

— זי האָט שוין חרטה — ענטפערט דער שדכן, — זי וויל שוין ניט חתונה האָבען.

— נו, און די שעהנע טייפרייטערקע? — פרעג איך.

— זי האָט שוין לאַנג חתונה געהאַט און איז שוין א מאַמע — זאָגט דער שדכן. — און וועגען דער קעכין איז שוין אויך פער־שפּעטיגט צו פרעגען. היינט קומט צו איהר א חתן און איך בין זיכער אז דאָרט וועט זיין א שידוך. פאר אייך, מיסטער דזשאָו, איז בלויז געבליבען די כלה נומער זעקס. זי איז א פיינע מיידעל פון א פיינער משפּחה. זי וועט אייך געפעלען זיין.

— טאָ צו וואָס — פרעג איך איהם — האָט איהר מיר גע־דאַרפט דערצעהלען וועגען זעקס כלות, אז איהר האָט ניט מעהר ווי איינע? — פרעג איך.

— דאָס איז — ענטפערט מיר דער שדכן — דאָס איז די

סיי מען איז זאט, סיי מען איז רייך, סיי מען איז אָרעם. הערינג איז דער מאכל פון כל ישראל. אָט זעהט איהר, מיסטער דזשאָו, אין מיין פּראָפעסיאָן אלס שדכן, קומט מיר אויס אָפט צו זעהן ווי מענשען קלייבען זיך שדוכים ביז עס פאלט זיי איין אַ גלייכע זאך. און איך פרעג מיר אליין: וואָרום פאלט זיי לכתחילה ניט איין די גלייכע זאך?

— יעס — זאָג איך, — עס איז טאקע אַ פראגע.

— איהר וואָלט וועלען טהאָן עפּעס אַ רעכטען שידוך? — פרעגט ער מיר, גאָר אזוי פּלוצלינג.

איך האָב זיך ווידער פערשעהמט און געשוויגען.

— הערט, מיסטער דזשאָו — זאָגט ער צו מיר, און נעהמט דעם עק פון דעם הערינג מיט זיינע פינגער. — איך האָב דאָ פאר אייך אַ פיינעם שידוך. איך האָב דאָ, ביי מיר אין ביכעל, זעקס פער־שיעדענע כלות, און איהר קענט זיך פון זיי אויסקלייבען וועלכע איהר ווילט.

— אָל־רייט — זאָג איך, — לאָמיך הערען.

— אָט וועל איך אייך פאָרלעזען פון ביכעל — זאָגט ער צו מיר, — און איהר נעהמט עס אריין גוט אין קאָפּ, און גיט מיר אַן אנטוואָרט וועלכע איהר ווילט.

כלה נומער איינס: אַ שעהן מיידעל, 19 יאהר אלט, האָט רייכע עלטערן, האָט אָבער אַ פעהלער: זי איז שטום. עלטערן ווילען געבען פינף־טויזענד נדן צו אַ יונגען מאַן. אבי אַן אָרענטלי־כער. עס איז אַ שמאָלץ־גרוב.

כלה נומער צוויי: אַ סיילסליידי אין אַ מילינערי סטאָר, 35 יאָהר אלט, 800 דאָלאר נדן, ניט שעהן, אָבער איז צופריעדען צו ארבייטען אויך נאָך דער חתונה. עס איז אַ געווינס.

כלה נומער דריי: אַן אלמנה מיט אַ גראָסערי און צוויי קינדער. מאכט אַ פיינעם לעבען. דארף האָבען אַ מאַן וואָס זאָל קענען אטענדען איהרע קאָסטאָמערס. אַ גליק.

כלה נומער פיער: אַ טייפּרייטערקע, שעהן ווי אַ ליאלקע, שפּיעלט פּיאַנאָ, קען גוט טאנצען. וויל אַ באָי אַ פערדיענער וואָס

— געהאַקטע לעבער, פּריקאַסע, באָילד ביף, הערינג — זאָג איך אָב אַלע געריכטען, וואָרום אזוי איז די מאָדע אין רעסטאָראַנס: דער ווייטער דאַרף אָבזאָגען דעם גאַנצען פּסוק, סיי עס זיינען דאָ די געריכטען אָדער ניטאָ.

— גיט מיר געהאַקטע לעבער — זאָגט ער.

— געהאַקטע לעבער איז שוין אויסגעגאַנגען — זאָג איך.

— און באָילד ביף ? — פרעגט ער.

— בלויז הערינג — ענטפער איך. — דאָס איז אַלעס וואָס איז פערבליבען.

— היינט צו וואָס האָט איהר מיר געדאַרפט אויסרעכענען אזוי פיעל געריכטען ? — פרעגט ער.

— אזוי איז די מאָדע — ענטפער איך. — יעדע פּראָפעסיאָן האָט איהרע מאָדעס, איהרע רעגעלען. אמאַלע וואָס, וואָרום האַלט א חזן דעם גראָבען פינגער אונטער'ן גאָרגעל ? עס איז אזוי די מאָדע פון דער פּראָפעסיאָן ! אמאַלע וואָס, וואָרום האָט א שדכן א שלומפּער ? אויף די זעלבע זאַך — עס איז אזוי די מאָדע !

— פון וואַנען ווייסט איהר אז איך בין א שדכן ? — פרעגט מיך דער איד.

— ווער זאָגט עס אייך אז איך ווייס ? — פרעג איך צוריק. — איך ווייס טאַקע יעצט אויך ניט, נור מסתמא האָב איך געטראָפען אזוי ווי א בלינדער פערד אין גרוב אריין.

— איהר זייט א גליקליכער פערד — זאָגט דער שדכן. — די גרוב איז א שמאַלץ־גרוב.

דאָ האָב איך זיך פערשעהמט. איך בין אריינגעלאָפען אין קיטשען נאָכ'ן הערינג, אז איך בין צוריקגעקומען האָב איך געפונען דעם שדכן לעזענדיג עפּעס א ביכעל. איין אויג האָט ער געהאַלטען אויפ'ן ביכעל און די אנדערע אויף מיר.

— אָט דאָ האָט איהר הערינג — זאָג איך.

— א פיינע שטיקעל הערינג — רופט ער זיך אָב. — ס'א נארישקייט געוועזען פון מיר וואָס איך האָב לכתחילה ניט געאָרדערט הערינג. ס'איז אפילו א פּראָסטע אכילה, אָבער א סאָלידע, אן אפּעטיטנע, מען קען עס עסען צו יעדער צייט, סיי מען איז הונגעריג,

# א הערינג פאַר א הערינג

(דערצעהלט פון דזשאָו דעם וויטער)

מיר האָבען היינט שצאוו. דער ערשטער צייכען פון פריהלינג אין א רעסטאָראַן. מאכט „שהחינו" און עסט שצאוו. פיינע שצאוו, אויסגעצייכענטע שצאוו, פערווייסט מיט אמת'ע שמאַנט מילך און מיט אַן איי אַריינגעבראָקט. מיט פּאָמפּערניקעל קענט איהר עס עסען, און אַז איהר ווילט וועל איך אייך דערלאַנגען אביסעל מצה.

מיר האָבען שוין איינגעקויפט אונזער סטאַק מצות, און קאָטער־טאָמערס קענען זיך ניט דערוואַרטען און ווילען שוין א נאַש טהאָן א שטיקעל מצה — — יעצט נעהמט אייער פען מיט אייער פּאַפּיער און שרייבט וואָרט פאַר וואָרט דאָס וואָס איך וועל אייך דערצעהלען. די מעשה וואָס איך דערצעהל אייך היינט קען מען רופען „א הערינג פּאַר א הערינג", אָדער „מדה כנגד מדה".

עס קומט אריין אַנומעלט א נייער קאָסטאָמער, א גאַנץ אונ־בעקאַנטער מאַן, אין א סטאָוו פּאַיפּ מיט א בערדעל — ניין, די בערדעל האָט ער געהאַט אויפ'ן פּנים, ניט אויפ'ן סטאָוו פּאַיפּ. איך העלף איהם אויפצוהענגען זיין ראָק, און וויל ביי איהם נעהמען זיין סטאָוו פּאַיפּ. זאָגט ער אַז ער עסט ניט מיט א הוילען קאָפּ. נעהמט ער נאָכהער לעזען די שפּייז־קאַרטע, קלעהר איך, אומזיסט איז דיין לעזען. אַלעס וואָס עס שטעהט אויף דער קאַרטע איז ניט מעהר ווי א רוסישע קאָנסטיטוציע. געהאַקטע לעבער איז שוין אויסגעגאַ..ען, פריקאַסע איז שוין נישטאָ, באָילד ביף — ניט א לעק, פאַר א פּאָרשפּייז איז געבליבען נישט מעהר ווי הערינג — פּראָסטע, וואָכעדיגע הערינג. נאָכדעם ווי דער איד אין סטאָוו פּאַיפּ האָט שוין דורכגעלעזען די שפּייז־קאַרטע רופט ער מיך צו און פרעגט מיך: „וואָס האָט איהר פאַר א פּאָרשפּייז?"

פערזוכט אַ שטיקעל הערינג. נאָכדעם האָט ער געפרעגט, ווען איז יום־כפור, האָבען מיר איהם געזאָגט.

— איך וועל קומען אין אייער טעמפּעל מיט מיין פרוי, — האָט דער האָנאָרייבל אָלדערמאַן געזאָגט. — פּליז, שטעלט אָב פאַר מיר צוויי טיקעטס.

— הורראַ! — האָבען מיר אַלע אויסגעשריען.

— טהרי טשירס פאַר פּאַדדי! — האָט אויסגעשריען דער פּלאָמבער מעק־נעלי.

— הו איז אָל־רייט? — האָט געפרעגט פּרעזידענט פּופּיקאָוויץ.

— אָלדערמאַן פּיטצפּעטריק! — האָבען מיר אַלע אויסגע־שריען. עס הייסט, זיי האָבען געשריען און איך האָב נאָכגעשריען, ווייל איך האָב זיך געשעהמט אָבצושטעהן פון עולם.



מיט'ן רעווערענד דאָקטאָר. עס איז געבליבען ביים אַלטען, ביים „המלך".

— סינג איט עגיין, — האָט דער האָנאָרייבל אָלדערמאַן זיך געווענדעט צום חזן.

ה מ ל ך!!!

דיעזען מאָל האָט דער חזן אַזוי הויך אויסגעשריען דעם „המלך", אַז די באָרד איז איהם אָראָבגעפאַלען פון פנים און איז געבליבען הענגען אויף אַ שנירעל.

מיר זיינען אַלע געשטאַנען און זיך גע'חדוש'ט. זאָגט, אדרבה, האָט איהר ווען געזעהן אָדער געהערט אַז אַ באָרד זאָל פּלוצלינג אַראָבפאַלען ביי אַ מענשען און בלייבען הענגען אויף אַ שנירעל? די פּראָמינענטע קריסטען, עס הייסט, דער אָלדערמאַן, דער פּלאָמבער און דער וואַטשמאַן, האָבען זיך שטאַרק צולאַכט. „הי איז גאָט פאָלס וויסקערס" (ער האָט אַ פאַלשע באָרד) — האָבען זיי צווישען זיך געזאָגט. אָבער דער חזן האָט זיך גאָר ניט דערשראָקען. ער האָט די באָרד צוריק צוגעטשעפּעט צום פּנים, און גענומען זינגען „כל נדרי".

— דהיז איז גרייט! — האָט געזאָגט דער וואַטשמאַן.

— איט סאַונדס לייק איטאַליען אָפּערא. — האָט געזאָגט אָלדערמאַן פּיטצפּאַטריק.

מיר האָבען אַלע איינגעשטימט אַז דער חזן איז „אָל־רייט".

דערווייל האָט זיך אָנגעקליבען אַ היבשער עולם ארום דעם לעדיגען לאָט, וואו מיר זיינען געזעסען. די מאָסקיטאָס זיינען אויך געקומען, ווייל נעבען פּרעזידענט פּופּיקאָוויץ'עס הויז איז, ווי איך האָב אייך שוין אַמאָל דערצעהלט, אַ גרויסע לוזשע. מיסטער קאַבאַן, דער ניו יאָרקער גביר, וואָס האָט ניט לאַנג אריינגעמופט אין בלאָטעטאַון און האָט זיך צוקריעגט מיט אונזער קאָנגרעגיישאָן ביים סיום התורה, איז צוגעפאָהרען מיט זיין אָטאָמאָביל, זיך אָבגעשטעלט אביסעל פון דער ווייטען און זיך אויך צוגעהערט. דער ריח פון זיין אָטאָמאָביל האָט אביסעל פערטריבען די מאָסקיטאָס. נאָכדעם האָט מיסעס פּופּיקאָוויץ דערלאַנגט ביער און שנאַפּס און מאַרינירטע הערינג. דער האָנאָרייבל אָלדערמען פּאַדדי פּיטצפּעטריק האָט אויף

זאָל ניט טרעטען אויפ'ן גראָז, געהען ארונטער; די הדסים צושלעפען אונזערע באָיטשיקלעך און מאכען דערפון בעזימער און ווער עס וויל קריכט איבער'ן גראָז און ברענגט אהין אש, קויהלען, טראַנטעס, שמאַטעס, אַלעס וואָס מען וויל ארויסוואַרפען פון הויז. אפילו קריסטען ראַמען דאָן אויך זייער שמוץ אריין אין אונזערע לאָטס.

אָט אויף אַזאַ לעדיגען לאָט האָבען מיר זיך אוועקגעזעצט. דער חזן האָט גענומען זיינע נאָטען אין האַנד, אונטערגעשפּאַרט זיין גאָרגעל מיט'ן האַנד, כדרך החזנים, און ארויסגעברומט:

המלך!

— האָלי דזשי! — האָט אויסגערופען מעק־נעלי דער פּלאָמבער — הי איז איי קאַרקער!

— וואַט דאָז איט מין? וואָס מיינט עס? — האָט געפרעגט דער האָנאָרייבל אָלדערמען פּאַדרי פּיטצפּעטריק.

— המלך, דהאַט מינס דהי קינג, דהי צאַר — האָט ערקלעהרט פּרעזידענט פּופּיקאָוויץ.

— טו העל וויטה דהי צאַר! — האָט אויסגערופען דער אָלדערמען מיט כעס. — וואַי דו יו וואָנט טו טשיר דהי צאַר? דהיז איז יונייטעד סטייטס. טשיר דהי פּרעזידענט!

הפּרעזידענט! — האָט אויסגעשריען דער חזן מיט דעם זעלבען קול ווי ער האָט פריהער אויסגעשריען דעם „המלך".

דאָ האָט זיך דער דאָקטאָר רעווערענד האָצמעך אריינגעמישט און האָט ערקלעהרט דעם האָנאָרייבל אָלדערמען, אַז „המלך" איז ניט געמיינט אַ קעניג, נור „דהי קינג אָוו קינגס", דעם מלך מלכי המלכים, דעם אויבערשטען.

שעפּטלסאָן, דער פריערדיקער סאָציאַליסט, וואָס איז מיינער אַ טענענט און אַ מעמבער פון דער קאָנגרעגיישאָן, האָט זיך דאָ אריינגעמישט און געזאָגט, אַז עס וואָלט טאַקע בעסער געווען צו רופען דעם אויבערשטען פּרעזידענט אַנשטאָט מלך. היינטיגע צייטען זיינען אַלע דעמאָקראַטיש, און דער דעמאָקראַטישער גייסט האָט שוין געווים אויך אריינגעדרונגען אין הימעל.

אָבער מיסטער שעפּטלסאָן איז אָוועררולד געוואָרען. דער האָנאָרייבל אָלדערמען איז געגען רעפאָרמען און ער האַלט אימער

פראָבע זיינען געקומען די הויפּט בעלי־בתים פון בלאָטעטאָון, און אויך איינינגע פּראָמינענטע קריסטען, צווישען זיי: דער האָנאָרייבל אָלדערמען פּאדדי פּיטצפּאַטריק, דער פּלאָמבער מעק־נעלי, און דער וואַטשמאַן פון בלאָטעטאָון. קיין פרויען האָט מען ניט איינגעלאַדען צו דער פּראָבע. די איינציגע פרוי וואָס איז יאָ געווען ביי דער פּראָבע איז מיסעס פּופּיקאָוויץ, וועלכע האָט אויף זיך געטראָגען אפשר זעקס פונט דזשולערי. עס איז געווען זעהר אַ הייסער טאָג און ווען דער חזן האָט שוין ארויסגענומען זיין קאמערטאָן מיט זיינע נאָטען און איז שוין געווען פארטיג צו דער פּראָבע, האָט מיסטער פּופּיקאָוויץ זיך געווענדעט צו זיין פרוי און צו די פערזאָמעלטע און געזאָגט:

— ליידיעס ענד דזשענטעלמענס! עס איז צו ווארים אין הויז. לאָמיר נעהמען טשערס און זיך זעצען אויפ'ן לעדיגען לאָט וואָס איך האָב לעצטען מאָנאט צוגעקויפט נעבען מיין הויז. איך האָב עס געקויפט אַ בארגיין, און מען באָט מיר שוין טויזענד דאָלאר פּראָפיט. קומט אויפ'ן לעדיגען לאָט, דאָרט איז לופטיגער.

דער לאָט אויף וועלכען מיר האָבען אויסגעשטעלט אונזערע טשערס און זיך אויסגעזעצט, איז אפילו ניט געווען קיין לעדיגער. עס איז געווען בעוואָרפען מיט שטיקלעך פּאפּיער, ביינדלעך, געשמאַליעטע פעדערען, בערגלעך ליים, בלאָטע, שפּענדלעך, טראַנטעס, שמאַטעס,אויסגעברענטע קוילען און אש. ביי אונז אין בלאָטעטאָון זיינען די ליידיגע לאָטס אַ גרויסע בעקוועמליכקייט: מיר ווארפען אהין אַלעס — אפילו געפּגר'טע קעץ. פרייטאג קומען זיך צוזאמען אונזערע באַלעבאָסטעס אויף די לעדיגע לאָטס און שמאַליען דאָרט ארום די שבת'דיגע טשיקענס, עס געהט אַ רויך ביז'ן הימעל. זאָלאַנג די לעדיגע לאָטס זיינען אין גוי'אישע הענד, איז פּשוט אַ גלות. די גוים מאַכען אַ גאַנצען וועזען פון די לעדיגע לאָטס. זיי צאַמען זיי ארום מיט גרינע צווייגען, מיט בוימלעך, אַזעלכע מיני הדסים, און זיי באַדערען זיך ארום מיט די גראָז, גיבען גאַנץ אָפּט די לאָט אַ שייוו, כדי די גראָז זאָל וואקסען געדיכטער; נור אַז עס קומט אריין אין אונזערע הענד, ווערט אויף די לאָטס פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט. די סיינס מיט די ענגלישע אוקאַזען, אַז מען

אַלדערמען האָט אויסגעפונען אַז ער איז ניט קיין סיטיזען, האָט ער געזאָגט „נאָ“. און אַז דער אַלדערמען זאָגט נאָ — איז נאָ. ער וויל מען זאָל געבען אַ שאָו אַ סיטיזען. דאָס איז פּאַטריאָטיש.

איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, אַז ביי מיר קומט עס אויס אביסעל מאָרנע, ניט קיין גלאַטע מעשה, אָט דאָס וואָס מען לאָזט דעם אַלדערמען זיך מישען אין אידישע אנגעלעגענהייטען. איך פערשטעה ניט וואָס האָט אַ גוי צו טהאָן אין אַ אידישער שוהל? נור זאָגען אַזאַ זאַך אין בלאָטעטאָון האָב איך מורא. עס איז אַן אַלטער מנהג ביי אידען צו פעררופען „פּראָמינענטע“ קריסטען אויף גרונדשטיין־לעגעניש, אויף חנוכת הבית'ן פון שוהלען, אויף אַ ברית מילה, אויף אַ פּדיון הבן, אויף אַ בר מצוה און אויף אַלע רעליגיעזע שמחות. מען שטאַלצירט מיט דעם וואָס דער ערל איז געקומען „צו בעעהרען דעם יודענטהום“. באַלד וועט עס קומען צו דעם, אַז מען וועט פערטהיילען עליות צו „פּראָמינענטע קריסטען“. מען וועט מכבד זיין אַ סיטי מעיאָר מיט שלישי, אַ טשיעף אָוו פּאָלים מיט ששי, אַ באָראָ־פּרעזידענט מיט מפטיר, אַן אַלדערמען מיט הגבה אָדער גלילה — כ'לעבען, עס האַלט שוין דערביי.

אָבער ביי אונז אין בלאָטעטאָון, ווי איך האָב אייך שוין איינ־מאָל געזאָגט, געהען יודענטהום און ריעל עסטייט האַנד אין האַנד. אַז מען מאַכט עפּעס אַ אידישע צערעמאָניע, אַ חנוכת הבית פון אַ שוהל, אָדער אַ סיום התורה, לאַדעט מען איין „פּראָמינענטע קריסטען“, און אויך רעפּאָרטערס פון ענגלישע צייטונגען. און אויף מאָרגען איז דאָ אַ נאָטיץ אין „בלאָטעטאָון וויקלי ריוויו“, און אין דעם בלאָטעטאָונער קאָלום פון די ניו יאָרקער צייטונגען אַז דער האָנאָרייבל סאָ־ענד־סאָ האָט געהאַלטען אַ ספּיטש ביי די אידען אין בלאָטעטאָון, און דאָס איז אַן אַדוועטייזמענט, איך מיין אַן עהרע אי פאַר אידען אי פאַר קריסטען. עס העלפט צו ריעל עסטייט, און עס העלפט צו פּאָליטיקס.

איך וועל אייך יעצט דערצעהלען ווי עס איז צוגעגאַנגען די פּראָבע פון דעם חזן, וואָס מיר האָבען געהאַט לעצטען זונטאָג אין אונזער שטעדטעל. די פּראָבע איז ניט געווען אין שוהל, נור אין הויז פון אונזער פּרעזידענט מיסטער פּיטער פּופּיקאָוויץ. צו דער



Alii̇os

פּ׳ לם

# א חזן אויף פראבע

(דערצעהלט פון חיים דעם קאסטאמער פעדלער)

עס אלול'ט שוין ביי אונז אין בלאטעטאון. די מאסקיטאס מופען שוין ביסלעכווייז, אבוואהל עס כאפען זיך נאך אריין גאנץ הייסע טעג. אין מיין גארטען האבען זיך אנגעהויבען ווייזען טאמיי־טאס און גרינע אוגערקעס. גאט ווייס פון וואנען זיי זיינען געקומען. איך האב גאר קיינמאל ניט געגלויבט אז פון דעם גארטען וועט עפעס ארויס א לייט. די פאר רעטעכלעך וואס זיינען אויסגעוואקסען זיינען שוין לאנג ניטא, און איך האב געמיינט, אז עס איז שוין אויס גארטען. נור גאט איז א גוטער. ער שיקט אן אפט א רעגען, דער רעגען פרישט אב די פלאנצונגען, די זון טהוט די איבריגע ארבייט,און עס שפראצט און עס וואקסט. ס'א כח די ערד האט אין זיך!

אין אונזער קאנגרעגיישאן טעמפעל דזשייקאב איז מען יעצט שטארק פערנומען מיט דער פראגע וועגען א חזן אויף ימים נוראים. אויך אין קלאב, צו וועלכען עס בעלאנגען אלע פראפערטי־האלדערס אין בלאטעטאון, רעדט מען פון דעם. אלע זיינען איינשטימיג אז מען דארף ניט זשאלעווען קיין געלד און קריגען א רעכטען חזן, ווייל א גוטער חזן איז א גוטער אדווערטייזמענט פאר'ן פלאץ, און א שעהנער בעל מוסף קען העלפען „בומען" ריעל־עסטייט. זאלען אלע ווייסען אין און ארום ניו יארק, אז אין בלאטעטאון האט געדא־ווענט א גרויסער חזן און געמאכט א גרויסען סוקסעס. דער האנא־רייבל אלדערמען פאדדי פיטצפאטריק, וועלכער איז דער גרעסטער בילדער ביי אונז אין בלאטעטאון און האט דא א סך ריעל־עסטייט, איז אויך שטארק פעראינטערעסירט אין דער פראגע. מיר האבען שוין געהאט עטליכע חזנים אויף פראבע, אבער זיי האבען ניט אויסגענומען. איינער האט אפילו יא אויסגענומען, אבער דער

— אַי דאָנ'ט וואָנט איי יוד! — האָט אויסגעשריען מיסטער קאַבאַן — מיי ניים איז דזשייק ענד אַי וואָנט איי דזשיי! איהר קענט מיר טשאַרדזשען אַ דאָלאַר מעהר. עס איז אָל־ריים. איך קען עס אפאָרדען.

דער אָקשעניר האָט זיך איבערגעקוקט מיט'ן רעוורענד דאָק־טאָר, און רעוורענד דאָקטאָר האָצמעך האָט בלויז געקוועטשט מיט די פּלייצעס, און ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן.

— סי, היער, אַי עם טאָקינג טו יו! — האָט זיך געווענדעט מיסטער קאַבאַן צו פּרעזידענט פופּיקאָוויץ — יו גיוו מי איי דזשיי ענד טשאַרדזש איט טו מאַי עקאונט. איך נאָט אַי ריזאָין.

— ריזאָין, נאָד דעם איט! — האָט אויסגערופען דער האָנאָ־רייבל אָלדערמען, וועלכער איז אַן אוהב ישראל און נעהמט זיך אָן פאַר אידען.

מיסטער קאַבאַן איז אַרוים אַ צוקאָ־יטער. ער בעלאַנגט ניט מעהר צום טעמפּעל. דעם „יוד" וואָס מיסטער קאַבאַן האָט זיך ענט־זאָגט צו קויפען האָט אָבגעקויפט מיין אידענע פאַר פיער דאָלאַר אָלס אַ ספּעשעל בארגיין. איהר נאָמען איז ציפּע־יענטע. אַ „צ" האָט זי שוין פריהער געקויפט.

נאָך דעם אָקשען האָט די מוזיק געשפּיעלט „האָם סוויט האָם", און אַלע זיינען צוגאַנגען אהיים אין דער העכסטער צופריעדען־הייט, און יעדערער האָט געשייקט הענדס מיט דעם האָנאָרייבל אָלדערמען.

יעס, איך האָב פערגעסען צו דערמאָנען אַז רעוורענד דאָקטאָר האָצמעך און, להבדיל, דער האָנאָרייבל אָלדערמען האָבען געהאַלטען אויסגעצייכענטע רעדען, אין וועלכע זיי האָבען געלויבט די נאָבעלע טהאַט פון די ליידיעס אָקזיליערי סאָסייעטי. זיי זיינען שטאַרק אפּלאָדירט געוואָרען.



דער קעררידזש איז געווען בעציערט מיט דריי פלעגס: א ציון־פלעג, אן אמעריקאנישע און אן איירישע. נאך דעם איז געפאהרען רעוורענד דאקטאר האצמאך מיט דער „רייניגקייט" און נאך איהם זיינען געפאהרען נאך עטליכע קעררידזשעס. דער איבריגער עולם איז געגאנגען צו־פוס, מיט דעם מוזיק בענד פאראויס, ביז מען איז אנגעקומען אין שוהל.

די שוהל איז געווען בעציערט מיט פאהנען און מיט א סך ליכט, וועלכע האבען בעלויכטען אלע לעדיגע לאטס ארום. די רייניגקייט איז געווען אויסגעשפרייט אויף א טיש, אין מיטען פון דעם גרויסען האל, אין אונזער טעמפעל דזשייקאב. ביי דעם טיש זיינען געזעסען א סופר, רעוורענד דאקטאר האצמאך, פרעזידענט פופיקאוויץ, האנארייבעל אלדערמען פאדדי פיטצפאטריק, טים מעק־נעלי דער פלאמבער, און נאך א פאר פראמינענטע קריסטען, וואס זיינען געקומען בעהרען דאס יודענטהום און צו בומען ריעל־עסטייט,ווייל ביי אונז אין בלאטעטאון געהט יודענטהום האנד אין האנד מיט ריעל־עסטייט.

מען האט געהאלטען א רעגעלען אקשען אויף די בוכשטאבען וואס מען האט געדארפט אויספילען אין דער תורה. דער האנארייבל אלדערמען פאדדי פיטצפאטריק האט געקויפט א „פ" פאר פינף דאלאר מיט פינף און זיעבעציג סענט. דאס איז געווען רעדיוסד פון צעהן דאלאר מיט א קוואדער וועלכע פרעזידענט פיטער (פסח) פופיקאוויץ האט פריהער בעצאהלט פאר א „פ". טים מעק־נעלי, דער פלאמבער האט זיך מתקנא געווען און געבעטען מען זאל איהם פערקויפען א „טי", האט דער אקשעניער ניט געוואוסט אויב אן ענגלישער „טי" איז א „ט" אדער א „ת". טים מעק־נעלי האט בע־צאהלט אכט דאלאר און האט בעקומען א „ת".

נאכדעם איז אנגעקומען מיסטער קאבאן, דער ניו יארקער גביר וואס האט ניט לאנג אריינגעמופט אין בלאטעטאון און אויסגע־רופען: „הארדי־אפ, גיט מיר א „דזשיי", מיין אטאמאבילווארט אויף מיר אין דרויסען!" דער אקשעניער איז ווייעדער געווען אין א פערלעגענהייט. „אין דער תורה איז ניטא קיין „דזשיי"," האט ער ערקלעהרט מיסטער קאבאן: „איהר קענט קויפען א יוד".

און איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען — מאָרגען וועט זיין בולבע מיט הערינג.״

א פּאָאר וואָכען בעפאָר דעם סיום התורה איז זי געוואָרען א מעמבערקע פון דער פינאַנס־קאָמיטע. עטליכע טעג בעפאָר דעם גרויסען יום טוב האָט זי אָנגעהויבען צו מאכען גרויסע הכנות. „חיים, זאָגט זי צו מיר לעצטע וואָך, נעכסטען זאָנטאג ביינאכט וועט מען פינדישען די תורה. מען דארף עפּעס איינקויפען. מיר מוזען אויסזעהען לייטיש. מען האָט פּעררופען גאנץ בלאָטעטאָון, און עס איז ניט שעהן צו קומען ווי שנאָרערס. גיב מיר עפּעס געלד וועל איך דיר קויפען א שעהן העמד מיט א נעקטאַי, זאָלסט קענען קומען ווי א לייט.״

פינף טעג האָבען מיר פערבראכט אין הכנות צו דעם סיום התורה. גאנץ בלאָטעטאָון האָט זיך געגרייט אזוי ווי צו א גביר׳שע חתונה.

דער סיום התורה איז טאקע געווען א „גייסטיגער און קערפּער־ליכער פערגניגען״, ווי עס איז געווען אדווערטייזט אין צייטונגען און הענדבילס. א בענד מוזיק איז דאָרט געווען פון אָרפאַן אסיילום און אויך א סך איינגענע מוזיקאַלישע טאַלענטען, פון בלאָטעטאָון גופא, וואָס האָבען געליעפערט סאָלאָס, דועטען און טערצעטען. פּרעזידענט פּופּיקאָוויץ׳ס מיידעלע, וועלכע איז ניט לאנג געוואָרען בר־מצוה, עס הייסט, זי איז „קאָנפאירמד״ געוואָרען, האָט געשפּיעלט אויף דער פּיאַנאָ עפּעס א פיין שטיקעל חזנות. פרעג איך איינעם, א יונגענמאַן: „וואָס שפּיעלט זי?״ ענטפערט ער מיר: „נאָ וועדינג בעלס פאָר מי״, טראכט איך מיר, עס איז א פיינער ניגון, עס פּאסט זיך זעהר צו „היום תאמצנו״.

אָבער לאָמיך איך דערצעהלען כסדר:

צוערשט האָט זיך דאָס ווערטהע פּובליקום, די געעהרטע מעמבערס פון אונזער קאָנגרעגיישען, זיך פערזאמעלט אין הויז פון פּרעזידענט פּופּיקאָוויץ. פון דאָרט האָט מען מיט דער ספר תורה געמאַרטשט נאָך דער שוהל. די פּרעזידענטין פון דער לײדיס אָקזיליערי, מיסעס פּופּיקאָוויץ, איז געפאָהרען אין א קעררידזש מיט איהר מאַן און מיט דעם האָנאָרייבל אָלדערמען פּיטצפּעטריק.

# צו אַ סיום התורה

(דערציילט פון חיים דעם קאַסטאַמער פּעדלער)

אונזער ליידיס אַקזיליערי סאָסייעטי, עס הייסט, דער עזרת נשים פעראיין פון אונזער שוהל „טעמפּעל דזשייקאָב“ האָט אריינ־געגעבען אַ רייניגקייט, און דער סיום התורה איז צוגעגאַנגען מיט גרויס פּאראַד. עס איז געווען אַ „גרענד רעללי“, ווי דער האָנאָרייבעל אַלדערמאַן פּעדדי פּיטצפּאַטריק, וועלכער פערפעהלט קיין אידישע שמחה אין בלאָטעטאָון, האָט זיך אויסגעדריקט.

מיין אידענע איז איינע פון די טהעטיגסטע מעמבערקערס פון דער אַקזיליערי. זי איז געוואָרען אַ מעמבערקע פון די ליידיס אַקזיליערי אַ פּאָאַר וואָכען נאָך אונזער אריינמופען אין בלאָטע־טאָון. זי אַטענדעט אַ רעגעלען מיטינג יעדען מיטוואָך אבענד, און ווייס שוין ווי צו בעטען דאָס וואָרט און מאַכען אַ מאָשען. אַ טשיקאַווע זאַך ווי זי האָט זיך דאָס אַזוי שנעל אויסגעלערנט. אין הויז הערט זי ניט אויף צו רעדען פון פּאַרלאַמענטאַרישע רולס. אָהן די רולס געהט ביי איהר קיין זאַך ניט אָן. זי פיהרט די גאַנצע ווירטהשאַפט מיט פּאַרלאַמענטאַרישע רולס. „חיים, אַ פּאָינט אָוו אָרדער, דו געהסט שוין אוועק צו ביזנעס, טאָ לאָז מיר איבער עטליכע דאָלאַר אויף דער הוצאה.“ אָדער: „חיים, איך מאַך אַ מאָשען אז דו זאָלסט ברענגען פון ניו יאָרק אַ צוויי דאָזען גוטע מילך־הערינג צום איינמאַרענירען“. אָדער אַז איך בעט איהר אמאָל זי זאָל קאָכען בולבע־קניידלעך, ענטפערט זי מיר: „חיים, דאָס איז ניט אויף דער טאַגעס־אָרדנונג; בולבע־קניידלעך קאָך איך מאָנ־טאַג.“ אַז איך האָב געבראַכט די צוויי דאָזען הערינג פון ניו יאָרק, האָב איך זי געבעטען זי זאָל עטליכע הערינג אָבקאָכען מיט בולבעס. די קינדער איז דער פּלאַן געפעלען געוואָרען. דאַן האָט מיין אידענע געזאָגט צו מיר: „חיים, דיין מאָשען איז דורכגעגאַנגען

ז.

אָבגעזאָגט די דאָזיגע ווערטער, טרעט ער אָב פון מיר אויף א שפאַן און וויל שוין אויסקערעווען זיך צו דער טהיר. וואָס טהוט מען דאָ? אוועקגעהן מיט'ן אלטען, גאָט ווייסט וואוהין, פערפאַלען ווערען — ווען טאַטע־מאַמע שטאַרבען. א בן יחיד, פון זיבען איינער געבליבען... בלייבען דאָ און אנשלאָפען ווערען אויף אייביג — הייסט דאָך דאָס איך אליין זאָל שטאַרבען... ציה איך אוים צו איהם ביידע הענד מיט טרערען אין די אויגען: „אליהו הנביא! גוטער, ליעבער, הארציגער אליהו! גיב מיר איין מינוט אויף צו בעטראַכטען זיך!..." דרעהט ער אוים צו מיר דאָס שעהן אלט, געל געקנייטשט פנים, מיט'ן גרייז־גרויען באָרד וואָס ביז די קניע, קוקט אויף מיר מיט זיינע שעהנע, גוטע, ליעבע, געטרייע אויגען און מאַכט צו מיר מיט א שמייכעל: „איין מינוט אויף צו בעטראַכטען זיך גיב איך דיר, מיין קינד, אָבער נישט מעהר ווי איין מינוט..."

און דער אלטעטשקער לעהנט זיך אָן אויף זיין גרויסען, גרויסען שטעקען און וואַרט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פרעגט זיך: וואָס האָב איך בעדאַרפט אין דער מינוט צוטראַכטען אזעלכעס, אז איך זאָל ניט דאַרפען ניט געהן מיט'ן אלטען און ניט אנשלאָפען ווערען אויף אייביג?

אנו, ווער קען טרעפען?...



מאַן. אַ זקן מיט אַ גרייז־גרויער באָרד ביז די קניע. דאָס פּנים אַלט, געל, געקנייטשט, נאָר שעהן און גוט איז דאָס אָהן אַן עק. און אויגען — אַך, אויגען! גוטע ווייכע, פריינדליכע, ליעבע טרייע אויגען. איינגעבויגען, אָנגעלעהנט אויף אַ גרויסען, גרויסען שטעקען מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס, און שאַ! שטיל. אָהן ווערטער. און גליידך צו מיר.

ז.

— נו, אינגעלע, אַריין צו מיר אין זאַק אַריין און קום, — אַזוי זאָגט צו מיר אָט דער אַלטעטשקער און דוקא מיט גוטען. דוקא אַזוי ווייך, אַזוי זיס.

פרעג איך איהם: „וואוהין?“ מאַכט ער צו מיר: „ווערסט שוין נאָכדעם זעהען...“ וויל איך ניט. זאָגט ער נאָך אַמאָל. בעט איך מיך ביי איהם: „ווי קען איך מיט דיר געהן, אַז איך בין אַ נגיד'ס אַ אינגעל?“ זאָגט ער: „און אַז אַ נגיד'ס אַ אינגעל וואָס ביזט דו פאַר אַ מיוחס?“ זאָג איך: „איך בין ביי טאַטע־מאַמע אַ בן־יחיד...“ זאָגט ער: „ביי מיר ביזטו ניט קיין בן־יחיד.“ זאָג איך: „אַ ציטעריגער — פון זיבען איינער געבליבען. זיי וועלען, זאָג איך, דערזעהן אַז איך בין ניטאָ, וועלען זיי דאָס ניט אויסהאַלטען. זיי וועלען שטאַרבען. און דערהויפּט די מאַמע...“ קוקט ער אויף מיר, דער אַלטעטשקער מיט גוטען און מאַכט צו מיר ווייך און זיס ווי פריהער: „געהסט דו ניט מיט מיר, טאָ שלאָף געזונד, נאָר ווער אַנשלאָפען אויף שטענדיג, אויף אייביג...“ הויב איך אָן צו וויינען: „הייסט דאָך עס איך זאָל שטאַרבען? זיי וועלען דאָס ניט אויסהאַלטען — איבערהויפּט די מאַמע...“ „ווילסט דו ניט שטאַרבען, טאָ קום מיט מיר, געזעגען דיך אָב מיט טאַטע־מאַמע און קום...“ „סטייטש, ווי קען איך געהן, אַז איך בין אַ בן־יחיד, פון זיבען איינער געבליבען?“ מאַכט ער צו מיר שוין שטאַרקער: „צום לעצטען מאָל, אינגעלע, קלייב דיר אויס איינס פון די צוויי: אָדער געזעגען דיך אָב מיט טאַטע־מאַמע אויף שטענדיג און קום מיט מיר, אָדער בלייב דאָ, נאָר ווער אַנשלאָפען אויף אייביג, אויף אייביג...“

ד.

דאנקען גאָט. דער טאַטע האָט אָבגעמאַכט קדוש. איך אויך. דער טאַטע האָט אויסגעטרונקען דעם ערשטען כוס. איך אויך, און דוקא אַ פולען כוס. און דוקא ביז'ן דנאָ. „זעה נור, ביז'ן דנאָ!" זאָגט די מאַמע צום טאַטען, און מיר זאָגט זי: „אַ פולען בעכער מיט וויין? וועסט אַנשלאָפען ווערען..." כאַ־כאַ! איך וועל אַנשלאָפען ווערען? איך? און אַז מען זאָל זיצען אַ גאַנצע נאַכט? און אפילו ביז אין ווייסען טאָג אריין? אַנו, פרעג דעם טאַטען ווי אַזוי האָב איך אָבגעקלאַפּט די פיער קשיות? ווי אַזוי זאָג איך די הגדה? ווי אַזוי שאָקעל איך זיך איבער'ן סדור און זינג מיט'ן טאַטען עבדים היינו?... און די מאַמע לאָזט ניט אַראָב קיין אויג פון מיר און שמייכעלט און זאָגט צו מיר: „וועסט אַנשלאָפען ווערען, אַנשלאָפען ווערען..." עך, מאַמע! מאַמע! מיר דאַכט זיך מען זאָל זיין מיט אַכטצעהן קעפּ קען מען פון דעם אַליין אַנ־שלאָפען ווערען. אַנו לאָז מען זיך אָוועקזעצען אייך אַקעגען און זינגען אייך אָהן אויפהער: „אַנשלאָפען ווערען, אַנשלאָפען ווערען."
פערשטעהט זיך, אַז איך בין אַנשלאָפען געוואָרען.

ה.

אַנשלאָפען געוואָרען, חלום'ט זיך מיר, אַז דער טאַטע האַלט שוין ביי „שפוך חמתך". די מאַמע אַליין שטעהט אויף פון טיש, געהט עפענען די טהיר, מקבל פנים זיין אַלי־נביא'ן. שעהן וועט זיין טאָמער קומט טאַקע אַלי־נביא, ווי די מאַמע זאָגט, מיט'ן זאַק אויף די פּלייצעס און זאָגט מיר: „קום, בחור..." און ווער וועט זיין שולדיג אין דעם, אַז ניט די מאַמע אַליין מיט איהר „שלאָף ניט! שלאָף ניט!"?... און אַזוי ווי איך טראַכט מיר די דאָזיגע מחשבות, אַהאַ! הער איך אַ סקריפּ פון דער טהיר. און דער טאַטע שטעהט אויף און רופט אויס אויפ'ן קול: „ברוך הבא!" איך קוק מיך איין צו דער טהיר — יאַ, ס'איז ער. ער געהט. פּאַוואָלינקע. קוים וואָס מען הערט. אַ שעהנער איד אליהו הנביא. אַן אַלטער

נגיד'ס א אינגעל. וואָס קומט מיר אָבער ארוים ? אז איך טאָר ניט ארויסשפּרינגען אין דרויסען — איך וועל זיך פערקיהלען. אז איך טאָר ניט ארומלויפען אין הויף מיט אלע קבצנישע קינדער — איך בין א נגיד'ס א אינגעל. אזעלכע שעהנע מלבושים — ניטאָ פאר וועמען צו בעריהמען זיך. א פולע קעשענע מיט ניס — ניטאָ מיט וועמען צו שפּיעלען.

נישט גוט צו זיין א בן־יחיד, א ציטעריגער, וואָס פון זיעבען איינער געבליבען, און נאָך א נגיד'ס א אינגעל דערצו.

ג.

דער טאַטע האָט אָנגעטהאָן די בעסטע קאַפּאָטע און איז אוועק אין שול — דאַווענען. זאָגט צו מיר די מאַמע : „ווייסט דו וואָס ? לעג דיך צו, שלאָף דיך אויס, וועסטו קענען זיצען ביים סדר, וועסטו פרעגען דעם טאַטען די פיער קשיות". משוגע בין איך ? פאר'ן סדר וועל איך געהן שלאָפען ? „גערענק־זשע, פּסח צום סדר טאָר מען ניט שלאָפען, וואָרים טאָמער חלילה ווערסט דו אנשלאָפען ביים סדר, אזוי קומט אלי־נביא מיט א זאק אויף די פּלייצעס. פּסח ביינאכט געהט ארום אלי־נביא און קוקט ווער סע שלאָפט ביים סדר, דעם נעהמט ער צו אין זאק אריין..." כא־כא ! איך וועל אנשלאָפען ווערען ביים סדר ? איך ? און אז מען זאָל זיצען א גאנצע נאכט ? און אפילו ביז אין ווייסען טאָג אריין ? ווי אזוי איז געווען, מאמע, פאר א יאָהרען ? „פאר א יאָהרען ביזט דו אנ־שלאָפען געוואָרען באלד נאָך קידוש..." פאר וואָס־זשע איז ניט געקומען צו מיר דעמאָלט אליהו הנביא מיט'ן זאק ? „דעמאָלט ביזט דו נאָך געווען א קלייניגקער, היינט ביזט דו א גרויסער. היינט דארפסט דו פרעגען דעם טאַטען די פיער קשיות. היינט דארפסט דו זאָגען מיט'ן טאַטען עבדים היינו. היינט דארפסט דו עסען מיט אונז פיש און יויך און קניידלעך... שא — אָן געהט דער טאַטע פון שול..."

— גוט יום טוב !

— גוט יום טוב !

# אליהו הנביא

(אַ פאַנטאַסטישע געשיכטע מיט אַ רעטעניש לכבוד פּסח, ספּעציעל פאַר קינדער)

### א.

ניט גוט צו זיין אַ בן־יחיד, אַ ציטעריגער ביי טאַטע־מאַמע, „פון זיבען איינער געבליבען". דאָ — ניט שטעה, דאָרט — ניט געה, דאָס — ניט עס, יענעס — ניט טרינק, דעם קאָפּ — דעק צו, דעם האַלז — פערבינד, די הענד — בעהאַלט, די נאָז — שנייץ אויס. אַך, נישט גוט, נישט גוט צו זיין אַ בן־יחיד, און נאָך אַ נגיד'ס אַ איינגעל דערצו. מיין טאַטע איז אַ נגיד. אַ חלפן איז ער. געהט ארום מיט אַ טאַרבע מינץ איבער די קלייטען. בייט זילבער אויף מינץ און מינץ אויף זילבער. זיינען דערפאַר ביי איהם די פינגער תמיד שווארץ און די נעגעל צוטראַסקעט. האָרעוועט האָרעוועט ער אפילו זעהר שטאַרק. אַלע טאָג, אַז ער קומט אַהיים, איז ער אויסגעמיעדט און צובראָכען. „ניטאָ קיין פיס" — קלאָגט ער זיך פאַר דער מאַמע — ניטאָ קיין פיס, קיין סימן פון קיין פיס."

ניטאָ קיין פיס — עס קען זיין. דערפאַר האָט ער אָבער פּרנסה, „פּרנסה בשפע" — אַזוי זאָגען אַלע און אַלע זיינען אונז מקנא וואָס מיר האָבען פּרנסה און נאָך בשפע. די מאַמע איז צופריעדען. איך אויך. „אַ פּסח ביי מיר היינטיגעס יאהר — אויף אַלע אידישע קינדער, רבונו של עולם..." אַזוי זאָגט די מאַמע און דאַנקט גאָט, וואָס מיר האָבען אַזא פּסח. איך אויך. נאָר ווי דערלעבט מען איהם שוין, אָט דעם פּסח?...

### ב.

קוים דערלעבט דעם פּסח, דעם ליעבען טייערען יום טוב פּסח. אויסגעקליידט האָט מען מיך בגדי מלכות, ווי עס פּאַסט פאַר אַ

הצלחה ניט. דאָס הייסט, איך קען מיך ניט בעקלאָגען, דאנקען גאָט, גנב'נען, זאָגט ער, גנב'עט זיך אפילו קיין מעשה ניט, נאָר דער חסרון איז, זאָגט ער, וואָס ניט אַלע מאָל געראָט עס מיר. ניטאָ קיין מזל!..."

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ערשט אז איך בין געזעסען אין באהן האָב איך מיך ארומ־געזעהען, אז איך בין אַ פערדישער קאָפּ. מיט אַ קלייניגקייט האָב איך דאָך דערמאָלט געקענט אויסקויפען דעם דאָזיגען גנב. למאי זאָל איך זיין זיין גואל־הדם? לאָז ער איבערגעהן אויף אנדערע הענד... זייט איהר אפשר אַ בעלן אויף אַ פּאָר ברילּיאנטענע אויערריגגלעך אין גלייכען געלד? וועל איך אייך עפּעס ווייזען. איהר האָט אזעלכע ברילּיאנטען ניט געזעהען אפילו אין חלום!... פּרימאַ שבפּרימאַ!...



איך בין שוין געבליעבען אָהן כחות, ס'איז מיר נמאס געוואָרען די וועלט און איך האָב מיך אוועקגעלעגט ביי זיך אויף דער סטאנציע אויף א בעטעל און טראכט מיר, ווי אזוי מאכט מען אַן עק מיט'ן לעבען? קוילען זיך מיט א מעסער? הענגען זיך אויף א שטריק? אָדער גאָר אריינוואַרפען זיך אין דניעפּער אריין? און אזוי ווי איך ליעג מיר אזוי פערטיעפט אין טרויעריגע מחשבות, הער איך מען קלאַפּט. ווער איז? מען איז געקומען מיך נעהמען אין פּאָליציע. מען האָט געפונען דעם פויגעל מיט'ן סעטשעל, מיט דער גאַנצער סחורה!

* * *

דאַרף איך אייך דערצעהלען, וואָס מיט מיר איז געווען, אז איך האָב דערזעהן מיין סעטשעל מיט מיינע בריליאנטען? איך בין ווידער אמאָל געפאלען אין חלשות. ביי מיר איז א טבע פון חלש'ן. און אז איך בין געקומען צו זיך, געה איך צו צו מיין יונגען־מאַן און רוף מיך אָן צו איהם: „איך פערשטעה ניט, זאָג איך, מאכט מיר קלאָר, איך ווער שיער ניט משוגע. וואָס איז דער שכל, זאָג איך, וואָס אז איהר האָט געפונען מיין סעטשעל, זייט איהר מיר נאָכגעלאָפען ווי א משוגענער און אָבגעגעבען מיר און אפילו ניט געוואָלט נעהמען פאר דער מצוה קיין בעצאָהלטס, און אז איך האָב מיך נאָר אָבגעקערעוועט אויף א ווייילע, געהט איהר און גנב'עט ביי מיר אוועק מיין גוטס, מיין פערמעגען, מיין נשמה?!... איהר האָט דאָך מיר, זאָג איך, שיער אומגליקליך געמאכט! עס איז דאָך מיר אָבגעגאנגען, זאָג איך, א מינוט צום טויט!“... קוקט ער אויף מיר, דער יונגער מאַן הייסט עס, מיט די טיעפע ערנסטע שווארצע אויגען, און מאכט צו מיר גאַנץ געלאַסען: „וואָס געהער זיך אָן — זאָגט ער — דאָס מיט דעם? א מצוה איז זיך א מצוה, און גנב'ענען — דאָס איז מיין פרנסה...“ „יונגערמאַן, זאָג איך צו איהם, ווער, זאָג איך, זייט איהר?“ — „ווער, זאָגט ער, זאָל איך זיין? איך בין, זאָגט ער, נעבעך א איד א גנב און א בעל מטופל מיט קינדער און א גרויסער שלים־מזל'ניק. ב'האָב, זאָגט ער, קיין עין הרע א גאַנץ גרינגע פרנסה, נאָר איך האָב צו מיין פרנסה קיין

פונ׳ם שעהנסטען און פונ׳ם בעסטען, און וויפיעל ער האָט זיך געהייסען געבען, האָב איך מסתמא געהייסען געבען צוויי מאָל אזוי פיעל. און מיר האָבען גוט אויסגעטרונקען און רעכט פערביסען, אזוי ווי גאָט האָט געבאָטען. חלילה ניט אויף אָנצו׳שכור׳ן זיך. א איד איז ניט קיין שכור. נאָר ויהי כטוב לב המלך ביין, זאָג איך צו מיין יונגענמאַן: איהר ווייסט כאָטש, זאָג איך, וואָס איהר האָט מיט מיר געטהאָן? דאָס וואָס איהר האָט מיר מציל געווען אזא פערמעגען, פון דעם, זאָג איך, שמועסט מען ניט. לאָמיר דאָסביידע, זאָג איך, פערמאָגען, וואָס איך בין אויף דער סחורה שולדיג. ס׳איז פריהער גאָט׳ס, זאָג איך, נאָכדעם פרעמדס. איהר האָט מיך פשוט, זאָג איך, דערהאַלטען ביי מיין כבוד און ביי מיין לעבען, וואָרום מיינע קרעדיטאָרען, זאָג איך, ווען איך קום אהיים אָהן דעם דאָזיגען סעטשעל, וואָלטען געווים געמיינט, אז דאָס איז עפּעס א מאַניפאָרגע, וואָס אונזערע לייט יואווועליערען מאַכען אָפטליך. זיי זעצען אָב דאָס ביסעל סחורה און לאָזען ארוים א קלאַנג, אז מען האָט זיי בע׳גנב׳עט. מיר וואָלט, זאָג איך, הערט איהר, אויסגעקומען נאָר קויפען א שטריקעל און אויפהענגען זיך אויף דעם ערשטען בוים. לחיים, זאָג איך, גאָט זאָל אייך ממלא זיין, ווי איהר ווינשט אייך אליין, זאָג איך, און זייט מיר געזונד, זאָג איך, לאָמיר זיך צוקושען, וואָרים מען דאַרף, זאָג איך, פאָהרען." און איך געזעגען מיך אָב און צוצאָהל מיך אין „קאַפּע" און טהו מיך א כאַפּ צו מיין סעטשעל — וואָס מיר סעטשעל? ווער מיר יונגערמאַן? — נישטאָ! — און איך בין געפאַלען אין חלשות.

* * *

געפאַלען חלשות האָט מען מיך געמינטערט. אָבגעמינטערט — בין איך ווידער אמאָל געפאַלען חלשות. און אז מען האָט מיך שוין גוט אָבגעמינטערט, האָב איך ערשט דעמאָלט געמאַכט א געוואַלד, אויפגעהויבען די גאַנצע יעהופּעצ׳ער פּאָליציי אויף די פיס, צוגעזאָגט א פעט שטיקעל, ארומגעלאָפען מיט זיי אין אַלע גוטע ערטער, אויסגעוועזען אַלע מייזען־לעכער, זיך בעקאַנט מיט אַלע וועלט־גנבים — מיין יונגערמאַן איז ווי אין דר׳ערד אריין!

א סעטשעל אין האנד, פונקט אזא סעטשעל ווי מיינס, און זאָגט צו מיר: „אָט האָט איהר פערלוירען !..." א צרה ! א שלאק ! דאָס איז טאַקע מיין סעטשעל ! וואו ? ווען ? ווי אזוי ? אז עס איז בעשערט האָט עס זיך ארויסגעגליטשט ביי מיר פון די הענד און אָט דער יונגערמאַן האָט דאָס אויפגעהויבען און גאָר נישט. וואָס פרעגט איהר ? איך נעהם מיך צו מיין יונגענמאַן, און קוועטש איהם די האנד, איך דאנק איהם : א דאנק אייך ! גאָט זאָל אייך געבען, זאָג איך, געזונד און הצלחה, א דאנק, זאָג איך, און נאָך אמאָל א דאנק." מאַכט ער צו מיר : „ניטאָ פאר וואָס." זאָג איך : „וואָס הייסט ניטאָ פאר וואָס ? איהר האָט דאָך מיך, זאָג איך, ביי מיין לעבען דערהאַלטען. איהר האָט דאָך, זאָג איך, פער־דיענט אזא מצוה, אז די וועלט מיט יענע וועלט איז פאר אייך קארג. זאָגט מיר, זאָג איך, וויפיעל זאָל איך אייך געבען ? זאָגט, שעהמט זיך ניט." און איך וויל מיך א נעהם טהון צו דער קעשענע, מאַכט ער צו מיר, דער יונגערמאַן הייסט עס : „ווי באַלד איהר אליין זאָגט אז ס'איז אזא גרויסע מצוה, זאָגט ער, היינט למאי זאָל איך זי, זאָגט ער, פערקויפען פאר געלד !" דערהערט פון איהם אזעלכע דבורים כאַפּ איך ארום מיין יונגענמאַן און הויב איהם אָן קושען ! „גאָט אליין זאָל אייך, זאָג איך, בעצאָהלען דערפאר, וואָס איהר האָט מיט מיר געטהאָן ! קומט כאָטש אריין מיט מיר, זאָג איך, טרינקען א גלעזעל וויין." „א גלעזעל וויין, זאָגט ער, מהיכא תיתא, פאר וואָס ניט ?" און מיר זעצען זיך אויף ביידע אויף א דראָזשקע, און ווער מיר באהן ? וואָס מיר באהן ? מיר פאָהרען שוין אין „קאַפע" נעהמען אין מויל אריין.

געקומען אין „קאַפע" האָב איך גענומען א בעזונדער קאַבינעט, געהייסען דערלאַנגען פון כל טוב און אוועקגעזעצט זיך מיט'ן יונגענ־מאַן א ביסעל שמועסען. דער דאָזיגער יונגערמאַן, אויסער וואָס ער האָט מיך, קען מען זאָגען, ביי מיין לעבען דערהאַלטען, איז מיר גלאַט געפעלען געוואָרען, א סימפאַטיש פנים מיט טיעפע, שווארצע, ערנסטע אויגען — א יונגערמאַן א גאָלד און דערצו נאָך א שעמעוו־דיגער סכנות — איך האָב איהם געבעטען ער זאָל זיך נור ניט זשעניר עו און זאָל הייסען געבען צום טיש וואָס זיין הארץ געלוסט,

א קונה, וועל איך אייך שוין ווייזען, ווער ס'וועט לייזען געלד, איך צי זיי. פערקויפען ברילאנטען איז א מלאכה, וואס מען דארף קענען. מען דארף וויסען וואס צו ווייזען, און ווי צו ווייזען, און וועמען צו ווייזען. איך דארף מיך פאר אייך ניט אויסשטעלען און בסך הכל האב איך פיינט בעריהמעריי. נור אז איהר וועט א רעד טהון וועגען מיר מיט יואוועליערער, וועלען זיי אייך אלע זאגען, אז מיך קאנקורירען איז ניט גרינג. דארט, וואו אנאנדערער יואוועליערער וועט לייזען א הונדערטער, וועל איך לייזען דריי. איך קען די מלאכה!

הכלל, פאהר איך הייסט עס קיין יעהופעץ. מיטגענומען האב איך מיט זיך לאז זיך אייך דאכטען א היבש ביסעל סחורה, לאמיר דאס אלע פערמאגען, וואס ס'האט אנגעטראפען, כאטש עס איז אריין אט אין דעם דאזיגען סעטשעל. און איך האב מיך אוועק־געזעצט און זיץ. פערשטעהט זיך, אז זיצען זיץ איך אנגעשפארט הארט אויף מיין סעטשעל, טרעט ניט אב פון ארט און פון שלאפען איז אבגערעדט. אז מען פאהרט מיט סחורה, שלאפט מען ניט. מיט יעדען נייעם פארשוין, וואס קומט אריין אין וואגאן אריין, רייסט זיך מיר אב אין הארצען; אפשר איז דאס א גנב! אויף דער נאז שטעהט ניט אנגעשריעבען ביי קיינעם.

גאט האט געהאלפען, אבגעפאהרען א טאג מיט א נאכט, ניט געגעסען, ניט געשלאפען, געקומען קיין יעהופעץ צום גביר, ארויס מיט דער קראם. גערעדט, גערעדט, זיך אנגערעדט ווי א פויק. און ווי דער שטייגער איז, געלייזט א מכה, נישט קיין געלד. די גבירים, איך וויל אויף זיי קיין שלעכטס ניט רעדען, נאר עס מעג אויף זיי קומען א גוטע חלירע. זיי קאכען אוים דאס וואסער. קוקען אן, טאפען איבער יעדער ארטיקעל, שפיגלען זיך, צאצקען זיך, און קומט צו עפעס — א נעכטיגער טאג. מילא, וואס זאל מען טהון? יא געלייזט, ניט געלייזט, מען דארף לויפען ווייטער. טאמער ווייסט איהר וואס וועט מען פערשפעטיגען? גאר ניט, מען לויפט. כאפ איך מסתמא א דראזשקע און לויף צו דער באהן. דערווייל הער איך עמיצער פון הינטען שרייט מיר: „פעטער! פעטער!“ איך קוק מיך אום — א יונגער מאן לויפט מיר נאך, האלט

# ניטאָ קיין מזל

(אַ געשיכטע פון אַ יאָוועליער)

פון גנבים רעדט איהר? גנבים לאָזט מיך. וואו האָט איהר אויף דער וועלט אזוי פיעל גנבות, ווי אין אונזער בראַנש? אַ קלייניגקייט בריליאַנטען? דער יצר הרע פון בריליאַנטען איז דאָך אזוי גרויס, אַז צווישען די קונים גופא זיינען פאַראַן גנבים. און ניט אזוי נאָך צווישען די קונים, ווי צווישען די קונה׳טעס, צווישען די דאַמען. אוי, די דאַמען! מיר קוקען אויף יעדער דאַמע, וואָס מיר קענען זי ניט, מיט זיעבען־און־זיעבציג אויגען, און ניט אזוי גיך גנב׳עט מען ביי אַ יואוועליער סחורה. איך קען מיך בעריהמען, אַז זינט איך בין סוחר און האַנדעל מיט בריליאַנטען, האָט מען מיך נאָך קיינמאָל ניט בע׳גנב׳עט. נאָר אַז ס׳איז בעשערט אַן אונגליק, וועט איהר הערען וואָס עס קען זיך טרעפען.

איך אליין בין סך־הכל ניט קיין יואוועליער. דאָס הייסט אַ יואוועליער בין איך, נור איך פערנעהם מיך ניט מיט יואוועלירעריי. איך בין ניט מעהר ווי אַ סוחר, וואָס האַנדעלט מיט בריליאַנטען. איך קויף און פערקויף בריליאַנטען צום מייסטען אַנגראָ און צום מייסטען אין דער פרעמד אויף די יארידים. אָדער אזוי אַז עס מאַכט זיך ערגעץ אַ קונה, נעם איך מיר מיין סעטשעל, אָט דאָס אָ, אין האַנד, זעץ מיך אויף אויף דער באַהן און פאָהר.

דערוווייל טרעפט זיך אַ מעשה, איך ווער געוואָהר, אַז אין יעהופעץ איז דאָ אַ גביר, מאַכט ער חתונה אַ טאָכטער. און אַ יעהופעצער גביר אַז ער מאַכט חתונה אַ טאָכטער, בעדאַרף ער דאָך מסתמא בריליאַנטען. איז אפילו, אַז מען וויל שמועסען צוריק, איז אין יעהופעץ אויך פאַראַן געננג יואוועלירער, אפשר מעהר ווי מען דאַרף. נור איינס צום אַנדערען קעהר זיך ניט אָן. עס מעג זיך זיין אַכטצעהנטויזענד יואוועלירערס, איהר גיט מיר נאָר אַהער

שכל?" אזוי. פאַר וואָס קומט איהם, אַז איהר מאַמעס נאָמען זאָלען נעהן פריהער?... קומט צוגעהן מיין ברודער מאָטעל פון שוהל און זאָגט, אַז ער האָט איהר אַ נאָמען געגעבען אסתר. זאָגט איהם דער טאַטע: „פּרא אדם! פון וואַנען האָט זיך צו דיר גענומען אַ נאָמען אסתר?" ענטפערט איהם מאָטעל: „האָסט פערגעסען, אַז מיר האָבען באַלד פּורים?... נו, וואָס וועט איהר איהם אַ שטייגער איצטער זאָגען? אַן עק. מען הערט שוין מעהר ניט קיין „פּרא אדם" פון'ם טאַטען. ביידע, אי דער טאַטע אי די מאַמע, קוקען עפּעס מאָדנע איינס אויף דאָס אַנדערע און מען כאַפּט אַ שוויינ.

וואָס האָבען בעדייט דער דאָזיגער קוק און דער דאָזיגער שוויינ — וויים איך ניט. אפשר ווייסט א י ה ר?...



„והעיר שושן נ־בו־כה !..."

נאָר ניט דאָס איז דער עיקר. איהר ווילט דאָך אודאי וויסען, וואָס איז געוועזן דער סוף מטי'ן רבינ'ס טאָכטער אסתר און מיט מיין ברודער מאָטעל? וואָס זאָל זיין? גאָרניט. אסתר האָט חתונה געהאַט. און אלמן האָט זי גענומען. אָך האָט זי געוויינט !... איך בין געוועזן אויף איהר חתונה. וואָס אייגענטליך האָט זי געוויינט — וויים איך ניט. הפנים דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט, אז זי וועט זיך מיט איהר זווג לאַנג ניט עלטערען. און כך הוה. זי האָט אָבגעלעבט מיט איהם אין גאַנצען אַ האַלב יאָהר און איז אוועקגעשטאָרבען. פון וואָס — קען איך אייך ניט זאָגען. איך וויים אליין ניט. קיינער וויים ניט. דער רבי און די רביצין ווייסען אויך ניט. געזאָגט האָט מען, אז זי האָט זיך גע'סם'ט. פשוט גענומען און אליין אוועקגע'סם'ט זיך. נאָר ס'אַ ליגען. „דאָס האָבען שונאים אויסגעטראַכט". אזוי האָב איך געהערט פון דער רביצין אליין.

און מיין ברודער מאָטעל? אָהאָ! ער האָט נאָך פריהער חתונה געהאַט, נאָך איידער אסתר איז אַ כלה געוואָרען, און איז אוועקגעפאָהרען אהין צום שווער. ער איז אָבער גיך געקומען צוריק און דוקא אליין. וואָס איז די מעשה? ער וויל זי גט'ן. זאָגט איהם דער טאַטע: „ביזט אַ פרא אדם!" וויל די מאַמע ניט ליידען. קריעגט מען זיך. ס'איז פרעהליך! פון דעסטוועגען האָט עס ניט געהאָלפען. ער האָט זיך מיט איהר גע'גט און חתונה געהאַט פאַר אַן אנדערע. ער האָט שוין צוויי קינדערלעך אפילו. אַ אינגעלע מיט אַ מיידעלע. הייסט דאָס אינגעלע הערצעל. נאָכ'ן דאָקטאָר הערצעל. און דאָס מיידעל רופט מען אסתר'ל. דער טאַטע האָט אפילו געזאָגט זי זאָל הייסען גיטעל, נאָך זיין מאַמע, די באַבע גיטעל. און די מאַמע האָט געוואָלט, גע'חלש'ט זי זאָל הייסען לאה'צע, נאָך איהר מאַמע, די באָבע לאה. איז אַרויס צווישען טאַטע־מאַמע אַ מחלוקת. אַ גאַנצע נאַכט מיט אַ גאַנצען טאָג האָבען זיי זיך געקריעגט. איז געבליעבען אז דאָס קינד זאָל הייסען לאה־גיטעל, נאָך ביידע מאַמעס. אַן עק. האָט זיך דער טאַטע ארומגעקוקט, ער וויל ניט לאה־גיטעל. „וואָס איז דער

אָבגעפּאַרטיגט זיך מיט'ן רבינ'ס בריעף דאַרף מען שוין אַ קוק טהון אין איין וועגס, וואָס שרייבט זי, דעם רבינ'ס טאָכטער הייסט עס. איך עפען אויף איהר בריעף, פאַלען ניט אַרוים די צוויי קערבלעך? וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאַק! איך לייען איבער — אין גאַנצען צוויי שורות:

„מאָטעל! איך דאַנק דיר פאַר די צוויי קערבלעך. קענסט זיי נעהמען צוריק. אַזאַ שלח מנות פון דיר האָב איך ניט ערוואַרט, קיין מתנות פערלאַנג איך ניט, און קיין נדבה אודאי ניט..."

כאַ־כאַ, וואָס זאָגט איהר דערויף? קיין נדבה פערלאַנגט זי ניט! אַ שעהנע געשיכטע, ווי איך בין אַ אידיש קינד! הכלל וואָס טהוט מען ווייטער? אַן אַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט מסתמא ביידע בריעף צוריסען, און דאָס געלד אַריינגעלעגט אין קעשענע. צוויי פייגען וואָלט ער געבראַכט אַהיים, ניט קיין צוויי קערבלעך. נאָר איך בין ניט אַזעלכער... איך האָב בעסער אָבגעטהאָן. אַ שעהנערע זאַך. וועט איהר הערען. איך האָב זיך מישב געוועזען אַזוי: שכר טרחה האָב איך דאָך פון מיין ברודער מאָטעל שוין בעקומען — הײנט וואָס־זשע דאַרף איך איהם? און איך געה און גיב אָב ביידע בריעף גאָר דעם טאַטען. איך וויל האָרכען, וואָס וועט דער טאַטע זאָגען? ער וועט בעסער פערשטעהן די מגילה ווי מיין רבי, כאָטש דער טאַטע איז אַ טאַטע און דער רבי איז אַ רבי...

## ה.

וואָס עס איז געוועזען אַז דער טאַטע האָט איבערגעלייענט ביידע בריוולעך מיט דער מגילה און האָט אַ נעהם געטהאָן מיין ברודער מאָטעל אויפ'ן צימבעל ער זאָל איהם געבען צו פערשטעהן וואָס דאָ טהוט זיך — פרעגט גאָר ניט. איך זאָל וועלען נאָכטהון מיין ברודער מאָטעל, וואָלט איך בעדאַרפט זאָגען מיט'ן ניגון פון דער אמת'ער מגילה:

אויפ׳ן וועג עפּען איך אויף דעם רבינ׳ס בריעף, דער רבי איז בילכער, שטעהט דאָרט אזוי:

„מיין ליעבער און געטרייער תלמיד מרדכי נ״י! איך דאַנק דיר פיעל מאָל פאַר׳ן שלח מנות וואָס דו האָסט מיר אריינ־געשיקט. פאַר־אַ־יאָהרען האָסטו מיר אריינגעשיקט שלח מנות, טאַקע שלח מנות ממש... היינטיגס יאהר האָסט דו מיר אריינגעשיקט אַ נייעם פּירוש אויף דער מגילה. דאַנק איך דיר פאַר דער מגילה. איך דאַרף דיר אָבער זאָגען, מאַטעל, אַז דער פּירוש דיינער הויבט מיר ניט אָן צו געפעלען. ראשית איז שושן הבירה „די הויפּט־שטאָדט״, ניט ווי דו זאָגסט „אונזער שטעדטעל״. והשנית וואָלט איך וועלען וויסען, וואו שטעהט דאָס, אַז מרדכי איז געוועזן אַ בחור? און פאַר וואָס רופסט דו איהם אַ מאָל מרדכי און אַ מאָל מאַטעל? און פון וואַנען האָסט דו דאָס גענומען אַז „אומן״ איז די טייטש „ליעב געהאַט״? אומן איז די טייטש ערצויגען, פונ׳ם וואָרט „אומן פּדגוג״. און וואָס דו טייטשסט: וימליכה תחת ושתי — געהן אונטער דער חופּה — קומט דאָס שוין אויס גלאַט ווילד אָהן אַ שום טעם. ערשטענס געהט דער „וימליכה״ אויף אחשורוש׳ן, ניט אויף מרדכי׳ן. און צווייטענס איז אין ערגעץ ניט דער־מאָהנט אין דער מגילה, אַז אחשורוש זאָל האָבען געגאַנגען מיט אסתר׳ן צו דער חופּה. אַ קונץ נעהמען אַ פּסוק און פערדרעהען איהם משוגענערווייז? יעדער פּירוש דאַרף זיין מיט אַ גאַנג. פאַר־אַ־יאָהרען און פאַר צוויי יאָהרען האָסט דו מיר אריינ־געשיקט עפּעס אנדערש... היינטיגס יאהר איז דיר געפעלען אריינשיקען דעם רבי׳ן אַ פּירוש אויף דער מגילה, און נאָך אַ פערדרעהטען פּירוש דערצו ווּפנקףצנקףצנקףצנקףייזפּחכף אזוי צו זיין. לכן שיק איך דיר אָב דיין מגילה צוריק און לאָז דיר גאָט געבען אַ גוט יאהר, ווי עס ווינשט דיר דיין רבי...״

אָט דאָס הייסט געריבען אַ מאָרדע! אַ מצוה אויף מיין ברודער; ער וועט שוין מעהר אזעלכע מגילות ניט שרייבען, מיין איך.

ד.

— אַ גוט יום טוב אייך, רבי! — פאַל איך אריין אין חדר מיט אַן אימפּעט, אַז דער רבי טהוט זיך אַזש אַ וואָרף — מיין ברודער האָט אייך געשיקט שלח מנות און געווינשעוועט אייך איהר זאָלט דערלעבען איבער אַ יאהר!

און איך גהע און גיב אַוועק דעם רבי׳ן די מגילה. מיין רבי עפענט אויף די מגילה, קוקט און טאַפּט און זוכט און דרעהט די מגילה אויף אַלע זייטען. הפּנים ער זוכט עפּעס נאָך. „זוך, זוך, רבי — טראַכט איך מיר — וועסט דאָרט עפּעס געפינען...“

און מיין רבי טהוט אָן די זילבערנע ברילען, לייענט דורך די מגילה און — איהר זאָלט זאָגען, אַז ער זאָל זיך אפילו פערקרימען. נאָר אַ זיפץ געטהאָן, גיט מעהר. נאָכדעם מאַכט ער צו מיר: „וואַרט אויס, אָט וועל איך אָנשרייבען אַ פּאָר ווערטער.“ און ער נעהמט אַ טינט און פען און זעצט זיך אַוועק שרייבען „אַ פּאָר ווערטער“... איך טהו מיך דערווייל אַ דרעה ארום איבער׳ן חדר, נעהם ביי דער רביצין אַ לעקעכעל מיט אַ פּלעדעל און בני ביה, אַז קיינער זעהט ניט, טהו איך אַ גיב איבער אסתר׳ן אין האַנד אריין דעם רבינ׳ס שיר מיט׳ן שלוח מנות. ווערט זי רויטליך, בעהאַלט זיך אין אַ ווינקעלע, עפענט אויף פּאַוואָלינקע דאָס בריוועל און ווערט אָנגעצונדען ווי אַ ליכט, און די אויגען ברענען — סכנות נפשות! „הפּנים ניט צופריעדען מיט׳ן שלוח מנות“ — טראַכט איך זיך און גהע צו צום רבין. גיט ער מיר די „פּאָר ווערטער“, וואָס ער האָט אָנגעשריבען.

— אַ גוטען יום טוב אייך, רבי! — זאָג איך מיט׳ן אייגענעם אימפּעט וואָס ביים ארייננקומען — דערלעבט איבער אַ יאהר! — און איך לאָז מיך אהיים.

שוין אַז איך בין געווען אויף יענער זייט טהיר, לויפט מיר נאָך אסתר מיט רויטע פערווייינטע אויגען:

„נאַ — זאָגט זי מיר מיט כעס — אָט דאָס וועסטו אָבגעבען דיין ברודער!“

וועל דאָך זיי דערמיט ניט אָבבייסען...״ און איך עפען אויף דאָס בריוועל, וואָס צו אסתר׳ן, און איך לייען איבער א גאַנצע מגילה. טאַקע מיט׳ן לשון פון דער מגילה. ווער איהר הערען. איך גיב אייך איבער וואָרט אין וואָרט:

„פון מרדכי׳ן צו אסתר׳ן.

איש — א מענש. יהודי — א בחור. היה — איז גע־ווען. בשושן הבירה — ביי אונז אין שטעדטעל. ושמו מרדכי — און זיין נאָמען איז מרדכי. ויהי אומן — האָט ער ליעב געהאַט. את הדסה — דאָס הדס׳ל. היא אסתר — דאָס איז אסתר. והנערה — און דאָס מיידעל, יפת — איז א שעהנע, תואר — א קראַסאַוויצע. ותיטב הנערה — און דאָס מיידעל איז איהם געפעלען. לא הגידה אסתר — אסתר זאָגט ניט אויס, כי מרדכי צוה עליה — מאָטעל האָט איהר אָנגעזאָגט. ובכל יום ויום — אַלע טאָג, מרדכי מתהלך — געהט מרדכי פאַרביי, לדעת שלום אסתר — כאַפּען א קוק אויף אסתר׳ן. ובהגיע תור אסתר — און אז עס וועט קומען די צייט פון אסתר׳ן, בת אביחיל — זי וועט דאַרפען חתונה האָבען, ותלקח אסתר — וועט ער נעהמען אסתר׳ן, וימליכה — און וועט מיט איהר געהן תחת ושתי — אונטער דער חופּה...״

וואָס זאָגט איהר אויף מיין ברודער ווי ער האָט דאָס אויס־געטייטשט די מגילה? איך וואָלט א בעלן געווען הערכען, וואָס וואָלט למשל דער רבי זאָגען אויף אַזאַ מין פּירוש? נאָר ווי קומט די קאַץ איבער׳ן וואַסער? שאַ! ס׳איז דאָ אַן עצה, ווי איך בין א איד! איך וועל איבערדרעהען די יוצרות: דעם רבינ׳ס שיר וועל איך אַוועקגעבען אסתר׳ן, און אסתר׳ס מגילה וועל איך אַוועקגעבען דעם רבין. לאָז ער זיך קוויקען. אי ס׳וועט נאָכדעם ווערען א חתונה? וואָס בין איך שולדיג? טרעפט זיך דען ניט א מענש האָט א מאָל א טעות? למאי דער בריעפטרעגער פון דער פּאָסט מאַכט זיך דען ניט אז ער גיט ניט אָב קיין בריעף? ביי מיר וועט זיך אַזאַ זאַך קיין מאָל ניט טרעפען. איך בין ניט אַזעלכער...

נאָר „פּרא אדם“. קען דאָס די מאַמע ניט ליידען: „וואָס פאַר א תנועה א בחור צו לייטען, שוין באַלד א חתן, רופען פּרא אדם?“... זאָגט איהר דער טאַטע: „אז ער איז פּאַרט א פּרא אדם?!“... קריעגען זיי זיך. איך ווייס ניט ווי אזוי אַנדערע טאַטע־מאַמעס. מיינע טאַטע־מאַמע האַלטען אין איין קריעגען זיך. טאָג ווי נאַכט, טאָג ווי נאַכט נאָר מען קריעגט זיך. איך זאָל אייך דערצעהלען ווי אזוי מיין טאַטע־מאַמע קריעגען זיך וואָלט איהר זיך האַלטען ביי די זייטען. נאָר איך בין ניט אזעלכער...

הכלל לערענט שוין מיין ברודער מאָטעל מעהר ניִשט אין חדר. פון דעסטוועגען פערגעסט ער ניט דעם רבין שיקען אַלע פּורים שלח מנות. פּאַרט געוועזען א מאָל א תלמיד. שיקט ער איהם א שעהנעם שיר געשריבען לשון קודש, מיט א מגן דוד אויסגעמאָהלט, מיט צוויי פּאַפּירענע קערבלעך א מתנה. מיט וועמען שיקט מען א רבין אזא מין שלח מנות? פערשטעהט זיך מיט מיר. „נאַ דיר, — זאָגט צו מיר מיין ברודער מאָטעל — טראָג אָב דעם רבין שלח מנות, און אז וועסט קומען צוריק וועל איך דיר געבען צעהן גראָשען.“ נאָר וואָס דען? איך וויל, זאָג איך, די מטבע באַלד. זאָגט מיר מיין ברודער, אז איך בין א שייגעץ. „עס קען זיין אז איך בין א שייגעץ, נאָר איך וויל זיך זעהן, זאָג איך, מיט געלד.“ ווי מיינט איהר, ווער האָט אויסגעפיהרט?

בעצאָהלט מיר די צוגעזאָגטע צעהן גראָשען, גיט ער מיר דעם רבינ'ס שלח מנות, א פער'חתמ'עט בריוועל, און אז איך האַלט שוין ביים אַוועקגאַנג, רוקט ער מיר אריין אין האַנד אריין נאָך א בריוועל און מאַכט צו מיר שטיל און גיך: „און דאָס וועסט דו אָבגעבען אסתר'ן...“ „אסתר'ן?“ „אסתר'ן“. אַנאַנדערער אויף מיין אָרט וואָלט זיך געווים הייסען בעצאָהלען פאַר אזא זאַך צוויי מאָל אזוי פיעל. נאָר איך בין ניט אזעלכער...

## ג.

„רבונו של עולם! —טראַכט איך מיר געהענדיג מיט'ן שלח מנות— וואָס קען מיין ברודער אזעלכעס שרייבען צו מיין רבי'נס טאָכטער? מען דאַרף אומיסנע א קוק טהון. מעהר ניט נור א קוק טהון. איך

און אַ מאָל מאַכט זיך אַז מיר, חדר־אינגלעך, שפּיעלען נאָר אין „קוציבאַבע". ווייסט איהר ניט וואָס דאָס הייסט „קוצי־באַבע"? אָט וועל איך אייך זאָגען וואָס דאָס איז. מען נעהמט אייך און מען פערבינדט אייך די אויגען מיט אַ פאַטשיילע. מען שטעלט אייך אוועק אין מיטען שטוב און אַלע דרעהען זיך אַרום אייך און מען זאָגט אייך: „גער־גער־גער, כאַפּ מיך!"

מאָטעל און אסתר שפּיעלען אויך מיט אונז. „קוציבאַבע", זאָגען זיי, געפעלט זיי. איך ווייס פאַר וואָס עס געפעלט זיי. וואָרום אַז זיי שפּיעלען מיט אונז אין „קוציבאַבע" האַלטען זיי אין איין יאָגען זיך און אין איין כאַפּען זיך. ער זי און זי איהם.

און נאָך אַ סך סמנים האָב איך, וואָס איך וואָלט געקענט דערצעהלען. נאָר איך בין ניט אַזעלכער...

איין מאָל האָב איך זיי געכאַפּט, ווי זיי האָבען זיך געהאַל־טען ביי די הענד. ער זי און זי איהם. דוקא ניט שבת, דוקא אין אַ וואָכעדיגען טאָג. פאַר־נאַכטליך איז דאָס געוועזן. בין מנחה למעריב. ער איז כלומרשט געגאַנגען אין שוהל אריין. פער־בלאָנדזשעט צו אונז אין חדר. „וואו איז דער רבי?" „דער רבי איז ניטאָ". און ער גיט איהר די האַנד, אסתר'ן הייסט עס. שטעה איך און קוק. נעהמט זי צו איהר האַנד. גיט ער מיר אַ גראָשען איך זאָל קיינעם ניט דערצעהלען. זאָג איך — צוויי. גיט ער מיר צוויי. זאָג איך — דריי. גיט ער מיר דריי. איהר מיינט וואָס! ווען איך זאָל זאָגען פיער, וואָלט ער מיר געגעבען פיער, און פינף, און זעקס. נאָר איך בין ניט אַזעלכער...

נאָך איין מאָל האָט זיך געטראָפען אַ מעשה... נאָר גענוג מעשות. לאָם איך אייך בעסער דערצעהלען די רעכטע מעשה, וואָס כ'האָב אייך צוגעזאָגט.

## ב.

מיין ברודער מאָטעל, ווי כ'האָב אייך געזאָגט, איז שוין אַ גרויסער. אין חדר אריין לערנען געהט ער שוין מעהר ניט. אין דער היים לערנען וויל ער אויך ניט. רופט איהם דערפאַר דער טאַטע „פּרא אדם". קיין אנדער נאָמען האָט ער ניט פאַר איהם,

# אסתר

## (דערצעהלט לכבוד פורים)

נישט קיין מעשה פון חדר, נישט פונ׳ם רבי׳ן און פון דער רבי׳צין
וויל איך אייך דערצעהלען אט דא. איך האב אייך שוין פון דעם
גענוג דערצעהלט. אפשר וועט מיר זיין ערלויבט איצטיגס
מאל, לכבוד פורים, צו דערצעהלען אייך א
מעשה פונ׳ם רבי׳נס טאכטער אסתר.

### א.

אויב אסתר המלכה פון דער מגילה איז געוועזן אזא יפת תואר ווי די אסתר, וואס איך געה אייך דערצעהלען דא, איז גאר קיין חידוש ניט וואס זי האט אזוי אויסגענומען ביים קעניג אחשורש. די אסתר וואס איך געה אייך דערצעהלען דא האט אויך אויס־גענומען ביי אלעמען. אלע האבען זי ליעב געהאט. אלע, אלע. אפילו איך. און אפילו מיין עלטערער ברודער מאטעל, כאטש ער איז שוין לאנג בר מצוה, און מען רעדט איהם שוין לאנג שידוכים, און ער טראגט שוין לאנג א זייגער מיט א קייטעל. (אויב איך האב קיין טעות ניט, האט זיך איהם שוין דעמאלט געשיט א בערדעל אויך). און אז מיין עלטערער ברודער מאטעל האט זי ליעב געהאט — פרעגט מיך. איך וועל אייך זאגען אקוראט. ער מיינט, איך וויים ניט אז דאס וואס ער געהט אלע שבת בייטאג אין חדר אריין, כלומרשט לערנען פרק מיט׳ן רבי׳ן, איז א נעכטיגער טאג. דער רבי כראפעט אויף וואס די וועלט שטעהט. די רביצין שמועסט מיט די ווייבער אין דרויסען אויף דער פריזבע. און מיר, חדר־אינגלעך, שפיעלען אין „מם שין היי". און מאטעל מיט אסתר׳קען קוקען מיט אויגען. ער אויף איהר און זי אויף איהם.

ס'איז דאָס אויך ניט ווערטה, ווארום איך זאָל גלאַט זיצען אין דער הוים און גאָר ניט טהון, און דער קאָפּ זאָל ניט דרעהען, און דער מח זאָל ניט דארען, און ס'זאָל מיר זיין באַשערט, וואָלט איך סאַי ווי סאַי געזונד געוואָרען — הײנט וואָס איז מיר אִ י ט אַ ל י אַ?

גאנגען דאָס דריטע יאָהר — מיין שניידער איז ניטאָ. איך וואַרט א וואָך, איך וואַרט צוויי — ניטאָ. וואָס איז די מעשה? געה איך אוועק צו מיין שניידער: „רב חיים, פאַר וואָס זיינט איהר ניט געקומען, זאָג איך, נאָכ'ן דריטען הונדערטער?" מאַכט ער צו מיר: „עס קומט מיר ניט". „וואָס איז דער שכל?" „דער שכל", זאָגט ער, „איז א פּראָסטער שכל. אונזער שניידעריי, זאָגט ער, בעשטעהט פון דריי פּונקטען: א שניידער, זאָגט ער, דאַרף קענען ע ר ש ט ע נ ס די מלאכה. צ ו ו י י ט ע נ ס דאַרף ער, זאָגט ער, קענען ארונטערנעהמען א מאָל א שטיקעל „יתור", אז עס בלייבט איבער. ווילט איהר דאָס, זאָגט ער, אָנרופען „גנבה", רופט דאָס אָן ווי איהר ווילט. און ד ר י ט ע נ ס, זאָגט ער, דאַרף א שניידער קענען אויסטרינקען, נעהמען הייסט עס א מאָל אונטער א יום טוב א ביסעל בראַנפען. איז אויף צ ו ו י י פּונקטען אייער זוהן, זאָגט ער, א פאַרטיגער בעל מלאכה. דאָס הייסט, ער איז נישקשה פון א גנב; און מיט א ביסעל בראַנפען וועט ער זיך, זאָגט ער, אויסגלייכען מיט אַלע שיכורים. נאָר א בעל מלאכה — דאָס, זאָגט ער, וועט ער ניט זייי ווייל ער וועט לעבען. היינט פאַר וואָס קומט מיר א הונדערטער?"

אויסגעהערט די מעשה מאַכט צו מיר דער דאָקטאָר: „אַקעגען וואָס־זשע, הייסט עס, איז דאָס געקומען צו רייד?..." „אַקעגען דעם, זאָג איך, וואָס אייער מלאכה, זאָג איך, דאָקטאָריע, הייסט עס, בעשטעהט, ווי יעדער מלאכה, אויך פון דריי פּונקטען: מען דאַרף זיין, ע ר ש ט ע נ ס, א גוטער דאָקטאָר. צ ו ו י י ט ע נ ס, דאַרף מען זיין א מענש מיט יושר. און ד ר י ט ע נ ס, זאָג איך, דאַרף א דאָקטאָר קענען מאַכען געלד. וועלכער פּונקט פון די ע ר ש ט ע צ ו ו י י פּונקטען עס וועגט ביי אייך אריבער — דאָס, זאָג איך, ווייס איך ניט. נאָר וואָס פאַר א דאָקטאָר איהר זיינט, זאָג איך, אויף חשבונות מאַכען — אויף מיר אזא יאָהר. און איצטער, זאָג איך, אייער סחורה, מיין געלד, לאָמיר זיך דינגען..."

פערשטעהט זיך, אזוי פיעל מכות פּאָניען, וויפיעל איך האָב אָבגעריסען ביי איהם מעהר ווי צוויי דריטעל. נאָר, גלויבט מיר,

פאָהרען אהיים. קום איך צוגעהן צום דאָקטאָר: „אזוי און אזוי, הערר דאָקטאָר, איך פאָהר אהיים". זאָגט ער: „געזונטערהייד". זאָג איך: „נו? און מכח דעם רעכענונג? מען דארף דאָך צוצאָהלען זיך מיט אייך אויך, צי ניין?..." קוקט ער אויף מיר דורך די ברילען, האַלט די הענד אין די קעשענעס, און מאכט צו מיר: „נו?" ווי איי־נער רעדט: „אין וועמען איז דען די מניעה?" רוף איך מיך אָן צו איהם: „האָט קיין פאראיבעל ניט, הערר דאָקטאָר, איידער מיר וועלען זיך צורעכענען, וואָלט איך אייך דערצעהלט פריהער א מעשה, אויב איהר האָט צייט"... מאכט ער צו מיר: „קיין צייט האָב איך ניט, נאָר אויב ניט קיין לאנגע, דערצעהלט." זעץ איך זיך אוועק און דערצעהל איהם די מעשה:

„ווי איהר זעהט מיך," זאָג איך, „בין איך א איד, דאנקען גאָט, אזוי זיך. און קינדער, דאנקען גאָט, האָב איך אויך, פינף זאָלען גע־זונד זיין. פינף זיהן. זיינען פיער פון זיי דוקא וואוילע קינדער, געראָטענע, נאָר איינער, ניט פאר אייך געדאכט — א דער רוח ווייסט וואָס. נישט געוואָלט לערנען — נישט א לעק. א שלעכט קינד. גע'הרג'עט, גע'ממית'ט. געוואָלט ארויסשלאָגען דעם עקשן — איז ניט מיט גוטען, ניט מיט בייזען. א שלעכט קינד. וואָס טהוט מען? זאָגט צו מיר מיינע: „מאך איהם פאר א בעל מלאכה." „א בעל מלאכה? משוגע מיינע שונאים!" „וואָס־זשע, אז דו וועסט איהם דער'הרג'ענען וועט זיין בעסער?" אהין־אהער, איך זעה, זי איז גערעכט. געה איך און גיב איהם אָפּ צו א בעל־מלאכה, צום בעסטען שניידער, און בעדינג זיך מיט איהם אויף דריי יאָהר פאר דריי הונדערטער: „נאט אייך איהם, דעם תכשיט, און מאכט מיר איהם פאר א בעל מלאכה..." און איך האָב מיך צושריבען מיט'ן דאָזיגען שניידער בפירוש, אז אין א משך פון דריי יאָהר דארף ער איהם מאכען פאר א פארטיגען בעל מלאכה און איך דארף איהם איינצאָהלען דערפאר דריי הונדערטער, אלע יאָהר א הונדערטער. אוועקגעגאנגען דאָס ערשטע יאָהר — מיין שניידער איז געקומען, אָפּגענומען דעם ערשטען הונדערטער, זיך צושריבען. פיין. אוועק־געאנגען דאָס אנדערע יאָהר, מיין שניידער איז געקומען, אָפּגענו־מען דעם אנדערען הונדערטער, זיך צושריעבען. פיין. אוועקגע־

דאָס נעכטיגע איינשפּריצעכץ. אַזוי דאַרף מען פערשטעהן. און הייסט מיר קומען מאָרגען, וועט ער מיר ווידער אַמאָל אַריינ־שפּריצען. פרעג איך איהם: „וואָס קומט אייך?“ זאָגט ער: „שפּעטער“. שפּעטער איז שפּעטער. און אַזוי אַ טאָג איבער אַ טאָג, אַלע מאָל די אייגענע חכמה: איין טאָג אַריינגעשפּריצט, דעם אַנדע־רען טאָג איינגעריבען דאָס אַריינשפּריצעכץ. איז מיר באַלד ניט געפעלען דער שווינדעל. ממה נפשך, ווילסטו מיך שמייסען מיט צוויי ריטער — שמייס. צו וואָס דאַרפסטו נאָך ציהען? וואו שטעהט דאָס אַז אויף אַריינשפּריצען דאַרף מען אַ בעזונדערען טאָג? — דאַכט זיך מיר אַז ס'איז גלייכערביידע זאַכען אינאיינעם. דער שכל איז דאָך מתחייב: אָט האָב איך דיר אַריינגעשפּריצט, אָט האָב איך עס דיר איינגעריבען. אלא וואָס דען? צערעמאָניע? דאַרפען מיר לערנען דעם פּשט אַז דו ווילסט צאַפּען? צאַפּ! אי אפשר צאַפּט זיך גאַרנישט? טאָמער איז ניטאָ פון וואַנען? דו קאָנסט מיך? דו ווייסט מיך? ביזט געוועזען ביי מיר אין קעשענע? האָסט געצעהלט מיין געלד?

כך הוה, ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ חודש, שיקט ער מיר אַריין דורך דער פּאָסט אַ רעכענונג. איז מיר פינסטער געוואָרען אין די אויגען. פאַר יעדער איינשפּריצעכטס הייסט ער זיך בעצאָהלען 10 פראַנקען. (דאָרט צאָהלען זיי געלד אויף די פראַנקען). און פאַר יעדען איינרייבען דאָס איינשפּריצעכטס פינף פראַנקען. נישקשה פון אַ רעכענונג! פון אַזאַ מין קוראַציע קען מען טאַקע געהן אין גאָלד! האָב איך זיך מישב געוועזען — וואָס טהוט מען? דינגען זיך מיט איהם? — דאָס וועל איך צייט האָבען שפּעטער. אַז מאָהנען מאָהנט ער ניט, דער חכם, היינט צו וואָס זאָל איך מיך כאַפּען? געה איך צו איהם, ווי איך בין געגאַנגען, אַ טאָג איבער אַ טאָג, און ער שפּריצט. איך געה און ער שפּריצט. און אָט אַזוי איז אַוועק דער ווינטער, אָקערשט ווי מען זעהט ניט איז פּסח. צייט קלעהרען מכח פאָהרען אַהיים. ובפרט אַז אין געזונד, דאַנק גאָט, פיהל איך מיך אויך נישקשה'דיג. מען קען זאָגען — למאי זאָל איך לייקענען? — הלואי ווייטער ניט ערגער, בעסער האָט קיין שיעור ניט. דאַרף מען, הייסט עס, אפנים זיך אָפּגעזעגענען מיט'ן קלוגען דאָקטאָר און אָפּ־

רים, אַז לופט צו לופט איז ניט גלייך. די לופט, זאָגען זיי, וואָס שמעקט מיט בשמים, היילט. אַזוי זאָגען זיי, די דאָקטוירים הייסט עס. נאָר מאַלע וואָס דאָקטוירים זאָגען. למאי זיי זאָגען אַז דער ים ציהט ארוים אַלע שלאָפקייטען. איך וועל אייך ניט זאָגען: אפשר ציהט ער ביי אימיצען ארוים שלאָפקייטען. ביי מיר ווייס איך אַז ער האָט ארויסגעצויגען וואו איך האָב געהאַט ערגעץ אַ גראָשען, אָט דער דאָזיגער ים! און ניט אַזוי דער ים, ווי די דאָקטוירים. מיר האָט גאָט צוגעשיקט אַ דאָקטאָר, וואָס זאָל איך אייך זאָגען? — גר־נו! דאָס הייסט אַזוי איז ער אפילו אַ גאַנץ ליעבליכער מענש, דוקא אַ איד. און נאָך וואָס'ער אַ איד! רעדט אידיש, ווי איך מיט אייך, און אַזוי זיס, אַזוי קוגעלדיג, שטרודעלדיג, צימעסדיג — נאָר אַ מחיה. נאָר געלד קען ער צאַפּען, אוי צאַפּט דאָס! מאַלט אייך וואָס ביי מיר וועט מען שוין אָנצאַפּען! געטראָפּען דאָס אָרט! איך האָב מיך מישב געווען, הערט איהר, און האָב מיך געלאָזט פיהרען ביז דער לעצטער מינוט. איך האָב באַלד ארויסגעזעהן, מיט וועמען איך האָב צו טהאָן .נאָר איך האָב מיך געמאַכט ניט וויסענדיג, ווילסט צאַפּען — צאַפּ. תחילת הערט ער מיך אויס, פרעגט מיך אויס, טאַפּט מיך אויס, מיט העמערלעך און מיט קלעפּערלעך, מיט טרייב־לעך און מיט רעהרלעך, און הייסט מיר קומען מאָרגען. פרעג איך איהם: „האָט קיין פעראיבעל ניט, הערר דאָקטאָר, איך ווייס ניט הינגע מנהגים, וואָס וועט אַ י י ך קומען פאַר'ן וויזיט?“ קוקט ער אויף מיר דורך די ברילען, האַלט די הענד אין די קעשענעס און מאַכט צו מיר: „דאָס וועט זיין שפּעטער...“ טראַכט איך מיר: „געפּועל'ט. ווילסט שפּעטער, איז שפּעטער...“ איך קום צוגעהן מאָרגען — ווידער אַמאָל דאָס אייגענע — אויסגעהערט, אויסגע־טאַפּט און אויסגעקלאַפּט — און הייסט מיר קומען איבער־מאָרגען, וועט ער מיר אריינשפּריצען. פרעג איך איהם: „האָט קיין פער־איבעל ניט, הערר דאָקטאָר, וואָס קומט אייך?“ זאָגט ער: „שפּע־טער“. שפּעטער איז שפּעטער. קום איך צוגעהן איבער־מאָרגען, שפּריצט ער מיר אריין און הייסט מיר קומען מאָרגען, וועט ער מיר מאַכען מאַסאַזש. קום איך צוגעהן מאָרגען, ער זאָל מיר מאַכען מאַסאַזש, מאַכט ער מיר מאַסאַזש, דאָס הייסט ער רייבט מיר איין

# איטאַליאַ

וואָס איז אַזעלכעס „איטאַליאַ“ — זאָלט איהר מיך ניט פרעגען. אַזוי ווי איך האָב פון דעם קיינמאָל ניט געוואוסט, אַזוי זאָלט איהר דערפון ניט וויסען. און הלואי וואָלט איך אויך דערפון ניט געוואוסט. קורץ, איהר ווילט וויסען וואָס הייסט „איטאַליאַ“? מיט וואָס עסט מען דאָס? — וועל איך אייך זאָגען אין דריי ווערטער: „זשיד דאַוואַי הראָשי!“ איטאַליאַ — דאָס איז אַזאַ מין ערטעל, וואָס דאָקטוירים האָבען אויסגעטראַכט אויף צו פרעסען געלד ביים עולם. דער הימעל איז דער אייגענער הימעל, וואָס ביי אונז. די זון איז אויך די זעלביגע. נאָר דער ים דאָקוטשעט סכנות! ער רוישט, וואַרפט זיך, דולט אַ ספּאָדיק — און איהר האַלט אין איין צאָהלען געלד. פאַר וואָס געלד? פאַר גאָר ניט. גאָלע גאָרנישט. אָט דערפאַר וואָס דו ביזט אַזאַ בהמה און האָסט זיך געלאָזען איינ־רעדען „איטאַליאַ“ — צאָהל געלד. און איהר צאָהלט. ווארים אדרבה, זייט אַ בריה און צאָהלט ניט. איהר מיינט מען קריעגט זיך מיט אייך? זידלעריייען? בזיונות? חלילה! דוקא מיט גוטען. קושענדיג נעהמט מען ביי אייך ארויס די נשמה. איין מעלה האָט יאָ דאָס דאָזיגע „איטאַליאַ“ — דעם אמת קען מען ניט אָבלייקענען — ס'איז דאָרטען ווארים. און אַז ס'איז ווארים, זאָגט מען, הוסט זיך ווייניגער. און ווארים איז דאָרט שטענדיג, אַ גאַנץ קיילעכיג יאָהר. סיי זומער סיי ווינטער. איהר מיינט וואָס איז דער שכל? אַ פּראָסטער שכל: די זון ווארימט איז ווארים. בכן איז וואָס? אַז מען הייצט גוט אויס, איז אויך ניט קאַלט. זאָגען זיי אָבער „לופט“. אמת די לופט איז ניט קיין שלעכטע לופט. סע שמעקט ניט שלעכט. ווי מיט בשמים. ניט די לופט שמעקט, די מאַראַנצען שמעקען. עס וואַקסען דאָרט מאַראַנצען. ווייס איך ניט צי מען דאַרף פאָהרען צוליעב דעם אַזש אַהין. לופט איז דאַכט זיך פאַראַן אומעדום און מאַראַנצען קען מען קויפען ביי אונז אויך. זאָגען אָבער די דאָקטוי־

טעלסטווע״ שווארץ אויף ווייס. בפירוש פערשריעבען אין בראַצקי׳ס שול ביי די שניידערס אן „אַבראַדטשיק״... „כאַראַשאַ, זאָגען זיי צו מיר, גאָספּאָדין אַבראַדטשיק, דו געה דיר דערווייל אהיים עסען קוגעל. מיר וועלען דיר שוין בעווייזען ווי אזוי צו האלטען ביי זיך קאָנטראַבאנדאַ אויף דער מאלאָוואסילקאָווסקי!״ אָט האָסטו דיר מיט א פרישען קוילעטש, הייסט עס, אין פנים אריין, כאַ־כאַ...

זאָל איך אייך דערצעהלען ווייטער? מילא פון קאָנסולים איז דאָך שוין אָבגערעדט. ווער האָט אין זינען געהאַט א קאָנסולים, אז מען האָט נאָר בעדארפט ראַטעווען דעם שוואָגער. פון וואָס מיינט איהר ראַטעווען? פון עטאַפּ? חלילה! דאָס האָט ניט געהאָלפען. מיט׳ן עטאַפּ איז ער געגאנגען. נאָך א מין געהן, מיט אַלע גנבים... איידער מיר האָבען איהם דערלעבט זעהן אין קענעלע, זיינען מיר, הערט איהר, שיער די אויגען ארויסגעקראָכען. און אז מען האָט איהם שוין קוים אמאָל געבראַכט צו פיהרען קיין קענעלע, דעם שלים־מזל, האָט ער ערשט געהאַט אויף זיך א נייעם אונגליק. א פרעמדען פּאַס מיט א פרעמדען נאָמען. פרעגט ניט. איך האָב מיט איהם געהאַט צו זינגען און צו זאָגען. לאָם איך עס פערדיענען, הערט איהר, אַלע דריי חדשים וואָס עס האָט געקאָסט אחוץ וואָס איך האָב אויף זיך א פּעקעל, איך מוז איהם אויסהאַלטען מיט ווייב און קינדער. וואָרום ער טענה׳ט, אז איך האָב איהם אונגליקליך געמאַכט, טענה׳ט ער. ער זאָגט, אז איבער מיר האָט ער אָנגעוואָרען אזא כשר׳ע „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ״. און עס קען זיין, אז ער איז אפשר ניט אין גאנצען אומגערעכט אויך. דער עיקר איז אָבער, כאַ־כאַ, נישט דאָס. דער עיקר איז דער איינפאַל, די קאָמבינאַציע. איהר פערשטעהט? דאכט זיך וואָס? א אידעל פון קענעלע מיט א הוסט און א זאַדישקע, יעדנאַ סדרוגים, און אָהן שום „פּראַוואָזשיטעל־סטווע״, א־יאָ? פון דעסטוועגען, אז מען דארף קומט ער זיך צופּאַה־רען קיין יעהופּעץ, שטעלט זיך אָב אויף מאַלאָוואסילקאָווסקי ניט ווייט פון געוועזענעם פּאָליצמייסטער און, ווי זאָגט איהר, רוף מיך קנאַקניסעל!...

מיין פאַס, ער מיר זיין פאַס, און דאַרטען די טהיר ווערט שיער ניט צושפּרונגען: „טראַך—טאַרעראַך! טראַך—טאַרע־ראַך!" „סייטשאַס! זאָג איך. וואָס האָט איהר אזוי קיין צייט ניט? דער טייך ברענט ניט!" זאָג איך, און צו מיין שוואָגער רוף איך מיך אָן: „געדענק־זשע, דוד, דו הייסט שוין ניט מעהר דוד, נור משה־נחמן"... און איך לאָז מיך צו דער טהיר — ברוך הבא געסט! א גאַנצע כאַליאַסטרע, יוצר משרתים ואשר משרתיו, ווי זאָגט איהר, א גדולה, פרעהליך אין שטעדטעל!

ס'פערשטעהט זיך, אז קודם האָט מען זיך גענעבען א נעהם צו מיין שוואָגער דעם שלים־מזל. וואָס עפּעס צו איהם? ווייל איך האָב מיך געהאַלטען, פערשטעהט איהר מיך, מעשה מענש, ווי זאָגט איהר, א קניפּ אין באַק די פאַרב זאָל שטעהן. און ער — א שעהנערען לעגט מען אין דער ערד אריין. האָט מען איהם א כאַפּ געטהאָן: „אַטקודאַוואַ"? ניטאָ קיין לשון. שטעל איך מיך ארוים פאַר'ן מליץ יושר און מאַך צו איהם: יהודי בלא, וואָס שווייגסטו? דבר זיי, אז דו ביזט משה־נחמן פון קענעלע". און צו זיי טהו איך מיך א וואָרף מיט תחנונים: „אַזוי און אַזוי, וו א שע ווי ס אָ ק אָ פּ ר א־וו אָ ז ש י ט ע ל ס ט וו אָ, זאָג איך, ס'איז מיינער אַן אָרימער קרוב, נעבעך, שוין לאַנג ניט געזעהן זיך, זאָג איך, אויף איין נאַכט, געקומען צו מיר פון קענעלע, זאָג איך, אויף איין נאַכט, זאָג איך, פאָהרט אוועק אם ירצה השם מאָרגען כאור הבוקר צוריק קיין קענעלע"... און אינוויינינג אין הארצען שטיקט מיך, איך ווער שיער ניט צושפּרונגען פאַר געלעכטער, כאַ־כאַ! איהר פערשטעהט? איך, משה־נחמן פון קענעלע, בעט רחמים פאַר משה־נחמן'ען, הייסט עס, פאַר מיר אַליין טאַקע, כאַ־כאַ! איז אָבער די צרה וואָס מיין ריידען מיט מיינע בקשות האָבען געהאָלפען ווי דער פאַר־א־יאָהריגער שנעע. און מען האָט מיין בחור אויפגעכאַפּט, ווי דער רוח דעם מלמד. און מען האָט איהם אָבגעפיהרט אין חד־גדיא אריין מיט'ן גאַנצען קנאַק, ווי גאָט האָט געבאָטען. און מיך האָט מען אויך געוואָלט צונעהמען. דאָס הייסט, מען האָט שוין טאַקע געהאַט מיך צוגענומען, מען האָט מיך אָבער באַלד ארויסגעלאָזט. ווארום וואָס הער איך זיי, איך בעט אייך זעהר? א מענש מיט א „פּראַוואָזשי־

אויף דריי וואָכען! דערוויייל ווערט נאַכט. עסט מען וועטשערע און מען לעגט זיך שלאָפען. איך ווער נאָר וואָס אנטשלאָפען, איך הער: ט—ראַך—טארעראַך! איך רייס אויף די אויגען: „ווער איז?" „מיר זיינען פערפאַלען!" זאָגט צו מיר דער שוואָגער מיינער, דער שלים־מזל, שטעהט איבער מיר א טוידטער מענש און טרייסעלט זיך ווי א הושענא. „וואָס טהוט מען, זאָג איך, איצטער?" „אדרבה, זאָגט ער, זאָג דו וואָס טהוט מען?" „וואָס, זאָג איך, זאָל מען טהאָן, זאָג איך, ס'איז ביטער". „ביטער צו ביטער, זאָגט ער, איז ניט גלייך. ס'איז, זאָגט ער, ביטער אזוי ווי גאַל." און דאָרטען ביי דער טהיר: טראַך—טארעראַך! טראַך—טארעראַך! די קליינע קינדער נעבעך האָבען זיך אויך אויפגעכאַפּט מיט א געוואַלד, מיט א געוויין: „מאַמע!" שטיקט זי זיי, די מוטער הייסט עס, און ווערגט זיי, ס'זאָל זיין שטיל. א שעהנע חתונה! פאַלט מיר אריין פּלוצים א קאָמבינאַציע אין קאָפּ און איך רוף מיך אָן צו מיין שוואָגער: „שאַ, זאָג איך, ווייסטו וואָס, דוד? זיי דו איך און איך וועל זיין דו." קוקט ער אויף מיר ווי א לעמעשקע: „וואָס הייסט?" „דאָס הייסט, זאָג איך, מיר וועלען זיך בייטען מיט די יוצרות. דו וועסט מיר געבען דיין פּאַס, וועסטו זיין משה נחמן און איך וועל זיין דוד. וואָס פערשטעהסטו דאָ ניט?" א טומפּעקער מוח! קוקט אויף מיר ווי א זינדיגער מענש, פערשטעהט ניט וואָס מען רעדט צו איהם. „בהמה, זאָג איך, וואָס פערשטעהסטו דאָ ניט? דאַכט זיך, א פּראָסטע קאָמבינאַציע, זאָג איך. א מינדסט קינד קען עס פערשטעהן. דו וועסט זיי ווייזען מיין פּאַס און איך וועל זיי ווייזען דיין פּאַס. וואָס זשע וועט זיין? וועט מען דיך צונעהמען און מיך ניט. וועל איך מיר אי'ה גאַנץ פריה, אז גאָט אליין שלאָפט נאָך זיך אויפהויבען און אוועקפאָהרען קיין קענעלע. אי וואָס וועט זיין מיט דיר? איך וועל דיר איבערלאָזען דיין פּאַס, ביזטו שוין ווידער אוים משה נחמן און ווידער דער אייגענער דוד וואָס געוועז. אי וואו איז משה־נחמן? געהט און זוכט איהם. האָסטו צעקייעט? מען דאַרף עס דיר לעגען אין מויל אריין?

דאַנקען גאָט, קוים מיט צרות, מיט לייד, ער האָט צוקייעט און מיר האָבען גענומען זיך בייטען מיט די יוצרות, איך איהם

ליצאַ" אָדער ווי מען רופט עס דאָרטען אַן „אַבראַדטשיק" און ווי באַלד אַן „אַבראַדטשיק" אַזוי מעג ער שוין זיצען אויף דער מאַלאָ־וואַסילקאָווסקי, דאָרט וואו דער געוועזענער פּאָליציימייסטער איז אַמאָל געזעסען. זיצט ער, הייסט עס, אויף דער מאַלאָ־וואַסילקאָווסקי טאַקע ניט ווייט פון'ם געוועזענעם פּאָליציימייסטער, און מוטשעט זיך, קוים, קוים וואָס ער קומט דורך מיט'ן שטיקעל ברויט. דער גאַנצער ארויסקוק זיינער הייסט עס איז אויף מיר. איך בין דער גביר אין דער משפּחה. קום איך צופאָהרען קיין יעהופּעץ, האַלט איך ביי זיי סטאַנציע, עס איך ביי זיי אַ וואַרימעס, אַ וועטשערע, פאָלגט מען מיך אַ גאַנג — יעדנאָ סדרוגים פאַלט זיי אריין אַמאָל אַ פּאָר קערבלעך, איז מען צופריעדען. איצטיגס מאָל אָבער איך קום צופאָהרען, איך זעה מיינע ליט זיינען חושך, געהען ארום אָהן קעפּ. „וואָס איז די מעשה?" „ס'איז שלעכט". „דהיינו?" „אַבלאַ־וועס". „פּחע! איך האָב געמיינט, זאָג איך, מי יודע וואָס. אַבלאַ־וועס, דאָס איז דאָך, זאָג איך, משׁשת ימי בראשית".. „ניין, זאָגען זיי, אַבלאַווועס צו אַבלאַווועס איז ניט גלייך. איצט, זאָגען זיי, איז ניטאָ די נאכט ס'זאָל ניט זיין קיין אַבלאַווע, און כאַפּט מען אַ אידען איז יהיה מי שיהיה, איינס—צוויי—דריי מיט'ן עטאַפּ". „נו, און געלד?" „בלאָטע!" „אַ קערבעל?" „בלאַ!" „אַ דרייע־רעל?" „אפילו ניט אַ מיליאָן!" „אויב אַזוי, זאָג איך, איז דאָך טאַקע גוט פּאַסקודנע." „פּאַסקודנע צו פּאַסקודנע, זאָגען זיי, איז ניט גלייך. קודם, זאָגען זיי, איז שטראָף, און נאָכדעם ערשט מיט'ן עטאַפּ. הײַנט דער סקאַנדאַל פאַר בראָצקי'ן!" „מילא, זאָג איך, בראָצקי הײַנט, בראָצקי מאָרגען. איך קאָן, זאָג איך, צוליעב בראָצקי'ן, זאָג איך, מיט מיין געזונד ניט שפּעקולירען. איך בין געקומען, זאָג איך, אויף אַ קאָנסולים מיט פּראָפּעסאָרען, קאָן איך צוריק, זאָג איך, מיט ליידיגע הענד ניט אַנטלויפען." הכלל, טענות אהין, טענות אהער — דער טאָג שטעהט ניט. מען דאַרף לויפען צו די פּראָפּעסאָרען מכח אַ קאָנסולים. נאָר וועך מיר קאָנסולים? וואָס מיר קאָנסולים? אַז ד ע ר פּראָפּעסאָר קען קומען ערשט מיטוואָך פאַר האַלבען טאָג, און ד ע ר מאָנטאַג נאָך האַלבען טאָג, און י ע נ ע ר נישט פריהער ווי איבעראכטאָג דאָנערשטאַג, הײַנט געה! אַ מעשה

הייסט עס אַלע מודה. נאָר וואָס מען טהוט צו דער זאַדישקע איך זאָל פון איהר פּטור ווערען — דאָס איז שוין, זעהט איהר, עפּעס אנדערש. זיי מוטשען זיך נעבעך. זיי פּרובען זיך. געהן, ווי זאָגט איהר, הארט ביי די ווענט. למשל, איך קום צו געהן צו מיין אַלטען פּראָפעסאָר, סטריצעל הייסט ער, א דימענט פון א מענשען, נעהמט ער און פערשרייבט מיר א רעצעפּט „קאָדעיני סאַכאַדי פּולווערארטי", קאָסט דאָס ניט טהייער און ס'איז זיסלעך אויפ'ן טעם. קום איך צו אַן אנדער פּראָפעסאָר, געהט ער און פערשרייבט מיר „טינקטורא אָפּיע", טראָפּען אזעלכע, האָבען זיי א טעם פון חלשות. קום איך צום דריטען פּראָפעסאָר. פערשרייבט ער מיר אויך טראָפּען, האָבען זיי כמעט דעם אייגענעם טעם, נאָר הייסען הייסען זיי ניט „טינקטורא אָפּיע", נאָר „טינקטורא טאַבאַיקא". זיינט איהר שוין פּארטיג? קום איך צו א פערשען פּראָפעסאָר, נעהמט ער און פערשרייבט מיר נאָר א מין ביטערניש מיט'ן נאָמען „מאָרפיום אקווא אמיגדאלאריום". וואָס? איהר חידוש'ט זיך וואָס איך קען לעטיין? איך קען אזוי לעטיין ווי איהר קענט ענגעלש, נאָר אז מען האָט א הוסט מיט א זאַדישקע יעדנאָ סדרוגים, קאָן מען זיך שוין אויסלערנען לעטיין אויך.

הכלל בין איך געקומען קיין יעהופּעץ אויף א קאָנסולים. וואו שטעלט זיך אָב אזא איד ווי איך, אז ער קומט קיין יעהופּעץ? געוועהנטליך ניט אין קיין האָטעל און ניט אין קיין גאָסטינעץ. ערשטענס, רייסען זיי די הויט. און אגב, ווי קאָן איך מיך אָבשטעלען אין א האָטעל, אז איך האָב ניט קיין שום „פּראַוואָזשיטעלסטווע"? שטעל איך מיך אָב אַלע מאָל ביי מיינעם א שוואָגער. איך האָב מיין אייגענס א שוואָגער א שלים־מזל, איז ער א איד א מלמד און אַן אָרימאַן איז ער, ווי זאָגט איהר, אין אכטצעהן פּאָלעס, און א מטופּל מיט קינדער אויך. נאָר וואָס דען? גאָט האָט איהם געהאָלפען, ער האָט „פּראַוואָזשיטעלסטווע" האָט ער, און דוקא א כשר'ע „פּראַוואָזשיטעלסטווע". ווי קומט צו איהם א „פּראַוואָזשיטעלסטווע"? — בראָצקי! ער איז א „סלוזשיטעל" ביי בראָצקי'ן. חלילה ניט קיין דירעקטאָר פון זאַוואָדען, נאָר ער איז אין בראָצקי'ס שול אונטען ביי די שניידערס א בעל קורא איז ער. א „דוכאָווגע

# געביטען מיט די יוצרות

— אָט וועל איך אייך, הערט איהר, דערצעהלען אַ שעהנס, ווי אַזוי איך, משה־נחמן פֿון קענעלע, אָהן אַ שום פּראוואָזשיטעלסטווע, האָב אָבגעטהאָן פּאָניע׳ן אַ שפּיצעל, אָבער אַ שפּיצעל כאַ־כאַ, זיי וועלען מיך האָבען צו געדענקען! אָט גיט מיר נור עטליכע מינוט צייט, וועט איהר הערען, וואָס אַ איד קען.

ויהי היום, קום איך מיר צופֿאָהרען איין מאָל אין יעהופּעץ. וואָס פֿאָהרט אַזאַ איד ווי איך, יעדנאָ סדרוגים מיט אַ הוסט און מיט אַ זאַדישקע, קיין יעהופּעץ? געוועהנטליך צום פּראָפּעסאָר. איך בין מיט מיין זאַדישקע אַן אָפּטער גאַסט אין יעהופּעץ, אפילו ניט אַזאַנ׳ אָנגעלעגטער גאַסט, וואָרום ווי טאָר איך, משה־נחמן פֿון קענעלע, זיין אין יעהופּעץ, אַז איך האָב ניט קיין שום „פּראַוואָזשיטעלסטווע“? בעהאַלט מען זיך. מוטשעט מען זיך. קומט מען אין דער פֿריה און ביינאַכט אַנטלויפֿט מען. אַ־ניט כאַפּט מען אַ „פּראָכאָדנאָיע“ און מען קומט נאָך אַמאָל. אַבי ניט געהן „פּאָע־טאַפּאָם“. איך זאָל, הערט איהר, הלילה דאַרפֿען געהן „פּאָעטאַפּאָם“, וויים איך ניט אויב איך וואָלט דאָס גאָר אויסגעהאַלטען. איך וואָלט זיכער דריי מאָל געשטאָרבען פֿאַר בושה אַליין. וואָרום ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך, דאַנקען גאָט, אַ שטיקעל בעל־הבית ביי אונז אין קענעלע מיט אַ „אימושטשעסטווע“: אַ דירה אַן איינענע, מיט אַ בהמה׳לע, און מיט טעכטער צוויי, איינע אַן אויסגעגעבענע און די אַנדערע אויף חתונה צו מאַכען. וואָס איז שייך?

הכלל, קום איך צופֿאָהרען קיין יעהופּעץ צום פּראָפּעסאָר. איצטיג׳ס מאָל ניט צום פּראָפּעסאָר, נאָר צו די פּ ר אָ פּ ע ס אָ ר ע ן. דאָס הייסט אויף אַ „קאָנסולים“ פֿון גאַנצע דריי פּראָפּעסאָרען הייסט עס. איך האָב געוואָלט, פֿערשטעהט איהר מיך, איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל דערגעהן מיט זיי אַ טאָלק, וואָס בין איך — מילכיג צי פֿליישיג? אַז ביי מיר איז אַ זאַדישקע — דאָס זיינען זיי

## קלמן און זלמן.

קלמן: — זאָג מיר נור, זלמן, פאר וואָס שטעהט אין די עשרת הדברות איין „לא תגנוב“ בלשון יחיד און איין מאָל „לא תגנבו“ בלשון רבים?

זלמן: — דאָס האָט מען אַנגעזאָגט צו צוויי קלאסען מענשען: צום גראָבען יונג, דעם גנב, זאָגט מען: הער נור אוים, דו הולטאַי, לא תגנוב! און צו פרומע אידען מיט לאַנגע בערד און פאות זאָגט מען: איהר זיינט טאקע זעהר פיינע אידען, נור, במחילת כבודכם, „לא תגנבו“, רוקט זיך ניט אין די קעשענעס!

---

קלמן: — ווי געהט עס, זלמן?

זלמן: — שלעכט, ברודער! מיין ווייב איז נאָך קראַנק, שוין באלד אַ יאהר! און ווי געהט עס מיט דיר?

קלמן: — נאָך ערגער, ברודער, מיין צרה איז נאָך געזונד שוין באלד צוויי יאהר.

---

קלמן: — וואָס גלייכסטו בעסער, דעם טאָג אָדער די נאכט?

זלמן: — ביידע ניט.

קלמן: — פאר וואָס?

זלמן: — ווייל מיינע דריי מוידען — בייטאָג עסען זיי און ביינאכט וואקסען זיי.

---

קלמן: — וואָס האָט דיין פרוי געבוירען?

זלמן: — זי האָט מפיל געווען.

קלמן: — קען איך זעהן דאָס נופל׳ע?

זלמן: — ניין.

קלמן: — פארוואָס?

זלמן: — ווייל פאר קיין נאר טאָר מען קיין האלבע ארבייט ניט ווייזען.

## אויב אַזוי, איז רעכט.

צוויי בטלנים, וועלכע האָבען געשלאָפען צוזאַמען אין קלויז און האָבען זיך געהאַלטען אין חזר'ן אַ געוויסע סוגיא אין דער גמרא, וואו עס געהט אָן אַ גרויסער קאַמפּף צווישען צוויי תנאים וועגען דעם, צי איז די נאַכט בעשאַפען געוואָרען צום לערנען („לילה לגרסא") אָדער אויף צום שלאָפען („לילה לשנתא").

פאַרטיג געוואָרען מיט דעם „שעור", האָבען זיך ביידע געלעגט שלאָפען אויף דעם איינציגען קישעלע, וואָס זיי האָבען פערמאָגט בשותפות, און אויסגעלאָשען דאָס שטיקעל ליכט.

אַז זיי האָבען ערוואַכט איז דער פריה, האָבען זיי צו זייער שטוינען זיך געכאַפּט, אַז דאָס קישעלע און דאָס ליכט פעהלען.

— מאָטעל, — זאָגט איינער צום צווייטען — איך פערשטעה ניט ווי אַזוי דאָס האָט געקענט פּאַסירען. ממה נפשך: האַלט דער גנב מיט דעם „מן דאמר" אַז "לילה השנתה", די נאַכט איז בעשאַפען געוואָרען צום שלאָפען, טו וואָרום האָט ער צוגענומען ס'שטיקעל ליכט? אלא וויעדער האַלט ער מיט דעם „מן דאמר" אַז „לילה לגרסא", די נאַכט איז בעשאַפען געוואָרען צום לערנען — טו וואָרום־זשע האָט ער צוגענומען ס'קישעלע?

— פערשטעהסטו מיך, — רופט זיך אָן דער צווייטער בטלן — עס האָבען געמוזט זיין צוויי גנבים: איינער וואָס האַלט מיט דעם מן־דאמר אַז „לילה לשנתה און אַ צווייטער, וואָס האַלט אַז „לילה לגרסא"...

---

## געלד איז בלאָטע.

ערשטע אַלרייטניצע: — און אייער מאַן האָט געגעבען צוויי טויזענד דאָלאַר פאַר אַ „פּיקטשע"?

צווייטע אַלרייטניצע: — יעס.

ערשטע אַלרייטניצע: — איך פערשטעה, אַז דערמיט וויל ער ווייזען ווי פיעל ער „קעהרט" פאַר דער „קונץ".

צווייטע אַלרייטניצע. — ניין, דערמיט וויל ער ווייזען, ווי וועניג ער קעהרט פאַר צוויי טויזענד דאָלאַר...

## שטיל אין ניו יאָרק.

ערשטער פאַרמער: נו, וואָס הערט זיך עפּעס אין ניו יאָרק?

צווייטער פאַרמער (וועלכער איז ערשט געקומען פון ניו יאָרק): טוידט, ברודער'ל... איך בין אָבגעשטאַנען א גאַנצען טאָג אויף בראָדוויי און איך האָב ניט געזעהן דורכפאָהרען קיין איין וואָגען היי, און האָב ניט געזעהן קיין קוה אויף אַ רפואה.

---

## אוים פערצווייפלונג.

— אבער, אום גאָטעס ווילען, פישעל, נעכטען איז ערשט געווען די לויה פון דיין פרוי און היינט קושסטו שוין דאָס דיענסט־מיידעל!

— אַך, איך בין אזוי פערצווייפעלט, אַז איך וויים פשוט ניט וואָס איך טהו...

---

## פראגע־צייכענס.

די פרויען־פראגע

וואו ביסטו געוועזן אזוי שפּעט, זיסער מאַן מיינער?

די אידען־פראגע

וואָס מאכט אַ איד — אַ בעווייבטער?

פּאָליטישע פראגע

ווי פיעל ווילט איהר פאר אייער שטימע?

די געלד־פראגע

ווי מאכט מען אפּאָר דאָלאר?

---

## ער נעהמט איהם מיט געוואַלט...

איד (צום דענטיסט, וועלכער האָט איהם עטליכע מאָל דורכ־אנאנד געריסען אַ צאָהן און אָהן ערפאָלג): — איך האָב מורא, דאָקטאָר, אַז איהר וועט איהם ניט קענען ארויסציהען.

דענטיסט (נאָך אמאָל אריינשטופּענדיג די צוואַנג אין דעם אידען'ס מויל): — ער מוז ארוים — ווען איך זאָל אפילו דאַר־פען מיטרייסען אַ שטיק באק!...

## ער האָט געפרעגט אַ שאלה.

משה פּופּיק האָט זיך גענומען פערריכטען זיין פלאַנקען פּונקט אום שבת. געהט פארביי זיין שכן חיים בער.

— ר׳ משה, אום שבת?..

— איך האָב געפרעגט דעם רב אַ שאלה.

חיים בער גיט אַ ציה מיט די פּלייצעס און געהט אַוועק.

קומט אָן אַן אנדער איד.

— סטייטש, אום שבת, ר׳ משה!...

— איך האָב געפרעגט דעם רב אַ שאלה. — האָט ווידער ר׳ משה אָבגעענטפערט קורץ.

און אויך דער איד איז אַוועק, זיך וואונדערנדיג.

קומט אַ דריטער איד.

— גאָט איז מיט אייך, ר׳ משה! אום שבת!...

— איך האָב געפרעגט דעם רב אַ שאלה.

— נו, וואָס האָט דער רב געענטפערט.

— אַז מען טאָר ניט.

— נו?!

— הער איך איהם ווי די קאַץ...

## ליעבע אין אַלגעמיין...

סיידי: — ווייסט, קיידי, אַז עס קומט מיר אַ מזל טוב? דזשעק איז ביי מיר נעכטען געווען און האָט מיר צוגעזאָגט חתונה צו האָבען.

קיידי: — און מיר קומט אויך אַ מזל־טוב, סיידי! דזשייק איז ביי מיר געווען נעכטען ביינאַכט און האָט מיר פערשפּראָכען מעהר ניט צו דאָקוטשען.

## זי איז פּראַקטיש.

אמאָל האָט אַ מיידעל געזאָגט: „איין באָי׳ ביי מיר אויפ׳ן סטופּ איז שוין בעסער ווי צוויי באָיעס ביי יענער מיידעל אין פּארלאָר“.

## ריכטיג געענטפערט.

לאַיער: — וואו וואוינט איהר?
עדות: — ביי מיין ברודער.
לאַיער: — און וואו וואוינט אייער ברודער?
עדות: — מיין ברודער וואוינט ביי מיר.
לאַיער: — און וואו וואוינט איהר ביידע?
עדות: — צוזאמען.
לאַיער: — און וואו וואוינט איהר צוזאמען?
עדות: — אין פארק...
לאַיער: — אין וועלכען פארק?
עדות: — אין אַלע אַהן אויסנאהמע. און, פּליעז, נודיעט ניט, איך בין א ביזי מענש און איך האָב נים קיין צייט אויסצוהערען אייערע נארישע פראגען...

## פערשטעהט זיין ביזנעס.

א איד אַן אָרעמאַן איז זיעבען אַזיינגער אין דער פריה אריין צו באראָן ראָטהשילד נאָך א נדבה.

— סטייטש! — האָט דער באראָן געשריען — מיט וואָס פאר א העזה קומט דאָס א איד פארטאָג בעטען א נדבה?!...

— מיין פריינד — האָט דער אָרעמאַן געענטפערט — מילא אין באנק־געשעפט פערשטעהט איהר טאקע, אָבער אין הלכות שנאָרעריי פערשטעה איך מעהר פון אייך.

## ער זוכט אַן אײדים.

א ישוב׳ניק האָט אמאָל געבעטען א שדכן, ער זאָל איהם קריגען עפּעס א וואוילען איידים.

— סטייטש, ר׳ חיים! — האָט זיך דער שדכן געוואונדערט — איהר האָט דאָך ניט קיין טאָכטער!

— דאָס מאכט ניט — האָט דער ישוב׳ניק געענטפערט — זאָל זיך ארומדרעהען אַן איידים אין שטוב...

## צוויי מאָל צאָהלט ער ניט.

א אידעל סיידער אידעל האָט אמאָל פערבלאָנזשעט אין איינעם פון די גרעסטע האָטעלס אויף בראָדוויי, האָט געאָרדערט א גלאָז ביער און דערלאַנגט דעם ווייטער א קוואָדער.

אין א פאָר מינוט ארום געהט צו דערזעלבער ווייטער און פרעגט:

— נו, וואָס ווילט איהר איצט?

— איך ווארט אויף טשענזש... — האָט דער אידעל גע־ענטפערט.

— ווייסט איהר ניט, — האָט איהם דער ווייטער געזאָגט, — אז אין אזא פּראַכטפאָלען האָטעל קאָסט אלעס טהייער? איהר זעהט אָט די פּיקטשור אויפ'ן וואַנד — זי קאָסט פינף־הונדערט דאָלאר! איהר זעהט די צווייטע? — די קאָסט פופצעהן־הונדערט דאָלאר. און איהר ווילט נאָך טשענזש פון א קוואָדער?!

דער אידעל האָט זיך אויפגעהויבען פון דעם פּלאַץ און איז אוועק צו א צווייטען טישעל. ער האָט געאָרדערט א צווייטע גלאָז ביער, דערלאַנגט דעם ווייטען א ניקעל און האָט געזאָגט:

— פאַר די פּיקטשורס האָב איך שוין יענעם ווייטער בעצאָהלט.

---

## גיט איהם א טשאַנס.

דער מאַן: — וואָס פאַר א טרויעריגע און אומעטיגע ווייבעל דו ביזט!

די וייב: — אָט גיב מיר נור א טשאַנס און גיב א שטאַרב, וועסטו זעהן ס'רא פּרעהליכע אמנה'צקע איב'ל זיין!.

---

## סאַי ווי סאַי...

קאָסטאָמער: — די הויזען זיינען צו ענג, אין פּיער וואָכען ארום וועלן זיי שוין אויף מיר ניט ארויף.

פּעדלער: — איהר דארפט זיך ניט זאָרגען. מעהר ווי פּיער וואָכען וועלען זיי זיך סאַי ווי סאַי ניט האַלטען.

## מאָרד אין צווייטען גראַד.

א לאָיער וואָס האָט פערטהיידיגט א מערדער, האָט אונטער־נעקויפט איינעם פון די דזשורי־לייט, אז ער זאָל שטימען נור פאַר א „ווערדיקט“ פון מאָרד אין צווייטען גראַד.

— מעגען אַלע עלף דזשורי־לייט שטימען ווי זיי ווילען, — האָט איהם דער לאָיער אָנגעזאָגט — אָבער דו זאָלסט זיך האַלטען ביי דאָס דייניגע: מאָרד אין צווייטען גראַד.

נאָך דעם ווי די דזשורי האָט זיך אַרומגעריסען צוויי טעג און צוויי נעכט, האָבען זיי ווירקליך אַריינגעבראַכט א ווערדיקט, אז דער גע׳משפט׳ער איז שולדיג אין מאָרד פון צווייטען גראַד.

דער לאָיער האָט דעם אונטערגעקויפטען דזשורי־מען אָבגערו־פען אָן א זייט און האָט איהם הערצליך געדאַנקט.

— דו האָסט זיך געמוזט גענוג אויסעסען די גאַל מיט די איבעריגע עלף דזשורי־לייט ביז זיי האָבען איינגעשטימט מיט דיר — איך דאַנק דיר!

— וואָס ווייסט איהר! — האָט דער דזשורי־מאַן זיך בע־קלאָגט — וואָס ווייסט איהר ווי שווער איך האָב מיט זיי געמוזט ארבייטען!... באַלד ווי מען האָט אונז פערשפאַרט אין דער „דזשורי־רום“, האָבען אַלע עלף געשטימט אז מען זאָל דעם אָנגעקלאָגטען בעפרייען און איך האָב עס געמוזט מיט זיי אַזוי לאַנג קנעלען, ביז זיי האָבען ענדליך איינגעשטימט מיט מיר...

---

## אונפערענדערליך.

א קאָנטרי־פעדלער, וועלכער איז שוין א צוואַנציג יאָהר ניט געוועזען אין טהעאַטער, איז געקומען אין ניו יאָרק נאָך סחורה און דערווייל איז ער געוועזען אין אדלער׳ס טהעאַטער און האָט געזעהן „שיילאָק“.

אַרויסגעהענדיג האָט איהם זיינער א פריינד געפרעגט, ווי עס געפעלט איהם די שאָו.

די בויערי האָט זיך אַביסעל געענדערט, האָט ער געזאָגט, אָבער „שיילאָק“ איז נאָך אַלץ דערזעלבער מערדער.

## ניט אַלע זיינען קאַרג.

א מאַן האָט פערשפּראָכען זיין ווייב, אז פאַר יעדען קוש וואָס זי וועט איהם געבען, וועט ער אריינוואַרפען א קוואָדער אין סייף.

אין א מאָנאַט ארום, אז דער מאַן האָט געעפענט דעם סייף, האָט ער דאָרטען געפונען האלבע און גאַנצע דאָלארס.

— סעי — האָט דער מאַן געפרעגט זיין ווייב — ווי אזוי קומט עס אזעלכע גרויסע געלד אין סייף?

— וואָס מיינסטו — האָט די ווייב געענטפערט — אַלע זיינען אזעלכע קאַרגע הינט ווי דו ביזט?..

## דער שאַפּ־נודניק.

— איך בין אייך זעהר דאַנקבאַר, וואָס איהר זייט געבליבען אויסצוהערען די ענדע פון מיין געשיכטע — האָט דער שאַפּ־נודניק זיך אָנגערופען צו אַן ארבייטער. — אַלע וואָס ארבייטען דאָ זיינען אזוינע פרעסערס, אז ווי נור זיי האָבען דערהערט דעם „ווּיסטעל“ זיינען זיי גלייך אַוועקגעלאָפען עסען דינער.

— וואָס? עס האָט שוין געוויסעלט?! — האָט זיך דער צוהערער אָנגערופען, און איז שנעל אַוועקגעלאָפען אין רעסטאָראַנט.

## גלענצענדע אויסזיכטען.

יונגער פּאָעט (צום אָפּיס־באָי): איך האָב א פּאָר לידער פאַר'ן רעדאַקטאָר. איך בין ביי איהם דעם ערשטען מאָל. קענט איהר מיר ניט זאָגען, ווי אזוי אַנדערע פּאָעטען בעגעהען זיך מיט איהם?

אָפּיס־באָי: אָ, יעס. געוועהנליך לאָזען זיי איבער די כתבים און אין א פּאָר טעג ארום קומען זיי געוואָהר ווערען וואָס עס הערט זיך.

פּאָעט (ניינעריג): און דאַן?

אָפּיס־באָי: און דאַן שלאָג איך זיי אָן און וואַרף זיי ארויס!....

זי האָט ניט קיין מזל צו קיין מענער.

זי: דזשייק!
ער: וואָס איז, מיין גאָלד?
זי: האָסטו צוואָוואַשען די געפעס?
ער: יע־עס.
זי: האָסטו געמאַכט אייז־וואַסער?
ער: געווי־ס.
זי: האָסטו אויסגעלאָשען די גאַז אין קיטשען?
ער: יע־עס.
זי: האָסטו געמאַכט דעם באָרדער׳ס בעט?
ער: יע־עס.
זי: האָסטו אויסגעקלינט די וואַנע?
ער: יע־עס.
זי: האָסטו פּערצירעוועט מיינע זאָקען?
ער: יע־עס.
זי: האָסטו איינגעווייקט די וועש?
ער: יע־עס.
זי: האָסטו אָנגעזויגט די בייבי?
ער: יע — ניין...

זי (צוואויינט זיך): אוי, אַ קלאָג איז צו מיר, אוי, אַ בראָך איז צו מיר... עפּעס לייטישע פרויען האָבען גליק צו מענער... נור איך האָב דאָס אַזאַ שלים־מזל, צו קיין זאַך טויג עם ניט.!...

---

אוי, די מיידלעך!

— וואַרט אַ ווײַלע! — האָט אַ באָי געזאָגט דורכ׳ן טעלעפאָן צו זיין מיידעל, וואָס האָט גערעדט צו איהם שוין מעהר ווי אַ האַלבע שטונדע.

— וואָס איז? — האָט די מיידעל געפרעגט.

— איך וויל איבערבייטען דעם רעסיווער אויפ׳ן לינקען אויער

— האָט דער באָי געענטפערט — דער רעכטער איז שוין געוואָרען טויב.

## דערקאַנט...

ערשטער דיכטער: — דו האָסט אָבער א גוטען זכרון, יאָקעל, שוין פינף יאהר ווי דו האָסט מיך ניט געזעהען און דאָך האָסטו מיך דערקאַנט!

צווייטער דיכטער: — דו ווייסט אַן וואָס איך האָב דיך דערקאַנט?

ערשטער דיכטער: — אַן וואָס?

צווייטער דיכטער: — אַן דיין קראַגען...

## ער האָט קיין הארץ ניט.

יענקעל: ווארום שלאָפסטו ניט, חיים?

חיים: א וואַנץ דרעהט זיך ארום אויף מיין קישען.

יענקעל: און ווארום הרג'עסטו איהר ניט?

חיים: איך האָב ניט קיין הארץ צו טויטען מיין אייגען פלייש און בלוט.

## א מיטעל צו שוויצען.

א יונגער שטודענט ביים עקזאמען פאר זיין דאָקטאָר־דיפּלאָם:

— וואָס, אַן ערך — האָט איהם דער פּראָפעסאָר געפרעגט — וואָלסטו איינגעגעבען א מענשען וואָס האָט רהומאטיזם, ער זאָל שוויצען?

— איך וואָלט איהם געשיקט אהער צום עקזאמען — האָט דער סטודענט געענטפערט.

## איהר קליין מיילכעל.

זי: דו נארעלע, וואָס ביזטו שוין ברוגז געוואָרען, אז איך האָב ביי דיר געבעטען א דיימענט רינג? דו האָסט דאָך געזעהן, אז איך האָב געשמייכעלט!

ער: דו האָסט אזא קליין מיילכעל, אז איך האָב ניט געקענט בעמערקען....

## קיין פערגלייך.

דזשאָן: עס האָט מיר גענומען אפשר פיער מאָנאטען ביז איך האָב זיך צוגעפּאסט א פּאָר ברילען.

סעם: און חתונה געהאט האָסטו אין צוויי טעג!

דזשאָן: וואָס פאר א פערגלייך!...

## ער וויל אליין זיך ניט באַדערען.

מחותן: אזוי, יונגער מאַן, מיין טאָכטער האָט אייך צוגע־זאָגט חתונה צו האָבען מיט אייך?

חתן: יעס.

מחותן: האָט איהר שוין בעשטימט דעם טאָג פון דער חתונה?

חתן: איך לאָז עס איבער פאר דער כלה.

מחותן: איהר האָט חתונה אין קאָורט אָדער אין שוהל?

חתן: איך לאָז דאָס איבער פאר דער מחותנת'טע.

מחותן: האָט איהר שוין א ביזנעס פון וואנען צו מאכען א לעבען?

חתן: דאָס — לאָז איך איבער צו אייך.

## וואָס די צייט קען אויפטהאָן.

דער באָרדער: וואָס די צייט קען אויפטהאָן!

פאַרמער: וואָס איז אזוינס?

דער באָרדער: מיט איין וואָך צוריק, ווען איך האָב געזעהן אייער קאָונטרי־הויז אויף אן אדווערטייזמענטס, איז זי נאָך געווען נאָר א פיינע הויז...

## זיין מיטעל צו קרעדיטאָרס.

חיים: — ווי ביזטו עס אזוי שנעל פּטור געוואָרען פון דיינע קרעדיטאָרס?

גימפּעל: — איך האָב פערוויכערט איינעם פון דיינע סיגארעטס.

## אַ געטרייער מאַן.

פרוי: — מיין ליעבר מאַן, איך וועל דיר ענטדעקען אַ סוד, וועלכער וועט דיך זיכער איבערראַשען: איך האָב געגעבען יעקיל דעם שניידער מאַכען תכריכים פון מיינעטוועגען.

מאַן: — וואָס, יעקלען האָסטו גאָר געגעבען! ווייסטו דען ניט, אַז יעקיל האָט אַ טבע אָבצוהאַלטען אַ שטיקעל ארבייט דריי וואָכען צייט?...

---

— וואָרום האָט איהר ניט חתונה? — האָט אַ מיידעל געפרעגט ביי אַן עלטערען בחור.

— ווייל דאָס גט'ען זיך קאָסט צו טהייער! — האָט ער געענטפערט.

---

## מיט צימרינג שטימט עס שוין.

אַ איד האָט דערצעהלט, אַז ער האָט אמאָל געגעסען אַ קוגעל וואָס האָט געקאָסט ניינציג דאָלאַר.

— ווי אזוי? — האָבען די צוהערער געפרעגט.

— צעהן דאָלאַר מעהל, — האָט ער גענומען רעכענען — פינף דאָלאַר אייער, צעהן דאָלאַר שמאַלץ, פינף דאָלאַר ראָזינקעס...

— איז עס דאָך נור דרייסיג דאָלאַר! — האָבען די צוהערער פערלאַנגט חשבון.

דער איד האָט גענומען קראַצען דעם שטערען און בשום אופן זיך ניט געקענט דערמאָנען אויף וואָס ער האָט אויסגעגעבען די איבריגע זעכציג דאָלאַר. דאָ האָט איהם שוין זיין פרוי ארויס־געהאָלפען:

— און צימרינג?

— אָ, יעס! טאַקע! — האָט דער איד געענטפערט.

---

אַ מאַן וואָס הייראַטה אַ מיאוס'ע אָדער עלטערע פרוי צוליעב איהר געלד, בעטראַכט זיינע קושען אלס אַ מין אונגערעכטע און געצוואונגענע צינזען אויף זיין פערמעגען.

## אַ מעשה מיט אַ בייגעל.

צוויי דיכטער האָבען געפונען אַ בייגעל. ווי הונגעריגע וועלף האָבען זיי זיך אויף איהם געוואָרפען. נאָך אַ לאַנגען קריעג האָבען זיי בעשלאָסען זיך צולעגען שלאָפען און וועמען עס וועט זיך חלומ'ן דער שעהנסטער חלום, דער וועט אויפעסען דעם בייגעל.

אַז זיי זיינען אויפגעשטאַנען, האָט איינער געפרעגט דעם צווייטען, וואָס האָט זיך איהם גע'חלומ'ט.

— מיר האָט זיך גע'חלומ'ט, אַז איך בין געזעסען אויפ'ן פערד פעגאַזוס און געפלויגען גלייך אין הימעל. — האָט איינער געזאָגט.

— איך האָב עס אויך געזעהן, — האָט דער צווייטער געזאָגט — האָב איך געמיינט, אַז דו וועסט שוין דאָרטען בלייבען, בין איך אויפגעשטאַנען און אויפגעגעסען דעם בייגעל.

## ער האָט פיינד שבועות — אָבער...

— איך גלויב ניט אין שבועות, — האָט איינער אמאָל געזאָגט צו זיינעם אַ פריינד, ביי וועמען ער האָט געבעטען אַ גמילות חסד — איך קען דיר אָבער בלויז זאָגען אזוי פיעל: זאָל דאָס בלוט אויסטריקענען אין מיינע אָדערען; דער בליץ זאָל מיין קערפער אויף צווייען צושפאַלטען; קראָקאָדילען זאָלען מיך אויפפרעסען; איך זאָל מוזען דורך די פלאַמען פון גיהנום טראָגען וואַסער אין אַ זיפּ; איך זאָל ווערען אַ שקלאַף און אָבשקלאַפען שווער און ביטער אזוי פיעל יאָהרען וויפיעל עס איז דאָ שטערען אין הימעל, טראָפענס אין ים און זאַמד־קערנער אין דער מדבר זאַהאַראַ — דאָס אַלעס זאָל מיט מיר געשעהען, אויב איך וועל דיר ניט אָבגעבען צוריק די עטליכע דאָלאַר.

## פאָלגט דעם דאָקטאָר.

ווייב: — סעי, חיים, וואָס האָסטו זיך עפּעס איינגעוויקעלט פון קאָפּ ביז די פיס אין טעגליכע צייטונגען?

מאַן: — אַ דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אַז עס איז זעהר געזונד צו נעהמען בלאַטע־בעדער.

## אַ נייער וועטער־נביא.

אַ גאַליציאַנער איד, זעהענדיג אז דער וועטער־נביא טרעפט ניט אַלע מאָל, האָט ער אויסגעקלערט אַזאַ מין אַפּאַראַט, וואָס צייגט אימער ריכטיג.

אָט איז זיין ערפינדונג:

מען זאָל צוגעהן צו אַ טעלעגראַף־סלופּ אין דרויסען אָנבינדען אַ האַנדטוך און דאָס לאָזען תמיד הענגען. יעדען טאָג דאַרף מען אַרויסגעהן און אַ קוק טהון: איז דאָס האַנדטוך טרוקען, איז שעהן וועטער; איז דאָס האַנדטוך נאַס, איז אַ סימן אַז עס'איז אַ רעגען; איז דאָס האַנדטוך קאַלט און האַרט, איז אַ פראָסט; איז דאָס ווייך, ווייס און גלאַנציג, איז אַ שנעע; הענגט דאָס רוהיג, איז שטיל וועטער; וואַרפט זיך דאָס אַרום, איז אַ ווינד; וואַרפט זיך דאָס זעהר שטאַרק, איז אַ שטורם — און טאָמער איז עס אין גאַנצען ניטאָ, איז אַ סימן אַז מען האָט עס צוגע'גנב'עט.

## אונשולדיג געזעסען.

נאָטע גנב איז אָבגעזעסען זעקס יאָהר אין טורמע. אַז ער איז געקומען אַהיים, האָט ער געפונען אַ קינד פון עלף חדשים גוסס'ענדיג און אויף מאָרגען איז עס געשטאָרבען. געשטאָרבען, בעגראָבען און געזעצט זיך שבעה.

אָבגעזעסען עטליכע טעג, האָט נאָטע בעמערקט מיט אַ זיפץ:

„איך בין דאָך שוין אין מיין לעבען גענוג געזעסען, אָבער אַזוי אונשולדיג בין איך נאָך קיינמאָל ניט געזעסען...“

## געהאַט זיין „אויסקומעניש“.

ריכטער: — ווי קומט עס, וואָס בעת איהר האָט מיטגענומען גאַנץ ווערטהלאָזע אַרטיקלען, האָט איהר איבערגעלאָזען די ציערונג און אַלערליי גאָלדוואַרג?

גנב: — איך בעט אייך זעהר, הערר ריכטער, עסט מיר ניט אָב דאָס האַרץ; מיין ווייבעל איז מיר שוין דערפאַר גענוג דערגאַנגען די יאָהרען.

## א ריעל עסטייט דאָקטאָר.

ווי עס איז בעוואוסט, זיינען יעצט אַלע דאָקטוירים פעראינ־טערעסירט אין ריעל עסטייט מעהר ווי אין זייער פּראָפעסיאָן, און ווען א פרוי איז אריין צו איהר דאָקטאָר מיט א שרעקליכען בויך־וועהטאָג, האָט דער דאָקטאָר איהר פערשריעבען 6 גאַלאָן צעמענט, א וואָגען ברעטער, 5000 פונט נעגעל, 32 טהירען און פענסטער, 8 וועגען ציגעל און 3 וועגען וואפּנע.

ווען דער אַפּטייקער האָט איבערגעלעזען דעם רעצעפּט האָט ער זיך אָבגערופען צום ווייבעל:

— מיסעס לעבען, ווען איך זאָל האָבען אָט די אַלע מאַטעריאַ־לען און א לאָטעל נאָך אַלס צוגאָב, וואָלט איך אויפגעגעבען מיין אַפּטייק און זיך געלאָזען אויפשטעלען א טענעמענט־הויז.

---

## רויט, שווארץ און גרוי.

האָטעל־קיפּער (שרייט אריין אין קיך): מינא! מינא!

גאַסט: וועלכע מינא רופט איהר, די רויטע, די שווארצע, אָדער די אַלטע?

האָטעל־קיפּער: ווי אזוי קענט איהר די האָר פון אַלע מיינע קעכינס?

גאַסט: פון דעם סופּ...

---

## אויפ׳ן באַל.

יונגערמאַן: מיסטער, איהר האָט אָנגעטראָטען מיין דאמע אויפ׳ן פוס... איך פערלאַנג גלייך אַן ענטשולדיגונג!

אידעל: וואָס מיר ענטשולדיגונג, ווער מיר ענטשולדי־גונג! — דאָרט אין ווינקעל זיצט מיין אידענע. איהר קענט איהר אפילו אָנטרעטען אויפ׳ן קאָפּ, אָרט מיך אויך ניט!...

---

## מאַכט עס אויף קנעפּלעך.

אין א האָספּיטאָל האָט א פּראָפעסאָר געמאַכט אַן אָפּעריישאָן אויף אַן „אַפּענדיסיטיס” ביי א פרוי. די אָפּעריישאָן איז געלונגען. ביים צוזאַמענלעגען די אינסטרומענטען כאַפּט זיך דער פּראָפעסאָר אז ער האָט געלאָזט א מעסערעל אינסייד.

ער האָט ווידער געעפענט דעם שניט, ארויסגענומען דאָס מעסערעל, פערנעהט און באלד בעמערקט אז עס פעהלט איהם נאָך אַן אינסטרומענט, עפּעס א שערעלע.

די פרוי, זעהענדיג אז מען געהט ווידער עפענען און ווידער נעהען, רופט זיך אָב צום פּראָפעסאָר:

— עס איז צופיעל באַדער, הערר פּראָפעסאָר: טרענען און נעהען, נעהען און טרענען, , מאַכט דאָס שוין בעסער מיט קנעפּלעך.

---

## צווישען טאַטעס.

מיסטער העכט (רעדענדיג פערטרויט צו זיין פריינד מיסטער קארפּ): וואָס דענקסטו פון דעם יונגענמאַן וואָס זיצט דאָרט אין זאַאל?

מיסטער קארפּ: וואָס איז דען, ער וויל ביי דיר א גמילות חסד?

מיסטער העכט: גאָט בעהיט! געלד וועל איך לייהען דעם לאַכודרע?! ער וויל בלויז הייראַטהען מיין עלטערע טאָכטער.

מיסטער קארפּ: איז וואָס־זשע פרעגסטו נאָך קשיות?

---

## ס'ווענדט זיך נאָך זיין גרויס.

חיים: צום ביישפּיעל, ווען א מאַן וואָלט דיך גערופען ליגנער, וואָס וואָלסטו געטהאָן?

ברוך (נאָכדענקענדיג): דאָס, ברודער'על, ווענדט זיך, ווי גרויס דער מאַן איז.

---

## אַ בענגענעניס.

צוויי ביזנעס־לייט האָבען זיך זעהר געאײַלט, און לויפענדיגע אײנע נעגען די אַנדערע האָבען זיי זיך אָנגעקלאַפּט נאָז צו נאָז. געהט דער אַהין, געהט דער אַנדערער אויך אַהין; געהט דער אַהער, געהט דער אַנדערער אויך אַהער. דרעהען זיי זיך אַהער־אַהין, אַהין־אַהער. האָבען זיי ביידע געוואָלט בעטען ענטשולדיגונג איינער ביים אַנדערען, נור זעהענדיג אַז די צייט געהט אַוועק, און ניט געפינענדיג קיין אויסוועג, האָבען זיי ביידע צוזאַמען מיט אַמאָל אויסגעשריען: „מיסטער! איך האָב קיין צייט ניט. גוד באַי!“ און ביידע האָבען זיך ווידער געדרעהט אַהער־און־אַהין און הין־און־צוריק...

---

## חוצפּה און פּוילקייט.

— מיס אַפּעל — האָט אַרויסגעשטאַמעלט דער שעמעוודיגער יונגערמאַן, וואָס איז געזעסען ביים צווייטען ברעג פון דער זאָפע — וואָלט איהר עס ניט בעטראַכט פאַר אַביסעל חוצפּה'דיג פון מיין זייט, ווען איך וואָלט אייך צו אַ קוש?

— חוצפּה'דיג? — האָט דאָס מיידעל איבערגעפרעגט העכסט ערשטוינט — ניין, איך וואָלט אייך בעטראַכט פאַר דעם גרעסטען פוילענצער, וואָס לעבט אויף דער וועלט.

---

## מצה־וואַסער געהט איצט ניט.

פּ אַ ב ל י ש ע ר: איך האָב אָבגעדרוקט מיסטער שרייב־שטיין'ס ראָמאַן מיט אַ פּאָר מאָנאַטען צוריק, אבער דער עולם וויל איהם ניט קויפען.

פ ר י י נ ד: דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז דער בוך וועט געהן ווי מצה־וואַסער.

פּ אַ ב ל י ש ע ר: נו, וועלכער משוגענער מענש דאַרף עס יעצט האָבען מצה־וואַסער?!....

---

## אין רעדאַקציע.

ל ע ז ע ר: אין אייער צייטונג איז ערשיענען אַ שטיקעל נייעס, וועלכע בעהויפּטעט, אַז איך בין געשטאָרבען.

ר ע ד א ק ט אָ ר: אויב דער נאָטיץ איז ערשיענען אין אונזער צייטונג, דאַן זייט איהר אָהן צווייפעל טוידט.

ל ע ז ע ר: איהר זעהט דאָך אָבער, אַז איך לעב.

ר ע ד א ק ט אָ ר: וועלל, אויב איהר לעבט, טהוט עס מיר טאַקע הערצליך לייד.

ל ע ז ע ר: על פּי יושר האָט איהר געדאַרפט עס אָברופען אין דעם קומענדען נומער, עס איז מעהר ניט ווי רעכט.

ר ע ד א ק ט אָ ר: איהר פערלאַנגט אַן אונמעגליכקייט. מיר רופען קיינמאָל ניט אָב צוריק קיין זאַך אין אונזער צייטונג. זעהט איהר, אויב איהר ווילט, קען איך אייך לעבעדיג מאַכען אין דעם קאָלום, וואו מיר רעכענען אוים די „נייגעבאָרענע“:

---

## אַ משל קאַבאַק.

— חיים, וואָס וואָלט דאָס, אַ שטייגער, געאַרט די בעקער, אַז זיי זאָלען מאַכען די בייגעל אַ ביסעל גרעסער?

— בהמה! אַז די בייגעל וועלען זיין גרעסער, וועלען דאָך די לעכער אויך מוזען זיין גרעסער.

— טאָ איז וואָס?

— שוטה! אַז די לעכער וועלען זיין צו גרויס, וועלען דאָך די בייגעל דורכפאַלען דורך די לעכער.

---

## אין העסטער סטריט.

פ ע ר ק ו י פ ע ר י ן: איך זאָל אַזוי זוכה זיין צו זעהן משיח׳ן ווי איהר האָט נאָך אַזעלכע הערינג ניט געזעהן.

ק ו י פ ע ר י ן: איך זאָל אַזוי זוכה זיין צו הערען דעם שופר של משיח ווי עס הערט זיך פערפוילטקייט.

---

## דעם קצב׳ס פּיס.

אידענע (בעטראַכטענדיג אַ פּאָר אָקסענע פּיס אויפ׳ן בוטשער־קלאָץ): מיסטער, וויפיעל ווילט איהר פאר אייערע פיס?

דעם קצב׳ס ווייב (ווערט שטארק אייפערזיכטיג): די היהנער־אויגען פון מיין מאַנ׳ס פיס קענט איהר האָבען, אָבער זיינע פיס — אַ מכה!

## קירצערע שטונדען.

גרינע (זעהענדיג אַ געזעמעל מענשען נעבען אַ פאבריק): וואָס ווילען זיי? וואָס שטעהען זיי דאָ?

נעלער: זיי סטרייקען, זיי פאָדערען קירצערע שטונדען.

גרינע: וויפיעל־זשע טאָג וועט יעצט זיין אין אַ יאָהר, אַז זיי וועלען מאַכען קירצער די שטונדען?

## ער וועט מוזען וואַרטען.

אידענע (צום פאָטאָגראַפער): וויפיעל ווילט איהר פאר פאָטאָגראַפירען מיינע קינדערלעך?

— דריי דאָלאַר פאר אַ דאָזען.

— אויב אַזוי, וועל איך קומען אין אַ פּאָר מאָנאַט ארום. איצט האָב איך דערווייל נור עלף קינדער.

## דער צער בעלי־חיים׳ניק.

— האָט רחמנות, גנעדיגע פרוי, שענקט אַ נדבה פאר אַן אָרעמע אונגליקליכע אלמנה נעבעך מיט 5 קינדער!... ווען זי וועט היינט חס ושלום ניט אריינטראָגען איהר בעל הבית 25 דאָלאַר רענט פאר איהר דירה, וועט ער זי ארויסוואַרפען אויפ׳ן גאַס...

— און ווער זיינט איהר אליין?

— טאַקע דער בעל־הבית פון איהר דירה...

## ער האָט זיך שטאַרק געביטען.

ביי א רייכען קלאָוקס־מאַנופעקטשורער איז געשטאָרבען זיין פאָטער אין רוסלאַנד און אום צו האָבען אַן אַנדענקונג פון פאָטער, האָט ער בעשלאָסען צו מאָהלען זיין בילד. קיין סך ניט געטראַכט, לויפט ער אוועק צו אַן „ארטיסט־מאהלער“.

— וויפיעל וועט איהר מיר טשאַרדזשען פאַר מיין פאטער'ס בילד צו מאָהלען? — פרעגט דער קלאָוק־מאַנופעקטשורער.

— פופציג דאָלאר. — ענטפערט דער מאַהלער.

— גוט, דאָ האָט איהר דריי דאָלאר אַן „אדערויף“.

— וואו איז אייער פאָטער?

— ער איז געשטאָרבען.

— האָט איהר מסמא זיין פאָטאָגראַפיע?

— ניין.

— קענט איהר מיר ניט זאָגען, ווי אַזוי האָט ער אויסגעזעהן?

— ער איז געווען קורץ געוואַקסען, גראָב־בייכיג, מיט א פנים פון פאָרענט, מיט א באָרד.

מיט עטליכע טעג שפּעטער לאָזט דער ארטיסט־מאהלער רופען דעם מאַן, וואָס האָט בעשטעלט דאָס בילד.

ווען דער קלאָוק־מאַנופעקטשורער האָט דערזעהן דאָס בילד, האָט ער זיך צואוויינט.

— וואָס וויינט איהר, איז עס אפשר ניט קיין גוט בילד?

— א, יא, אבער עס איז נעבעך א רחמנות, ווי מיין פאטער האָט זיך געענדערט זינט ער איז געשטאָרבען...

---

## ער האָט צייט.

מאַן (וואָס טרינקט זיך, צו א פאַרבייגעהער): ראַטעוועט! איך קען ניט שווימען!...

פאַרבייגעהער: פּש! אויך מיר א קונץ! אין איינע צוויי חדשים קענט איהר זיך עס אויסלערנען!

---

## אין דאָקטאָר־אָפּיס.

ד אָ ק ט אָ ר: דאָס טרינקען פון אַלקאָהאָל איז ביי איך, מיסטער, ניט מעהר ווי אַ שוואַכקייט פון נעמיטה...

פּ אַ צ י ע נ ט: אָה, איך זעה! דעריבער, הפּנים, מוז איך מיך אַלע ווײַלע זעהן צו שטאַרקען מיט אַ קאָפּעטשקע!...

---

## זיינע זייגערס געהען גוט.

ק אָ ס ט אָ מ ע ר:—געהען עפּעס אייערע זייגערס גוט?

ס ט אָ ר ק י פּ ע ר: אויסגעצייכענט! לעצטע וואָך האָב איך פערקויפט הונדערט שטיק.

---

## אַ רפואה צו שטומעניש.

פּ ע ר צ ו ו י י פ ע ל ט ע ר מ אַ ן: דאָקטאָר, מיין ווייב האָט פערלאָרען איהר שטימע, וואָס זאָל איך טהון?

ד אָ ק ט אָ ר: פּרובירט קומען אהיים שפּעט אַ פּאָר נעכט אין דער וואָך.

---

## דער קראַנקער דיכטער.

ד אָ ק ט אָ ר: נו, ווי געהט עס? ווי פיהלט איהר היינט? לאָזט אקאָרשט זעהן אייער צונג.

ד י כ ט ע ר: אָ, וועלכע צונג איז דאָ אימשטאַנד צו דער־צעהלען, ווי שלעכט איך פיהל מיך היינט!...

---

## צוליעב אַ פּעני — לוינט זיך ניט.

— שענקט אַ נדבה!

— אַזאַ געזונדען קערל גיב איך ניט.

— וואָס וואָלט איהר געוואָלט, צוליעב אייער פּעני זאָל איך מיר לאָזען אַ האַנד אָבהאַקען?

---

## אַזוי וועט זיין שנעלער.

חיים קומט אריין מיט זיין יענטען אין א בילדער־גאַלערי און חיים זאָגט צו יענטען:

— סך הכל האָבען מיר נאָך א האַלבע שטונדע דאָ צו זיין, און ווער ווייס, אויב מיר וועלען די אַלע בילדער קענען בעטראַכטען אין אזא קורצער צייט.

— שוטה! — רופט זיך אָב יענטע — פאַר וואָס ניט? דו קוק אויף איין וואַנד און איך וועל קוקען אויף דער אנדערער...

---

## פאַר וואָס ער טעלעגראַפירט.

א איסט־סיידער לענדלאָרד (צום בעאַמטען פון פּאָסט־אָפיס): איך וויל טעלעגראַפירען.

בעאַמטער: אָט איז פּאַפּיער און א פעדער. שרייבט אויף די טעלעגראַמע.

לענדלאָרד: א חכם! ווען איך זאָל קענען שרייבען, וואָלט איך דאָך ניט טעלעגראַפירט!

---

## אים פריהלינג.

איינער: ווען עס רעגענט אזוי צוויי וואָכען כסדר, וועט אַלעס אָנהויבען ארויסשפּראָצען פון דער ערד.

צווייטער: חלילה וחס! גאָט זאָל אָבהיטען, איך האָב אויף דעם היילינגען אָרט צוויי ווייבער בעגראָבען.

---

## דער תירוץ איז ווערטה געלד.

באָס: ביזט שוין היינט ווידער שפּעט געקומען. פאַר וואָס קום איך אין צייט אַלע טאָג?

קלורק: ווייל איהר פערברענגט ניט מיט אייער טאָכטער ביז 1 אוהר אין דער נאַכט, און איך יאָ.

---

## אויב אַזוי, איז עפּעס אַנדערש!

הענדריק: האָסטו געהערט וועגען דער בייבי, וואָס איז אויפגעצויגען געוואָרען אויף מילך פון א חזיר?

שמענדריק: אויף מילך פון א חזיר! — אוי, אוי, אוי...

הענדריק: יע, דאָס איז טאַקע געווען דעם חזיר'ס בייבי.

## אין מוזעאום.

— ווער איז דאָס דער סקעלעט?

— דאָס איז פון קאָלומבוס'ן.

— און ווער איז אָט דער קליינער סקעלעט?

— דאָס איז אויך פון קאָלומבוס'ן, ווען ער איז נאָך געווען א בייבי.

## אַלץ הייסט שנעל.

מאַן (צום עקסידענט־אינשורענס איידזשענט): צאָהלט אייער פירמע שנעל?

איידזשענט: יעס, סער, זעהר שנעל. פאַרינג וואָך איז אַן ארבייטער, וואָס איז געווען ביי אונז אינשורט, ארונטערגעפאַלען פון א פינף־פּלאָרינע געביידע, און ווען דער ארבייטער איז פערביי־געפלויגען דעם דריטען פלאָר האָט שוין אונזער קאָמפּאַני איהם דערלאַנגט א טשעק.

## פערריכט דעם טעות.

עס ווערט דערצעהלט, אַז בעת דר. הערצל איז געשטאָרבען האָט א אידישע צייטונג אין ערגעץ ניט געקענט קריגען זיין בילד, האָט זי אריינגעשטעלט דאָס בילד פון יעקב גאָרדין; דערפאַר, אַז גאָרדין איז געשטאָרבען האָט די צייטונג פערריכט דעם אַמאָליגען פעהלער און האָט אָבגעדרוקט דאָס בילד פון דר. הערצל.

## וואָס איז פּאָעזיע.

מוטער: וואָס לערענסטו, מיין טאָכטער?

טאָכטער: פּאָעזיע.

מוטער: וואָ—אָס?... פּאָעז... וואָס איז דאָס אַזוינס?

טאָכטער: פּאָעזיע איז אַ זאַך וואָס קלינגט. למשל: דו הייסט שרה — ווער אַ כפּרה!...

מוטער: אַזוי? פערשטעה איך...

אין אַ פּאָר טעג אַרום בעגעגענט זיך די מוטער מיט אַ שכנה.

שכנה: וואָס לערענט אייער טאָכטער?

מוטער: פּאָעזיע.

שכנה: וואָס איז דאָס אַזוינס?

מוטער: אָט, אַ שטייגער, אַז דו הייסט יאכנע — טאָ ווער אַ כפּרה...

---

## ביטערע צייטען.

בעל צדקה: איך האָב געהערט אַז איהר זיינט בלינד, צום סוף האַלט איהר אָפען די אויגען און איהר זעהט גאָר.

בעטלער: איך וועל אייך זאָגען דעם אמת, מיסטער, די צייט איז אַזוי אין דער ערד, און די קאָנקורענץ איז אַזוי גרויס, אַז אפילו אַ בלינדער מוז היינט האַלטען די אויגען אָפען, אויב ער וויל אַ לעבען מאַכען.

---

## אַן אייזערנער בעוויז.

דזשענטלמען (אויפהויבענדיג אַ פינף דאָלאַר גאָלדשטיק פון דער ערד, צו אַ טרעמפּ, וועלכער טענה'ט, אַז דאָס איז זיינער): אבער ווי קען איך וויסען, אַז דער 5 דאָלאַר גאָלדשטיק איז דיינער?

טרעמפּ: ס'הייסט ווי? איהר קענט דאָך אַליין פערשטעהן, אַז איך האָב אַ לאָך אין מיינע הויזען־קעשענעם.

---

## אויף דער לינקער זייט.

בענצע: די וועלט זאָגט, אז פוטער מיט ברויט אז ס'פאלט ארונטער, פאלט עס אימער מיט די פוטער אראָב. ווי אז ס'פאלט מיט די פוטער ארויף, טאָ וואו בלייבט דער וויץ?

שמעריל: איז דאָס טאקע א סימן, אז מען האָט עס אנגעשמירט פערקעהרט.

## א קלוגע דיענסט.

היענסט: מאדאם, א מאן וויל אייך זעהן.

מאדאם: אוי, איז דאָס אפשר א נעגער?

דיענסט: אוי, ס'איז מיר גאָר ניט איינגעפאלען דאָס איהם צו פרעגען.

## אוי, די קאָנקורענץ!

צו א קאטערינשטשיק: וואָס, איהר מאכט טאקע א לעבען פון אייער קאטערינקע?

דער קאטערינשטשיק: איך וואָלט געמאכט א גאנץ שעהן לעבען, נור דער מאנהעטען און דער מעטראָפּאָליטאַן אָפּערא הויז הרג'ענען מיר אוועק די גאנצע פרנסה.

## א גאון'ישער איינפאל.

א גרינער פארמער האָט געוואָלט ארייננקוקען א פערד אין די צייהנער און דאָס פערד האָט ניט געוואָלט עפענען דאָס מויל. וואָס פאר א פאָרטלען דער פארמער האָט ניט אָנגעווענדעט, האָט אלץ ניט געהאָלפען. פאלט דער פארמער אויף א שכל, געהט צו צום פערד און גיט א געשריי:

„העי, גיב א גענעץ!“

## אַן ענטפער אין צייט.

א רייזענדער, וועלכער האָט זיך געאיילט צום טריין, האָט אָב־געשטעלט א זאַאיקעוואַטען מאַן, מיט דער פראַגע, ווי שפּעט עס איז, און ער האָט בעקומען דעם פאָלגענדען שנעלען ענטפער:
„ע—ע—ע—ע—ס—ס—ס ט—ט—ט—ו—ו—ו—ט—ט—ט
מ מ—מ—י—י—י—ר—ר—ר ז—ז—ז—ע—ע—ע—ר ל—ל—ל
ב—אָ—ה—ה—ה ך—י—י—י—א—א—א ד—ד—ד—י—י—י—ל
יי—יי—ז—ז—ז ן—י—י—י—ק—ק—ק ט—י—י—י—נ—נ—נ
יי—נ—ג—ג—ע—ר!“

דער רייזענדער האָט פערשפּעטיגט די טריין.

---

## מען האָט איהם פערביטען.

א יונגער מאַן קומט אריין אין דער געזעלשאַפט פון שעהנע מיידלעך. איינע פון די מיידלעך פרעגט איהם: — וואָס איז דער מעהר מיט אייך, מיסטער גימפּעל, וואָס איהר זייט אזא מיאוס׳־קייט? מ׳קען דאָך פּשוט אויף אייך א קוק ניט טהאָן.

דער יונגער מאַן ווערט גאָר ניט נתפּעל און ענטפערט: — איהר מיינט, אז איך בין אימער געווען אזא פערזעהעניש, האַ? ס׳הויבט זיך גאָר ניט אָן! איך בין געבאָרען געוואָרען שוין גאָר א קראַסאַוועץ. נור קליינערהייד, ווען מיין מאַמע איז ארויס פון שטוב, האָט א ציגיינערקע מיך ארויסגענומען פון וויגעלע, און אויף מיין פּלאַץ אַוועקגעלעגט אַן אנדערען, א מיאוס׳ערען.

---

## אַ תירוץ.

בעריל: אייערע נייע שיך סקריפּען אזוי מאָדנע, גלייך ווי איהר וואָלט פאַר זיי ניט בעצאָהלט...

שמעריל: אויב אזוי, וואָלטען דאָך בעדאַרפט, מיין ראָק, מיין וועסט, מיין העט, מיינע תחתונים אויך סקריפּען...

---

## ווען אַ לאַיערקע געווינט.

ב ע ר י ל: ווארום איינגענטליך וויל מען ניט נעהמען אַ פּרויען־לאַיער צו אַ קיים אין קאָורט?

ש מ ע ר י ל: שוטה! וואָס איז דער וואונדער? אַז אַ פרוי קען געווינען בלויז איין מאָל אין זיין מאַנאַט.

## וואָרום ער האָט עס דערקענט.

אַ קריטיקער בעגעגענט אַ יונגען דיכטער אין אַ געזעלשאַפט פון מיידלעך און ער פרעגט איהם:

— איז דאָס אייער געדיכט, וואָס איז געווען געדרוקט אין שבת'דיגער צייטונג?

— ניין, — ענטפערט דער דיכטער.

— טאָ פאר וואָס קלעבט זיך אין דעם געדיכט ניט אַ וואָרט צו אַ וואָרט?

## עה, ווען די נאַראָנים וואָלטען געהאַט שכל!...

ז ו ה ן: וואָס איז אַ קריטיקער?

ט א ט ע: אַ מענש, וואָס קען ניט שרייבען.

ז ו ה ן: דאָס אַלעס?

ט א ט ע: אַ מענש, וואָס ווארט ביז יענער שרייבט עפּעס אָן.

ז ו ה ן: און דאַן?

ט א ט ע: דאַן האָט ער וואָס צו שרייבען.

ז ו ה ן: קענען דאָך איהם די שרייבער אָבטהאָן אַ שפּיצעל און ניט שרייבען.

ט א ט ע: עה! די נאַראָנים זאָלען האָבען שכל!...

## אַ קליינער אונטערשיעד.

ערשטער גנב: סעי, וואָס האָט דיך געטריבען גנב'ענען?

צווייטער גנב: אַ קראַנק ווייב און צוויי קראַנקע קינדער.

ערשטער גנב: און מיך האָבען געטריבען גנב'ענען: איין קראַנק קינד און צוויי געזונדע ווייבער...

---

## אַ ריכטיגער תירוץ.

ריכטער: אין איין חודש האָט איהר זיעבען קאַפּעלושען גע'גנב'עט.

גנב: איך האָב אַ גרויסען קאָפּ, קוים זיך צוגעקליבען דעם ריכטיגען קאַפּעלוש...

---

## זיין אַדוואָקאַט האָט שוין אַלעס.

ריכטער (צום אָנגעקלאָגטען): האָט איהר נאָך עטוואָס אָנצוגעבען אין געריכט איידער מען פער'משפט'ט אייך?

אָנגעקלאָגטער: ניין, הערר ריכטער, ליידער האָב איך קיין זאַך ניט, מחמת מיין לאָיער האָט שוין ביי מיר אַלעס צוגענומען...

---

## שטאָף פאַר אַ טראַגעדיע.

פרוי: הער, מיין ליעבער מאַן, איך האָב אויסגעפונען אַן אויסגעצייכענטען שטאָף!

מאַן (דראַמאַטורג): פאַר אַ טראַגעדיע אָדער פאַר אַ קאָמעדיע?

פרוי: ניין, פאַר אַ זומערדיגע קלייד.

מאַן: אַלזאָ, הייסט עס: שטאָף פאַר אַ טראַגעדיע!

---

## ער וועט זיך דערוואַרטען...

נאָך דער פאָרשטעלונג. דער אַקטיאָר געהט אַרויס פון טהעאַטער האַלטענדיג אַ שטיוועל. דער מענערדזשער בעגעגענט איהם און פרעגט:

— וואָס פאַר אַ שטיוועל טראָגט איהר עפּעס אין האַנד?

— דעם שטיוועל האָט מען מיר היינט געוואָרפען פון גאַלערי.

— טו וואָס־זשע טראָגט איהר איהם נאָך אַהיים מיט זיך?

— ווייל איך ריכט זיך מאָרגען אָבענד אויפ׳ן צווייטען...

---

## דער לאָיער פערשפּיעלט.

— מיינע הערן געשוואָרענע — האָט אַ לאָיער אויסגערופען אין געריכטס־הויז, — עס זיינען געווען פונקט 36 פערד, ביטע געדענקט עס — דאָס הייסט דריי מאָל אַזוי פיעל, וויפיעל עס געפינט זיך אין דער „דזשורי באָקס“, מיינע הערען. —

דער לאָיער האָט דעם פּראָצעס שוין ניט געוואונען...

---

## אויפ׳ן קאָסטען איז ביליגער.

— וואָס קען איך קריגען פאַר צו׳גנב׳ענען אַן איי?

— זיעבען יאָהר דלות.

— און פאַר צוויי אייער?

— פערצעהן יאָהר דלות.

— און פאַר פינף אייער?

— פינף און דרייסיג יאָהר דלות.

— און פאַר אַ גאַנצען קאַסטען אייער?

— זעקס דאָלאַר.

— אויב אַזוי, גנב׳ע איך אַ גאַנצען קאַסטען.

---

## מזל טוב!

צוויי חברים, נאָך אַ ניט זעהן זיך פון צוואַנציג יאָהר, האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען אין אַמעריקאַ. זאָגט דער גרינער (וועלכער איז טויבלעך): נאָך אַלץ אַ בחור?

געלער: חלילה, שוין חתונה געהאַט.

גרינער: מזל טוב דיר!

געלער: די ערשטע ווייב שוין בעגראָבען.

גרינער: מזל טוב דיר!

געלער: די צווייטע שוין גע'גט.

גרינער: מזל טוב דיר!

געלער: דאָס דריטע ווייב אָבער לעגט מיך אין דער ערד!

גרינער: נו, מיט מזל, ברודערקע!

געלער: אָבער אויב איך וועל זי ניט גט'ן, וועט זי מיך בעגראָבען אַ לעבעדיגען.

גרינער: נו, זאָל זיין מיט מזל!...

---

## אויפ'ן בית עולם.

פרעמדער: קענט איהר מיר ניט זאָגען, וואו איך קען דאָ געפינען אַ מעדיציניש ביבליאָטהעק?

שטאָדטישער: אויפ'ן בית עולם, מיסטער, דאָרט וועט איהר געפינען די בעסטע ווערק פון די גרעסטע דאָקטוירים.

---

## אין האָטעל.

גאַסט (צום האָטעל־קיפער): פאַר וואָס האָט מען היינט ניט געהייצט אין דיעזען צימער? איך ווער דאָך פערפרוירען!

האָטעל־קיפער: וואַרט אַ מינוט, איך ברענג אייך באַלד אַ חשבון, וועט אייך ווערען וואַרעם.

---

# אלגעמיינע וויצען

## און זיי האָבען געוואַרט...

ד ר א מ א ט ו ר ג (צו די שוישפּיעלער): קינדער, וועט מיין שטיק ביי דער ערשטער אויפפיהרונג זיין א סוקסעס, בין איך אייך מכבד אין רעסטאָראנט מיט א סאַפּער; וועט די פּיעסע פאַלען דורך, חלילה, לאָז איך אייך איין נאָר אין קאַפע־הויז.

נאָכ'ן שפּיעלען האָט דער דראַמאַטורג אונגעדולדיג ערוואַרטעט די אַקטיאָרען אין רעסטאָראַנט, און זיי, דאַגעגען, האָבען נעבעך געוואַרט אויף איהם אין קאַפע־הויז...

---

## ער וויל רעאַליזם.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: מאַדאַם, מיט אזא שפּיעלען וועט איהר ווייט ניט קאָנען געהן!

א ק ט ר י ס ע (דערשראָקען): וואָס איז! בין איך אפשר שלעכט געשטאָרבען, הא? איהר האָט דאָך אזוי געהייסען.

מ ע נ ע ד ז ש ע ר: ניין, דאָס שטאַרבען בין איך אייך מוחל — נאָר דאָס אויפשטעהן איז מיר ניט געפעלען....

---

## שמועסען הינטער טהעאַטער קוליסען.

א ק ט י אָ ר: קענט איהר מיר ניט זאָגען, הערר רעזשיסער, דעם רעפּערטואַר פון קומענדער וואָך?

ר ע ז ש י ס ע ר: צו וואָס דאַרפט איהר עס אזוי נויטיג ווייסען?

א ק ט י אָ ר: איך מוז געגוי ווייסען, וועלכע ג א ר ד ע ר אָ ב איך מעג יעצט פערזעצען...

---

## וואו איז דאָס צווייטע פּופּיקעל?

מ ו ט ע ר: איך האָב איבערגעלאָזט צוויי פּופּיקלעך און יעצט געפין איך נור איינעם!

ד ז ש י י ק י: א יך... איך.... איך בין ניט שולדיג, מאמא, אין אייז־באקס איז געווען פינסטער, האָב איך דעם צווייטען ניט געזעהען.



## רויכערען און קיצור ימים.

זיידע: סעמי, איך האָב דיר שוין פופציג מאָל געזאָגט, אז דו זאָלסט אויפהערען רויכערען.

סעמי: פאר וואָס עפּעס?

זיידע: ווייל רויכערען פערקירצט דעם מענשענ'ס לעבען.

סעמי: זיידע, דו רויכערסט דאָך אויך.

זיידע: הערסטו! איך בין יעצט 84 יאָהר אלט, און ווען איך זאָל ניט געווען רויכערען וואָלט איך שוין יעצט אַלט געווען אפשר הונדערט און צוואַנציג.

---

## פון ערשטען חורבן.

מלמד (צו א נייעם תלמיד): ווער איז געווען גדליהו?

תלמיד: דאָס קען איך ניט וויסען. איך לערען ביי אייך ערשט פון חורבן בית שני. מיין ברודער לערנט ביי אייך פון דוד המלך'ס צייטען, פרעגט איהם.

---

## דער „פ" אין „קרח".

מלמד (שרייט מיט כעס צום תלמיד): זאָג-זשע, שייגעץ, צו וואָס דאַרף מען דעם „פ" אין קרח?...

תלמיד (פערוואונדערט): אין קרח איז דאָך קיין „פ" ניטאָ.

מלמד (דרעהט מיט'ן גראָבען פינגער): צוםביישפּיעל ס'איז יע פאַראַן א „פ" אין קרח.

תלמיד (נאָך מעהר פערוואונדערט): צו וואָס דאַרף מען איהם?

מלמד (מיט כעס): זאָג איך אויך דאָס זעלבע, צו וואָס דאַרף מען דעם „פ" אין קרח???

---

## אַ קינד ווייס ניט קיין חכמות.

דזשעני: אוי־וואַ! אַ פּראַסט אַ ביסעל!... איך קלאַפּ אַזש מיט די ציינער פאַר קעלט...

קליינער דזשעקעל: וואָס דאַרפסט איהר קלאַפּען מיט די ציינער, טאַנטע, איהר נעהמט זיי בעסער ארויס פון מויל.

---

## וואָרום ער גלייכט דעם קאָזין.

פאָטער (צום קינד): סעמעלע, וועמען גלייכסטו בעסער, מיך אָדער דעם קאָזין?

סעמעלע: דעם קאָזין בעסער.

פאָטער: וואָרום?

סעמעלע: אַז דו קומסט אהיים, הייסט מיר די מאַמע זיצען אין הויז, און אַז דער קאָזין קומט, גיט מיר די מאַמע אַ פּעני און הייסט מיר גערן זיך שפּיעלען אין סטריט...

---

## אַ מגפה אין שטאָדט.

אַ רבי האָט אמאָל געלערענט מיט אַ אינגעל ותמת שרה.

רבי: ותמת איז געשטאָרבען.

תלמיד: וואָס איך הער! ותמת איז געשטאָרבען.

רבי: משומד, דער טייטש איז געשטאָרבען.

תלמיד: אוי, וועה איז צו מיר, משומד דער טייטש איז אויך געשטאָרבען?

רבי: דו פּושע־ישראל איינער, שרה איז דאָך געשטאָרבען.

תלמיד: אַ מגפה מוז זיין ביי אייך אין שטאָדט. אַלע שטאַרבען: ותמת איז געשטאָרבען, דער טייטש איז געשטאָרבען, און שרה איז אויך געשטאָרבען?...

---

## געבענשט לעמאָן.

א אינגעל קומט אריין אין שטוב זעהר א פערשוויצטער. דער טאטע פרעגט איהם:

— זאָג נור, סעמקע, וואו ביזטו דאָס געווען, וואָס דו שוויצסט אזוי?

—אין שוהל! — ענטפערט דער קליינער סעמקע.

— גיב מיר א סימן — זאָגט דער טאַטע.

— א סימן, א סימן... איך האָב געבענשט לעמאָן...

---

## וואָס איהר מאַמע טהוט.

גרינער רבי (צו אן אמעריקאניזירטע מיידעלע): וואָס דארף א פרומע אידישע טאָכטער טהון, איידער זי געהט שלאָפען?

מיידעלע (שווייגט).

רבי: נו, און וואָס טהוט דיין מאַמע, איידער זי לעגט זיך אין בעט אריין?

מיידעלע: אָ, מיין מאמע? זי ניעהמט ארויס די צייהן פון מויל און לעגט זיי אריין אין א גלאָז.

---

## ניגערשע בלוט.

סעמקעלע איז געקומען פון סקול מיט די ביכער אין גאנצען פערפאטשקעט.

— אָ, דו קונדס איינער, וואו האָסטו דאָס געמאַכט א תכלית פון די ביכער? — האָט די מאַמע זיך געבייזערט.

סעמקעלע: נים מיין שולד, מאַמע, לעבען מיר איז געזעסען א ניגער־באָי, האָט ער זיך איינגעשניטען א פינגער און זיין בלוט האָט אראָבגעקאַפעט אויף די ביכער...

---

## אַ תלמיד חכם.

ל ע ה ר ע ר: ווי לאַנג האָט געדויערט דער דרייסיג־יעהריגער קריעג?

ת ל מ י ד: איך ווייס ניט.

ל ע ה ר ע ר: ווי אַלט איז דיין צוועלף־יעהריגער ברודער?

ת ל מ י ד: צוועלף יאָהר.

ל ע ה ר ע ר: נו, זאָג־זשע מיר איצט, וויפיעל האָט געדויערט דער 30־יעהריגער קריעג?

ת ל מ י ד: צוועלף יאָהר.

---

## קען ניט אָבדינגען.

פערביינעהענדיג אַ סקול האָט אַ מאַן געטראָפען אַ קליינעם באָי ביים סקול וויינענדיג. אויף די פראַגע וואָס ווייגסטו? האָט דער באָי געענטפערט, אז דער טיטשער האָט איהם ארויסגעשיקט פון סקול דערפאַר, ווייל ער האָט ניט געוואוסט וויפיעל 2 מאָל 2 איז.

דער מאַן האָט איהם געהייסען אריינגעהן אין סקול און זאָגען דעם טיטשער, אז 2 מאָל 2 איז 4.

— יא, זאָגט דער באָי ווייגענדיג, איך האָב איהם שוין געזאָגט 5, און ער וויל נאָך ניט.

---

## ער געהט עס דערצעהלען דער מאַמען.

אַ פאָטער בעגעגענט זיין קליינעם זוהן קומענדיג פון חדר.

— בעני, — זאָגט דער פאָטער צו איהם — דו ביזט היינט רייכער געוואָרען מיט אַ ברודעריל.

— איך געה דאָס אָנזאָגען דער מאַמען! — האָט בעני אויס־געשריען — אוי, וועט זי זיך פרעהען!

---

# קינדער וויצען

---

## אבגענארט די מאמע.

בענעלע (לויפט אריין אין פראנט רום, שרייט אויס): אוי, מאמע, א מאן איז אריין אין קיך און קושט זיך מיט דער דיענסט. (די מוטער לויפט אריין אין קיך, בענעלע לויפט איהר נאך. אויפ'ן שוועל שטעלט ער זיך אב און רייצט זיך מיט דער מוטער:) עה, עה, איך האב דיך אבגענארט; עס איז ניט קיין מאן, עס איז גאר דער טאטע!...

---

## העפליכקייט.

א פאטער האט געלערענט זיין קינד גוטע זיטען, ווי צום ביישפיעל, ווען ער וועט פאהרען אין א קאר און א ליידי וועט שטעהן בעפאר איהם, זאל ער זיך אויפשטעלען און אפערען דער ליידי דעם סיט.

איינמאל, ווען דאס קינד איז געפאהרען מיט דעם פאטער אין א געפאקטער קאר מיט מענשען, איז דעם קינד אויסגעקומען צו זיצען ביים פאטער אויפ'ן שויס. ווען א ליידי איז אריינגעקומען און איז געבליבען שטעהן נעבען איהם, איז דאס קינד העפליך אויפגע־שטאנען און האט געזאגט צו דער ליידי: „ביטע, פערנעהמט מיין פלאץ“.

---

## ער האט מעהר טאטעס.

קינד: די קינדער האבען זיך מיט מיר גערייצט; זיי האבען געזאגט, אז איך האב ניט קיין טאטען.

מוטער: וואס־זשע האסטו זיי געענטפערט?

קינד: איך האב מעהר טאטעס פון אייך...

---

## אַ פערזעסענע מיידעל.

דער פאַפּיער ־ פאַבריקאַנט רופט זי : אַן אַלטע שמאַטע.
דער בוימייסטער — אַן אַלטע חורבה.
דער עסיג־מאַכער — אַ פערזויערט פּנים.
דער טהעאַטער־מענעדזשער — אַן אַלטע כאָריסטקע.
דער סטאָליאַר — אַ פערדראָסטעטער טשוואָק.
דער באָטאַניקער — אַ פערוועלקטע רויז.
דער שלאָסער — אַ פערזשאַווערטער שלאָס.
דער בארבער — אַ טשערבאַטע בריטווע.
דער עקספּרעסמאַן — אַן אַלטע שקאַפע.
דער דיכטער — דאָס אויסגעזונגענע ליעד.
דער רעדאַקטאָר — אַן אַלטער ארטיקעל.
דער באַנקיער — אַן אָבגעריבענע מטבע.
דער שניידער — אַן אָבגעטראָגען מלבוש.
דער גאַרבער — אַן אַלטע פעל.
דער שוסטער — אַן אַלטע כאָלאָווע.
דער זייגער־מאַכער — אַן אָבגעקראָכען ציפער־בלעטעל.
דער שמיעד — אַן אַלטער בלאָז־זאַק.
דער בוכהאַלטער — אַן אָבגעריבענער נול.
דער אַגראָנאָם — אַ פרוכטלאָזער באָדען.
דער ריכטיגער נאָמען איז : אַ „צער בעל החיים“.

## אויף איהר געזאָגט געוואָרען.

מיסיס האָלמאַן: אַ ניכפּה מעג קומען אויף מיין מאַן כאָטש היינטיגען טאָג.

מיסיס וואָלמאַן: וואָס האָט איהר צו אייער מאַן?

מיסיס האָלמאַן: ער בעהאַנדעלט מיך ווי אַ דיענסט־מיידעל.

מיסיס וואָלמאַן: אוי, ווען מיין מאַן וואָלט מיך בע־האַנדעלט, ווי ער בעהאַנדעלט מיין דיענסט־מיידעל... איך וואָלט געווען די גליקליכסטע אין דער וועלט!

## שבועות און די פרויען.

מ אַ ן (צו דער פרוי): שבועות איז טאַקע דער בעסטער יום טוב. אַ קליינינקייט, בעת מתן תורה זיינען מיר דאָך געווען אָבגעשיידט פון אייך גאַנצע דריי מעת־לעת!

פ ר ו י: אַ בייזע שמחה אויף אייערע קעפּ. ווען מיר זאָלען דאָרט געווען זיין, וואָלט מען אייך אַזאַ פּעקעל ניט אריינגעשפּאַרט.

## פרוי און דיענסט.

פ ר ו י (צו דער דיענסט): מיין מאַן איז אַוועק היינט אַזוי בייז פון היינטיגען דינער, וואָס דו האָסט געקאָכט, אַז ער האָט מיר אפילו קיין איין קוש ניט געגעבען פאַר זיין אַוועקגעהן.

ד י ע נ ס ט: נאָר פאַר'ן דינער? נעהט, עס קען ניט זיין! הלמאי האָט ער מיך געקושט!

## אויך אַן ערקלעהרונג.

מ ו ט ע ר: דזשעני, פאַר וואָס האָסטו זיך נאָר ניט גע־וועהרט, ווען דער שאַרלאַטאַן האָט דיך געהאַלטען אין איין קושען?

ט אָ כ ט ע ר: איך בין געווען טשיקאַווע צו זעהן ווי לאַנג עס וועט דויערען זיין חוצפּה...

## טרעפט וואָס זי איז געגאַנגען טהאָן.

י ו נ ג ע ר מ אַ ן: איהר ווייסט, אַז זינט איך קען אייך, האָב איך אייך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אין אַ ווייסען קלייד.

מ י י ד ע ל: וואָס איז דען, אייך געפעלט אַ וויים קלייד?

י ו נ ג ע ר מ אַ ן: ניין, ניט גראָדע דאָס; נור ווען איך זעה אַ מיידעל אין אַ וויים קלייד, ווילט זיך מיר איהר אַ קוש טהאָן.

מ י י ד ע ל: ווילט איהר זיין אַזוי פריינדליך און מיר ענט־שולדיגען אויף 10־15 מינוטען?

דער סטאָר־קיפּער גלאָצט אויס אַ פּאָר אויגען און פרעגט:
„נאָך וואָס דאַרפט איהר עפּעס האָבען צוועלף בייבי־קערידזשעס?“
דער יונגער מאַן ענטפערט:
— ערשט נעכטען געוואָרען אַ חודש נאָך דער חתונה, האָט מיר שוין מיין פרוי געבאָרען אַ שעהן מיידעלע. איז וואָס דאַרף איך אַלע חודש האָבען אַ קלאָפּאָט צו קויפען אַ קערידזש? אמעהר וועל איך קויפען אַ טוצענד, וועט זיין גענוג אויפ'ן גאַנצען יאָהר.

## זיין ווייב איז אַ געלינקטע.

דאָקטאָר: האַלאָ, מיסטער פּאַנטאָפעל, וואָס איז ביי איך עפּעס פערבונדען די רעכטע באַק?
מיסטער פּאַנטאָפעל: פערשטעהט איהר מיך, מיין ווייב איז אַ „געלינקטע“, ניט פאַר מיר געדאַכט...

## זיך מודה געווען.

ווייב: נו, זאָג אליין, וואָס וואָלסטו איצט געווען, ווען איך וואָלט דיר ניט געגעבען קיין נדן?
מאַן: אַ בחור.

## ביזנעס.

חוה: איך האָב נעכטען געכאַפּט מיין מאַן, ווי ער האָט געקושט דאָס דיענסט־מיידעל; דאָס האָט איהם אָבער געקאָסט טהייער. אין דער זעלבער רגע האָט ער מיר געמוזט געהן קויפען אַ דרעס.
לאה: און דאָס דיענסט־מיידעל האָסטו ארויסגעטריבען?
חוה: נאָך ניט, איך וויל זיך פריהער אביסעל בעקליידען.

## זוכט די רפואה פאַר דער מכה.

קאַסטאָמער: ווילט איהר אזוי גוט זיין און מיר געבען א שטיקעל פלייש פאַר מיין אונטערגעשלאָגענעם אויג?

בוטשער: אייער אויג איז דאָך גאָר ניט אונטערגעשלאָגען!

קאַסטאָמער: דערווייל נאָך ניט, אָבער איך בין אין הויז שוין ניט געוועזן פאר די לעצטע דריי טעג, און יעצט געה איך אהיים צו מיין פרוי...

---

## א גליקליכער צאָהן.

דאָס ווייב (קומענדיג אהיים פון דענטיסט): נאָט צו דאנקען, מיין מאַן — פטור געוואָרען פון בייזען צאָהן.

דער מאַן: גליקליכער צאָהן! דו ביזט שוין פטור געוואָרען פון איהר גרויסען מויל.

---

## זיין ווייב פעראונגליקט — וויל ער א גט.

אין א קאליפאָרניער געריכט איז לעצטענס פאָרגעקומען א זעהר אינטערעסאנטע „קיים“. א פארמער איז געקומען אָנקלאָגען זיין פרוי אויף א גט.

— אויף וועלכען גרונד? — האָט איהם דער ריכטער געפרעגט.

— יור האָנאָר! — האָט דער פארמער אויסגעשריען — ווען איך האָב מיט איהר געהייראַטה מיט צעהן יאָהר צוריק, איז זי געוועזן שטום. ניט לאַנג צוריק אָבער האָט מיט איהר פאסירט אַן „עקסידענט“, — זי איז ארונטערגעפאלען פון בוידים, און זייט דאן האָט זי אָנגעהויבען רעדען...

---

## א בעל תכלית.

א יונגער מאַן קומט אריין אין א פאָרניטשור סטאָר און פרעגט דעם בעל־הבית: „מיסטער, וויפיעל וועט איהר רעכענען פאַר צוועלף בייבי־קערידזשעס (קינדער־וועגעלעך)?“

## די עברה אויף איהר קאָפּ.

מ א ן: וואָס! פופציג דאָלאַר האָסטו בעצאָהלט פאַר דער העט? דאָס איז דאָך אַ שרעקליכע עברה!

וו י י ב: עס מאַכט ניט אויס; איך נעהם דיזע עברה אויף מיין קאָפּ....

---

## צוויי בוימער.

י ו נ ג ע א ל מ נ ה: אונטער דעם עפּעל בוים האָט ער זיך מיר אין ליעבע ערקלעהרט.

א ש כ נ ה: און אויף דעם בארען־בוים האָט ער זיך אויפ־געהאנגען...

---

## נאָך דעם באָל.

פ ר ו י: משוגע ביזטו, מיינע שונאים!! גיסט דער פרוי פאר א העט־טשעק א גאַנצען דאָלאַר! ? — א „ניקעל" איז גענוג!

מ א ן: לאָז מיך אָב מיט דיינע עצות! זעה נור, בעסער, וואָס פאר אַן אויבעררָאָק זי האָט מיר דערפאַר געגעבען!...

---

## ביידע גע'פּטר'ט.

א מאַן בעזוכט א משוגעים־הויז און פרעגט דעם אויפזעהער:

— ווער איז אָט דער משוגע'נער?

— דיעזער מאַן האָט געליעבט א פרוי 10 יאָהר און דריי טעג פאַר דער חתונה האָט זי געהייראַטה מיט אַן אַנדערען.

— און ווער איז אָט יענער משוגע'נער?

— דאָס איז דאָס טאַקע דער מאַן מיט וועמען זי האָט געהייראַטה.

## ער דאַרף די מאַשינקע.

א דאָקטאָר איז גערופען געוואָרען צו א קראַנקע פרוי. נאָכדעם ווי ער האָט זי בעטראַכט, האָט ער איהר ארונטערגעלעגט דעם טערמאָמעטער אונטער׳ן צונג און האָט איהר געהייסען צומאַכען דאָס מויל.

דער מאַן, וועלכער איז געשטאַנען דערביי און האָט געזעהן ווי זיין ווייב האַלט דאָס מויל א 60 סעקונדען, האָט אויסגערופען מיט בעגייסטערונג:

— אוי, דאָקטאָר קרוין, וויפיעל ווילט איהר פאַר דער מאַשינקע?

---

## אַן ענטשולדיגונג.

פרוי (צום מאַן): פוי, אונפערשעהמטער הולטאַי! נעכטען האָב איך ערשט צוגענומען א נייע דיענסט, און היינט געהסטו דיך שוין מיט איהר קושען אין דער פינסטער!

מאַן: פאַרדאָן, איך האָב געמיינט, דאָס איז נאָך די אַלטע דיענסט...

---

## ער — אויך.

ראובן לויפט א פערסאָפּעטער אין גאַס און שמעון בעגעגענט איהם.

— וואו לויפסטו דאָס אזוי?

— צום דאָקטאָר. עפּעס געפעלט מיר ניט מיין אידענע.

— אויב אזוי, לויף איך מיט. מיין אידענע געפעלט מיר אויך ניט.

## זיין ווייב׳ס „ראָק“.

ב ר ו ך : וואָס קוקסטו אוים אזוי שלעכט ? האָסט דאָך ערשט ניט לאנג געהייראטה און ביזט געוועזן צופריעדען מיט׳ן שידוך, טא ווי קומט עס ?

ז ר ח : שטעל זיך פאָר אז איך האָב אויסגעפונען נאָך דער חתונה אז מיין ווייב האָט... א ראָק. נו, קען איך בעסער אויסזעהן ?

ב ר ו ך : וואָס רעדסטו ! איך האָב זי דאָך ערשט ניט לאנג בעגעגענט און זי זעהט אוים געזונד, שעהן און פרעהליך.

ז ר ח : נו, אָט דאָס קומט דאָך טאקע פון דעם ראָק : רק זי פרעסט, רק זי זויפט, רק זי ספענדט געלד אויף פערשיעדענע מאָדעס. איז א וואונדער וואָס איך זעה אוים אזוי שלעכט ?...

---

## און ער טהוט זיינס.

ד א מ ע (צו א יונגען פראנט, וועלכער האָט זי פערפאָלגט מיט זיינע נארישע קאָמפלימענטען) : אָט.... נאָט אייך מיין רו־קען, רעדט צו איהם.

פ ר א נ ט (מיט׳ן זעלבען טאָן וואָס פריהער) : אך, ס׳ארא שעהנער רוקען ביי אייך איז, מאדאם !

---

## זי וויל באלד.

מ ר. ק א ר ן : איהר וואָלט בעדארפט זיין מיין ווייב, שוין אוים דער אורזאכע אליין, וואָס נאָך מיין טוידט וועט איהר בלייבען א רייכע אלמנה.

מ י ס ס ו ו י י ץ : יאָ, ווען איך זאָל וויסען, אז דאָס וועט געשעהן באלד....

## עס טהוט איהם באַנג.

די פרוי: אָ, מיין טהייערער, אונזער האָכצייטס־רייזע איז געוועזן גרויסאַרטיג!

דער מאַן: דאָס זיינען געוועזן די גליקליכסטע טעג פון מיין לעבען, מיין ליעבינקע!

די פרוי: עס טהוט מיר נור באַנג אויף איין זאַך: איך וועל פיעלייכט שוין קיין מאָל ניט האָבען די געלעגענהייט דורכצו־מאַכען אַזא רייזע נאָך אַמאָל!

---

## נור אַ דאָקטאָר.

אַ שדכן רעדט אַ מיידעל אַ שדוך. ער שלאָגט איהר פאָר אַ לאָיער — וויל זי ניט; אַ בוק־קיפּער — טויג ניט; אַ דיכטער — אודאי ניט; אַן אינשורענס־אַגענט — אויך ניט. נור אַ דאָקטאָר וויל זי.

דער שדכן פרעגט איהר: „וואָס עפּעס גראַדע אַ דאָקטאָר?“ — „איך בין ניט פאַר אייך געדאַכט אַ קראַנקע. אוי, קוים וואָס איך זשיפּע!“ — האָט זי געענדיגט מיט אַ טיעפען זיפץ.

---

## צווישען מאַהלער.

— און די מיסט אויפ'ן לאַנדשאַפט האָסטו געמאָהלען פון דער נאַטור?

— ניין, פון קאָפּ.

---

## פערהייראַטה, אָבער...

„דאָס פּאָרעל דאָרט זעהט אויס צו זיין זעהר גליקליך, זיינען זיי פערהייראַטה?“

— יאָ, אָבער ניט איינס צו דאָס אַנדערע.

# ווענען ליעבע און פאמיליען־לעבען

## א משל.

די ליעבע איז א שוועבעלע
פון אויבען ביז אראָב,
קוים ריהרט זי זיך אָן פייער אָן —
פערלירט זי באלד דעם קאָפּ.

די ליעבע איז א סיגארעט,
וואָס גיט נור צו קוראזש, —
קוים רויכערט זי זיך אָבער אוים,
פערבלייבט אביסעל אש...

---

## א טרייסט.

מרס. פּאָרפּאָלק: דער איינציגער וואָלקען, וואָס פערדונקעלט מיין גליק, איז דער געדאנק, אז איך וועל אמאָל בלייבען אן אלמנה.

מר. פּאָרפּאָלק: האָב קיין יסורים ניט, נחת מיינע, אזוי לאנג ווי איך וועל לעבען, וועט אזא זאך ניט געשעהן.

---

## אלעם אין איינעם — ניטאָ ביי קיינעם.

„הערט איהר, שרה'לע" — האָט זיך געקלאָגט אן אלמנה — „אז ס'איז ניטא קיין מזל העלפט קיין זאך. ווען דער אלטער האָט געלעבט, האָבען מיר זיך געפּלאגט פאר א סענט, און יעצט, אז מיר האָבען בעקומען אויסגעצאָהלט דאָס פערזיכערונגס געלד פון די לאָדזשען און קאָמפּאניעס, וואו ער האָט בעלאנגט — ליגט ער אין דער ערד."

המן׳ס צד, איז בכן וויל ער נים פאסטען. אויף מאָרגען אָבער, פּורים, האָט ער גאַנץ נישט־קשה׳דיג אריינגעטרונקען, טאקע גאָר אויפ׳ן פּורים׳דיגען שטיינער, און זיך גענומען צו די המן־טאשען.

— היתכן? — האָט מען איהם געפרעגט — איהר זייט דאָך עפּעס פון המן׳ס צד?

— אמת, נעכטען בין איך טאקע געווען פון המן׳ס צד, נור הערענדיג צוויי מאָל לייענען די מגילה, האָב איך געביטען מיין מיינונג און בין איבערגעגאַנגען אויף מרדכי׳ס צד.



## גאָט׳ס וואונדער.

א אידישער מוליער, וועלכער איז אהיים געקומען פון אמע־ריקא, האָט דערצעהלט פערשיעדענע נסים פון דער אמעריקאנישער בוי־טעכניק.

— טאַקע אמת, רב זלמן, אז ביי אייך דאָרטען זיינען פאראַן מויערען, וואָס גרייכען ביז די וואָלקענס? — האָט מען איהם געפרעגט.

— ביז די וואָלקענס! — האָט ר׳ זלמן זיי איבערגעקרימט מיט גרינג־שעצונג — אָט האָב איך אליין געארבייט ביי א מויער, וואָס איז געוועזן אזוי הויך, אז צוקומענדיג צום העכסטען שטאָק, האָב איך זיך געמוזט לעגען אויף דעם בויך, כדי די לבנה זאָל קענען אריבערשווימען איבער מיין רוקען.

---

## טאַקע, ווי קען דאָס זיין?

צוויי חסידים פון פערשיעדענע רביים האָבען זיך בעגעגענט אין אן אכסניה און האָבען זיך צושמועסט מכח זייערע רביים.

— מיין רבי, — מאַכט איינער — פליהט יעדען בייניאַכט ארויף אין הימעל.

— פון וואַנען ווייסטו?

— וואָס הייסט? ער האָט מיר אליין געזאָגט.

— אפשר זאָגט ער א ליגען?

— שייגעץ איינער, — האָט דער ערשטער אויסגעשריגען — א מענש וואָס פליהט אין הימעל אריין וועט זאָגען א ליגען?

---

## ער איז ניט קיין גרינער.

מען האָט אמאָל געכאַפּט שמעיה גוט־יום־טוב־ביטער עסענדיג אום אסתר תענית, האָט ער זיך פערענטפערט, אז ער האַלט מיט

## דער דאָקטאָר האָט פערשריעבען.

א נגיד האָט גענומען אַן אורח אויף שבת. בעמערקט דער נגיד, ווי דער אורח לעגט אריין א זילבערנעם לעפעל אין קעשענע. אין א שעה ארום — ווידער א לעפעל. פרעגט דער נגיד:

— ר' איד, וואָס האָט איהר אריינגעלעגט צוויי לעפעל אין אייער קעשענע?

ענטפערט דער אורח:

— כ'בין געווען נעכטען ביים דאָקטאָר, האָט ער מיר פער־שריעבען אַלע שעה אַן עס־לעפעל.

## דעם דיענער'ס טעות.

א איד און א גלח זיינען אמאָל פערפאָהרען אין א האָטעל. פאר'ן שלאָפען האָט דער איד אָנגעזאָגט דעם בעדיענער, אז מאָרגען זאָל ער איהם אויפוועקען זעהר פריה. ער מוז אָבפאָהרען מיט'ן ערשטען באהן.

פון גרויס איילעניש אָבער האָט דער איד אָנגעטהאָן דעם גלח'ס ברייטע קאַפּאָטע.

זיצענדיג אין וואגאָן און בעטראכטענדיג דעם גלח'ס ברייטע קאַפּאָטע, האָט דער איד צו זיך אליין געזאָגט:

— מאָרגע אידיאָטען זיינען דאָס די האָטעל־בעדיענטע: אז מען הייסט זיי מ י ך אויפוועקען, וועקען זיי גאָר אויף דעם גלח...

## ווייל דער רב האָט אויסגערופען.

א טרעגער איז געקומען אום יום כפור אין שול מיט א שטיק ברויט אין האנד.

— ווי קומט עס, וואָס דו עסט אום יום כפור? — האָבען די אידען ביי איהם געפרעגט.

— ווייל דער רב האָט אויסגערופען, אז די וואָס טראָגען מעגען עסען. און אַזוי ווי איך בין א טרעגער, מעג איך דאָך אויך עסען.

## איינס ־ צוויי.

ס׳איז געווען יום־כפור. אַלע אידען פון שטעדטעל זיינען געווען פערזאַמעלט אין שוהל ביים דאַווענען, נור איינער האָט געפעהלט, בענטשיק בעל־עגלה.

ערשט פאַר־נאַכט איז ער געקומען צו געהן, א סקלאַדרנער, מיט דראָבנע טריט און מיט א רוהיגען געמיטה.

— דו, בענטשיק! — רופט איהם צו דער רב, — וואו איז עס א איד געווען דעם גאַנצען טאָג? סטייטש, יום הקדוש!

— געווען — מאַכט בענטשיק אויף א גראָב קול — בין איך אין דער היים, ביי מיין קאָבילע... וואָס דאַרף איך זיך דאָ יאָגען, האָ? אז דאַרפען דאַרף איך נור האָבען נאָך א שקאַפּקע, איז איינס־צוויי גיב איך איהם א בעט... און האָדיע!

---

## תשובה כהלכה.

יונגמאַן: ביטע, זייט אזוי גוט און ערקלעהרט מיר, וואָרום די האָר אויף אייער קאָפּ זיינען וויים און אייער באָרד איז נאָך שוואַרץ?

אַלטמאַן: וואָס פערשטעהט איהר דאָ ניט? מיין באָרד איז דאָך אינגער פון מיין קאָפּ מיט א יאָהר צוואַנציג...

---

## געזיידעלט נאָכ׳ן אלף בית.

א ראש ישיבה האָט אמאָל גע׳מוסר׳ט זיינע תלמידים, אָנפאַנגענדיג מיט׳ן א׳ און ענדיגענדיג מיט׳ן ת׳:

„אָרימע בחורים! גנבים, דלפנים, הינט וואָס׳יר זיינט! חזירים, טריפ׳ניאַקעס, יונגאַטשעס, בלומרשט לערט׳יר מרש״א? נאַרישע סאַמאָוואָלצעס, עפּעל־פּרעסערס, ציגאַרען קענט׳יר רויכערען! שעהנע תלמידים!...“

## ער טהוט ניט קיין ביזנעס אום שבת.

קלמן: פוי, אַ איד מיט אַ באָרד פערקויפט קליידער און טהוט אום שבת ביזנעס.

זלמן: רב איד, אַ סוט פון 25 דאָלאר פערקויף איך פאַר 7, הייסט עס ביי אייך ביזנעס?

## לעבט פון תעניתים.

איטשע: זאָג מיר, איך בעט דיך, ווי קען דער רב ביי אייך אין שטעדטעל לעבען פון אַזעלכע קליינע שכירות?

פיטשע: ער וואָלט שוין לאַנג טאַקע פון הונגער געשטאָרבען, ווען ער וואָלט ניט פאַסטען זעקס טעג אין וואָך.

## שטאַרבען אין ניסן.

פערנאַנגענעם פורים נאָך דער מגילה האָט אַ שמש אין אַ קליין שטעדטעל דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין טיש און אויסגערופען: „אַלע בעלי־בתים וואָס ווילען שטאַרבען אין חודש ניסן, האָבען היינט צייט קראַנק צו ווערען!...“

## אַ ריכטיגער חשבון.

בעריל: שעהמען מעגסטו זיך, שמעריל, ווי טרינקט עס אַ איד אַזוי פיעל שנאַפּס?!

שמעריל: פערשטעהסטו מיך, בעריל, איך האַלט עס פאַר אַ סגולה צו פרנסה, ווייל „שמעריל מצליח“ איז בגמטריא „יין שרף“.

בעריל: ווי איז דאָס מעגליך? „שמעריל מצליח“ בעטרעפט 888 און „יין שרף“ איז דאָך אין גאַנצען 650, פעהלט דאָך נאָך אוים?

שמעריל: איז טאַקע ריכטיג, גיסט מען צו נאָך אַביסעל „יין שרף“.

## יודיציום און אָפּיציום.

פון דעם בעריהמטען ליץ סאפיר דערצעהלט מען, אז בעת איינער פון זיינע קוואַטיראַנטען האָט געוואָלט זיך ארויסקלייבען פון זיין (סאפיר'ס) וואוינונג אין מיטען חודש, ניט האָבענדיג בע־צאָהלט די דירה־געלד, איז ער געוואָרען שטארק אויפגערעגט און געסטראשעט איהם צו ארעסטירען. „סיידען", האָט ער געזאָגט, „דו קענסט מיר איבערגעבען די מעלדונג אין איין און איינציגען וואָרט."

דער קווארטיראנט האָט געכאַפּט אַ בלייפעדער און אויפגע־שריעבען:

„יודיציום" (יוד, איך ציה אוים).

דארויף האָט סאפיר געענטפערט אויך מיט איין וואָרט:

„אָפּיציום! (אָה, פּיה, ציה אוים!)

---

## איז טינט מאַכען אַ מלאכה?

אַן אַקאָלאָדאָטשני נאַדזיראַטעל האָט געוואָלט ארויסטרייבען אַ אידען פון קיעוו. האָט אָבער דער איד גע'טענה'ט: סטייטש, ער איז אַ בעל־מלאכה, און דאָס גיט איהם וואָהן־רעכט. פיהרט מען דעם אידען צום גובערנאַטאָר, וואו ער ווידערהאָלט די זעלבע טענה, אז ער איז אַ בעל־מלאכה און דעריבער מעג ער וואָהנען אין קיעוו.

— וואָס איז אייער מלאכה? — פרעגט איהם שטרענג דער גובערנאַטאָר.

— איך מאַך טינט, וואשע פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ.

— טינט מאַכען — בייזערט זיך דער גובערנאַטאָר — דאָס קען איך דאָך אויך!

— וואָס־זשע מיינט איהר — ענטפערט דער איד — מעגט איהר טאַקע אויך וואָהנען אין קיעוו.

## זוכט אַ תכלית פאַר זיין זוהן.

אַ ישוב'ניק האָט אַמאָל געבראַכט זיינעם אַ זוהן, אַ געזונדרען באָרוויסען בחור, צום בעריהמטען העברעאישען פּאָעט ביאַליק און האָט געזאָגט:

— דאָ האָט איהר מיין זוהן מיט פופציג רובעל. איך גיב איהם איצט אַוועק אויף דריי יאהר אין דער לעהרע. איך וויל אַז איהר זאָלט פון איהם מאַכען אַ משורר ווי איהר זייט. מען זאָגט אַז איהר זייט אַ גוטער בעל מלאכה. איצט גיט מיר אַרויס אַ קוויטאַנציע און זייט מיר געזונד...

---

## שטאַרק פערמאַטערט.

ערשטער: אוי, איך האָב היינט געהאַט אַ שווערען טאָג אַרבייט! איך האָב געמיינט, אַז איך וועל עס ניט אויסהאַלטען.

צווייטער: וואָס האָסטו אַזוינס געטהאָן?

ערשטער: איך האָב אַליין בעראַפּט אויסשטעלען אַ טשעק....

---

## אַלץ הייסט רייך!

— ר' משה, איז דאָס אמת, וואָס מען זאָגט, אַז אונזער לאַנדסמאַן, זעליג, איז דאָ רייך געוואָרען?

— אַלץ הייסט רייך! קענסט זיך פאָרשטעלען, אַז ס'געהט ניט אַוועק דער טאָג, ער זאָל ניט איבערפאָהרען מיט זיין אויטאָמאָביל דריי מענשען....

---

## זיין ערשטע פּראָבע.

אַ רייכער גראָבער יונג האָט געהאַלטען ביים שטאַרבען, איז צו איהם געקומען דער רב און איהם געראַטהען, ער זאָל איינטהיילען זיין פערמעגען אויף פערשיעדענע צדקות.

— איך וויים ניט, ווי אַזוי — האָט דער שטאַרבענדער געזאָגט — פערשטעהט איהר, רבי, דאָס שטאַרב איך צום ערשטען מאָל.

## פאַר וואָס מען טאָר ניט.

ב ר ו ך: זאָג מיר, פאר וואָס טאָר מען ניט קוקען ווען די כהנים דוכענען?

ז ר ח: ווייל ווען זיי דוכענען, רוהט אויף זיי די שכינה.

ב ר ו ך: נו, טאָ איז וואָס־זשע?

ז ר ח: איז אז דו וועסט קוקען, וועסטו דאָך זעהען, אז דאָס איז א ליגען.

---

## אלץ הייסט אַן עולה.

אַן אָרימאַן האָט אמאָל אויסגעגאָסען זיין ביטער הארץ פאר באראָן ראָטהשילד. דער באראָן האָט מיטלייד בעקומען און האָט דעם אָרימאַן געגעבען 500 מארק. אין א יאָהר ארום איז דער אָרי־מאַן געקומען און האָט ווידער געקראָגען 500 מארק. אזוי זיינען אוועק עטליכע יאָהר.

איינמאָל קומט דער אָרימאַן „קאָלעקטען" די 500 מארק, ערשט דער באראָן גיט איהם ניט מעהר ווי 200 מארק.

— סטייטש! — האָט דער אָרימאַן פּראָטעסטירט — איהר פלעגט דאָך מיר אימער געבען 500 מארק!

— דעם יאָהר — האָט דער באראָן זיך פערענטפערט — קען איך ניט געבען קיין 500 מארק. מיינער א זוהן איז אנטלאָפען מיט אן אקטריסע און האָט אויסגעבראכט אויף איהר אַן אייגענס מיט געלד.

— אייער זוהן — האָט דער אָרימאַן זיך געבייזערט — מוז זיין דער גרעסטער הולטאי, וואָס די וועלט האָט ווען געזעהן: צו נעהמען מ י י ן געלד און עס אויסברענגען אויף אקטריצעס!.....

---

פערט, אז יעצט זעהט ער, אז וואָס די תורה הקדושה זאָגט איז אמת. די גמרא זאָגט: „בזמן שבני ישראל עושים רצון הקב"ה מלאכתם נעשה על ידי אחרים..." (אין דער צייט, ווען די אידען טהוען דעם ווילען פון גאָט, דאַן ווערט זייער ארבייט געטהאָן דורך אנדערע).

---

## וואָרום ער עסט יום כפור.

ר ב: סטייטש, ווי אזוי ערלויבט זיך א איד צו עסען אום יום כפור?

ב ע ל ע ב ר ה: רבי, און ווי איז דער דין, ווען איך בין א חולה? מעג איך עסען אום יום כפור?

ר ב: א חולה?... עס ווענדט זיך, וואָס פאר א חולה!...

ב ע ל ע ב ר ה: נו, ווען איך בין, למשל, א חולה מסוכן, מעג איך עסען אָדער ניט?

ר ב: א חולה מסוכן איז עפּעס אנדערש! א חולה מסוכן מעג געווים עסען. איהר זייט דאָך אָבער ניט קיין חולה מסוכן!...

ב ע ל ע ב ר ה: אזוי?... הייסט דאָך עס, עסען מעג איך... נאָר אייך ארט מעהר נישט, וואָס איך בין ניט קיין חולה מסוכן, רחמנא לצלן!... שעהמען מעגט איהר זיך, רבי, אין אייער ווייטען האלז אריין! א רב זאָל ניט פערגינען א אידען דאָס שטי־קעל געזונד!...

---

## ער פערשטעהט ניט קיין לשון קודש.

צו א בעל־עגלה איז אמאָל געקומען א בריעף פון דער היים, אז זיין פאָטער איז נפטר געוואָרען. לויפט ער שנעל אריין צו זיין ברודער, אויך א בעל־עגלה, און זאָגט איהם:

— בעריל, דער טאַטע איז נפטר געוואָרען!

— נו, איז וואָס — ענטפערט דער צווייטער — נפטר פּיפּטער, אבי ער איז גאָט צו דאנקען געזונד.

— סטייטש — פרעגט דער חזן מיט פערוואונדערונג — מיין ניקעל איז קיין געלד ניט?

— ביין מ י י ן חאזען נעהם איך ניט קיין קאַר־פעיר! — האָט דער קאָנדוקטאָר געענטפערט.

---

## ער „פאַסט“.

א קאָרטען־שפּיעלער, וואָס איז אָבגעזעסען א גאַנצע נאַכט ביי א פּאָוקער־גיים, איז געקומען אין שוהל דאַוונען. עס איז געווען שבת, און מען האָט איהם מכבד געווען מיט אַן עליה. אין דער צייט וואָס דער בעל־קריאה האָט געלייענט די פּרשה, איז ער שטעהענדיג איינגעשלאָפען. ווען דער גבאי האָט איהם אויפגעוועקט צו מאכען די צווייטע ברכה, האָט ער האלב פערשלאָפען ארויסגערעדט:

— איך פּאַס, איך פּאַס!

---

## יתרו׳ס נעמען.

— פאר וואָס האָט יתרו געהאַט זיעבען נעמען?

— ווייל ער האָט געהאַט זיעבען טעכטער.

— טו איז וואָס?

— האָט ער דאָך, פערשטעהט זיך, נאָך יעדער טאָכטער׳ס חתונה באַנקראָטירט און גענעבען זיך אַן אנדער נאָמען.

---

## גאָט׳ס רצון.

א פּרוש, וועלכער איז ניט געווען עטליכע יאָהר אין דער היים, האָט איין מאָל א בריעף ערהאַלטען, אז זיין פרוי האָט א קינד געהאַט. אויף דער פראגע, ווי איז דאָס מעגליך? האָט ער געענט־

השמים. דהערפאָר, מאַי דיער פרענדס, מוזען מיר חרטה האָבען אויף עוורי בעד דיד ענד עוורי בעד וואָרד, אויב מיר ווילען ניט געהן „טו העלל“. דהערפאָר, איידער מיר געהען בלאָזען דעם האָרן, זאָלען מיר אָבקלינען דהי הארט בעפאָר גאָד אלמייטי, ער זאָל אונז געבען זיין גוט בלעסינג און פראָספעריטי פאַר ניו־יעיר. אי עם ראָון, דזשענטעלמען, גאָ אהעד — בלאָו!....“

---

## נאָך גרעסער פון חזן.

פ י י ט ע ל: דו הערסט, טרייטעל, האָט דאָס אונזער חזן אוועקגעלייגט א מוסף, ממש סכנות נפשות. ווען ער האָט א געשריי געטהאָן הנני העני ממעש, האָבען די פענסטער פון שוהל אָנגעהייבען ציטערען.

ט ר י י ט ע ל: איך וועל דיר דערצעהלען א גרעסערען וואונדער און ניט דוקא פון קיין חזן: ביי אונז האָט א פראָצענטניק, וואָס פלעגט האַלטען פרעמדע געלד אויף פראָצענט, א געשריי געטהאָן „הנני העני“, האָט זיך די גאנצע שטעדטעל א טרייסעל געטהאָן, ניט נור די פענסטער פון שוהל.

---

## „ביי מ י י ן חזן? — אַ נאָר!“

א חזן פון א מעדיסאָן עוועניו שוהל האָט נאָך כל נדרי געוואָלט נעהמען די קאר צו פאָהרען אהיים. אז זיינע שוהל־מעמבערס זאָלען ניט זעהען, אז ער פאָהרט אום יום כפור, האָט ער אָבגעווארט ביז אלע זיינען זיך צוגאַנגען פון שוהל און, אום צו זיין נאָך זיכער, האָט ער גענומען א דריטע עוועניו קאר.

דער קאָנדוקטאָר געהט פערביי איינינע מאָל: „פעיר, פליעז!“ — „פעיר פליעז!“ און דער חזן זיצט מיט’ן ניקעל אין האנד, אָבער צו איהם געהט דער קאָנדוקטאָר ניט צו.

גע׳טענה׳ט: כבד פה אנכי.... איך קען ניט רעדען. קוים אָבער זיינען אידען אריבער דעם ים, איז באלד — אז ישיר משה... דאָס־זעלבע איז אין אמעריקא....

* * *

חברה לויפער האָבען אמאָל אריינגעטריבען א הונד אין שוהל. דער כלב האָט זיך דערשראָקען און האָט אָנגעהויבען בילען אויפ׳ן קול.

— ער שניידט זיך אויף א חזן — האָט א בעל־הבית א זאָג געטהאָן צו חזן קופער.

— ניין, דערוויילע שרייט ער ערשט ווי א בעל־הבית — האָט קופער גלייך געענטפערט.

* * *

מען האָט אמאָל קופער׳ן אויך געפרעגט, ווי קומט עס וואָס פאר ימים־נוראים יאווען זיך חזנים וויפיעל פלעקער אין וואלד?

האָט ער געענטפערט: „ווייל עס שטעהט אין פסוק: — אז ירננו כל עצי יער — דאן זינגען אלע פלעקער...“

---

## איהר עצה געבער.

א אידענע וויינט אויפ׳ן קול: — זוהנעלע מיינער, קדיש׳ל מיינער, חכם מיינער, בעל־יועץ מיינער! —

— ווי אלט איז ער געווען? — האָט דוואָשע, א צווייטע אידענע, איהר א פרעג געטהאָן.

— זיעבען מאָנאט, א וועהטאָג דער מאמען!...

---

## פאַר תקיעות.

(א דרשה געהאלטען פון אן אמעריקאנער גבאי אום ראש השנה)

„ליידיעס און דזשענטעלמען, סיסטערס ענד בראָדהערס! היינט האָבען מיר א טאָג, ווען מען רעווייזט עווריבאָדי׳ס סינס מן

## אַן איינפאַל פון א „ראַבאַי".

— הערר ראבאי, ערשט פינף מאָנאט נאָך מיין האָכצייט, אונד מיין פרוי האָט מיר שוין איין קינד געבאָרען. דאס איז דאָך שרעקליך.

— יונגער מאן, דאס ערשטע מאָל פּערצייהען זי איהר, ווען זי אָבער שפּעטער מיט 5 מאָנאטען ווידער איין קינד געבירט, דאן מוסען זי זי גט'ן.

---

## די ריכטיגע סמנים.

א יונגער מאן איז אַריינגעפאַלען אין א „היןהער־פּלעט", און האָט זיך אויפגעכאַפּט איידער „חברה קדישא" האָט אוספּעיעט איהם „טהאָן זיין רעכט".

— וואָס זאָגט איהר, איך בין געווען טויט! — האָט ער אויס־גערופען צו זיינע פריינד פערוואונדערט — געהט שוין, געהט! ווי האָב איך געקענט זיין טויט, אז מיר האָט זיך געגלוסט עסען און עס איז מיר געווען קאַלט אין די פיס?

— וואָס איז דאָס פאר א משל? — האָט מען איהם געפרעגט.

— ס'הייסט, איך האָב דאָך געוואוסט, אז איינס פון די ביידע: בין איך אין גן־עדן, וואָלט דאָך מיר ניט געהונגערט, און, אויב איך געפין זיך אין גיהנום — וואָלט דאָך מיר ניט געווען קאַלט אין די פיס!...

---

## חזן קופּער'ס וויצען.

מען האָט אמאָל געפרעגט ביי חזן קופּער, ווי קומט עס, וואָס אין אמעריקא זיינען פאראן אזוי פיעל חזנים? האָט ער גע־ענטפערט:

„מיט די אידען איז אימער אזוי געווען: אז משה רבינו איז געווען אין מצרים, האָט איהם גאָט געשיקט צו פרעה'ן, האָט משה

וועט מען זיך אויסגליטשען. איז מען געגאנגען צום רב. דער רב האָט צופריערען געשטעלטביידע צדדים: ער האָט גע'פסק'ענט, אז מען זאָל טאקע די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע אָבהובלעווען, נאָר מען זאָל לעגען מיט דער געהובעלטער זייט אראָב...

## די שיקסע איז בילכער.

אין א אידיש־ענגלישער צייטונג פון דער וועסט איז געווען אָבגעדרוקט דער פאָלגענדער „פערלאנגט" פון א אידיש־דייטשען טעמפעל: —

„פערלאנגט א גוטען ראבי און א שיקסע. דער ראבי מוז קענען האלטען א פריידיג און די שיקסע מוז קענען ארויסהעלפען דעם אָרגעל־מאַן. מיט'ן ראבי האָבען מיר נאָך צייט אכט טאָג, נור די שיקסע מוזען מיר נאָך האָבען אויף דעם קומענדען פרייטאג אבענד, ווייל דער אָרגעל־מאַן מוז מיט איהר מקבל שבת זיין."

## בצלם אלקים.

אלדד: מיר אידען זיינען בעשאפען געוואָרען בצלם אלקים.

מידד: האָסטו א ראיה פון דער תורה?

אלדד: געוויס, געוויס, עס שטעהט בפירוש אין דער תורה: ד" אל ארך אפים — גאָט האָט א לאנגען נאָז.

## מוהל און מוחל.

א חזן, מוהל ומסדר קדושין האָט זיך געטשעפּעט צו אן אשת־איש, האָט זי איהם געזאָגט: שעהמט זיך, אזא הייליגער מאַן, און...

האָט ער איהר געענטפערט: היינטיגע צייטען לעזט מען ניט חזן מוהל ומסדר קדושין, נור: חזן מוחל מסדר קדושין...

## וואָרום דער רבי איז פרעהליך.

אַ חסיד איז געזעסען ביין רבי'נס טיש און צוגעקוקט, ווי דער רבי עסט. פּלוצים האָט דער חסיד בעמערקט, ווי דער רבי ווערט זעהר אומעדיג. אין אַ פּאָר מינוט אַרום ווערט דער רבי ווידער זעהר פרעהליך.

— רבי, — גיט איהם דער חסיד אַ פרעג, — וואָס זייט איהר עפּעס אין עטליכע מינוטען צייט געוואָרען אַזוי אומעדיג, און אַזוי פרעהליך? — און דער רבי האָט געענטפערט: — איך בין געווען איצט אין גן עדן, און ס'האָט זיך צו מיר מיין טאַטע בעוויזען, און ער האָט אויסגעזעהן זעהר קראַנק און שוואַך. דאָס האָט מיך אומעטיג געמאַכט. נור באַלד האָט זיך צו מיר מיין מוטער בעוויזען און האָט מיר איינגערוימט אַ סוד, אַז דער איז גאָר ניט געווען מיין טאַטע — און דאָס האָט מיך פרעהליך געמאַכט — פערשטעהסט?...

---

## דער זעקסטער חומש.

אַ פּרעזידענט פון אַ ניו יאָרקער שוהל, ראַיענדיג זיך אין ספרים־אַלמער רעדט צו זיך: אַ מאָדנע זאַך, ערשט נעכטען געקויפט אַ סעט חומשים און שוין איז פערלאָרען געוואָרען דער זעקסטער חומש. אודאי דעם שמש'ס אַרבייט...

---

## געהובעלט און דאָך ניט געהובעלט.

בויענדיג אַ באָד אין אַ קליין שטעדטעל, האָט צווישען די בעלי בתים אויסגעבראָכען אַ מחלוקה ווי אַזוי צו מאַכען די פּאָד־לאָגע. איינינע האָבען געוואָלט אַז די פּאָדלאָגע זאָל זיין געהובעלט און די אַנדערע — ניט געהובעלט. די ערשטע האָבען גע'טענה'ט, אַז עס וועט ניט זיין געהובעלט, וועט מען זיך צושטעכען די פיס; די צווייטע האָבען גע'טענה'ט, אַז עס וועט זיין גלאַט געהובעלט,

# אידישע וויצען

## מגלה געווען דעם קץ.

א מגיד האָט אמאָל פונאנדערגעקלעפּט א מודעה, אז ער וועט שבת אין זיין דרשה מגלה זיין דעם קץ (ווען משיח וועט קומען).

עס פערשטעהט זיך, אז דער בית־המדרש איז געווען געפּאַקט. ווער איז עס ניט קיין בעלן צו וויסען ווען משיח וועט קומען? — דער מגיד איז אַרויף אויף דער בימע און האָט אָנגעפאַנגען:

— רבותי, משיח וועט קומען בשנת תר"ם, ווען אָבער ער וועט ניט קומען אין תר"ם, וועט ער קומען אין תרר"ם, און אויב ער וועט ניט קומען אין תרר"ם, וועט ער קומען אין תררר"ם; און אויב ניט אין תררר"ם, וועט ער קומען זיכער אין תרררר"ם און ווען ניט אין תרררר"ם — האָט דער מגיד גענומען זאָגען, וועט ער שוין פאַר זיכער קומען אין תם־תררר"ם, תם־תאם־טעראראם־טאם, טערירירי־ראם־טאם... תם־טאַרא־ראם, טאַם־טאָט־טאָם־טאם...

## גאָר ניט קיין פערד.

א מגיד איז אמאָל געקומען אין א קליין שטעדטעל און האָט דאָרטען געהאַלטען די פאָלגענדע דרשה: „הערט אויס, רבותי! מיר, אידען, זיינען אזוי ווי פערד: ווען א פערד געהט ווען מען הייסט איהם געהן, איז ער א גוטער פערד; ווען מען דאַרף א פערד אונטערשמייסען, אז ער זאָל געהן, איז ער נאָך נישקשה פון א פערד; אָבער, רבותי, א פערד וואָס איהם העלפט קיין שמייסען אויך ניט — איז שוין גאָר קיין פערד ניט, רבותי. דער נמשל איז: ווען איינער שטעהט אויף אין דער פריה און לויפט אין שוהל אַריין דאווגען, איז ער א גוטער פערד, רבותי; ווען איינער שטעהט אויף און עסט פריהער אָב און געהט נ א כ ד ע ם דאווגען, איז ער נישקשה פון א פערד, רבותי. אָבער, ווען איינער שטעהט אויף און פרעסט זיך אָן מיט טריפה, רחמנא לצלן, און געהט גאָר ניט דאַווגען — דער איז שוין גאָר קיין פערד ניט, רבותי!"...

דאָס בעסטע מיטעל געגען ליעבע איז געגען־ליעבע.

*

די פרוי איז דער קלענסטער גאָרניט אין גרעסטען פאָרמאַט...

*

א פרוי וואָס איז ניט א ביסעל משוגע — איז ניט נאָרמאַל...

*

אז א פרוי פעהלט אויס א תירוץ, פערליערט זי זיך אויך ניט — זי פאַלט אין חלשות...

*

דער שטח צווישען א פרוי׳ס „יא" און „ניין" איז אזוי שמאָל, אז א נאָדעל קען אהין ניט אריין.

*

שעהנקייט איז דאָס ערשטע מיט וואָס די נאַטור האָט בעשאָנקען די פרוי, און דאָס ערשטע, וואָס די נאַטור נעהמט ביי איהר צוריק אוועק.

*

די מאָדערנע פרויען זיינען ווי די מאָדערנע זייגערס — זיי שלאָגען סיי וועז מען דאַרף און סיי ווען מען דאַרף ניט...

*

די פרוי איז א בריליאַנטענער ארטיקעל — פאַר די בריליאַנטען־הענדלער...

*

אויב די פרויען זיינען די בעסערע העלפט פון דער מענשהייט, דאַן איז די ערגערע העלפט נאָך ניט בעשאַפען געוואָרען.



יעדע פרוי ליעבט א צווייטע פרוי — אין שפּיגעל...

*

פרויען זיינען קיינמאָל ניט אזוי שטארק, ווי ווען זיי בעוואפנען זיך מיט זייער שוואכקייט.

*

חתונה איז א מין לאָטעריע, וואו מענער שטעלען איין זייער פרייהייט און פרויען זייער גליק.

*

פרויען און מוזיק ווערען פערקויפט אָהן א דאטום.

*

א פרוי וועט אייך זאָגען דעם אמת, וויפיעל א צווייטע פרוי איז אלט.

*

א פרוי וועט אייך גיכער רעדען שלעכטס אויף זיך אליין, איידער גוטעס אויף אַן אנדער פרוי.

*

א מיידעל פון זעכצעהן יאהר נ ע ה מ ט זיך איבער; א מיידעל פון דרייסיג יאהר — ג י ט זיך איבער.

*

א פרוי שטארבט צוויי מאָל: דעם טאָג ווען זי הערט אויף צו לעבען, און דעם טאָג, ווען זי הערט אויף צו געפעלען.

*

א קוש פון א מוטער (דאָס הייסט יענעמס מוטער, און איבער־הויפּט אויב זי איז נאָך דערצו יונג און שעהן) — איז זעהר אנגענעהם.

*

פרויען זיינען די „נערוועןˮ פון דער מענשהייט...

*

די פרוי איז דער שבת קודש פונ׳ם מאַן.

*

א קרומער מאַן און א קרום ווייב זיינען א גלייכע פּאָר.

*

אז א מאַן זאָגט אז ער האָט א ווייב, מיינט דאָס אז א ווייב האָט א י ה ם.

מענער ז אָ ג ע ן וועגען די פרויען, וואָס זיי ווילען; פרויען ט ה ו ע ן מיט די מענער, וואָס זיי ווילען.

*

וואָס גלויבט אייך א פרוי אם לייכטעסטען? — דאָס איהר ליעבט זי. וואָס גלויבט זי אייך אם שווערסטען? — דאָס זי איז אלט.

*

ווען איהר ערקלעהרט זיך א פרוי אין ליעבע און זי איז דערביי שטארק בייז, איז א סימן אז איהר זייט שוין גאָר נאָהענט צום ציעל. אז זי שווייגט, איז א בעווייז, אז זי וויל נאָך הערען. אז זי וויינט, איז א סימן אז זי וויל ווערען געטרייסט. און אז זי לאכט — איז ביטער!...

*

הייראטה איז אן ערנסטע זאך, אז מען וואָלט בעדארפט כאָטש א גאנץ לעבען נאָכדענקען, אויב מען זאָל עס טהאָן.

*

חוה האָט געמאכט, אז אדם זאָל ארויסגעטריבען ווערען פונ'ם גן עדן, כדי ער זאָל זוכען דעם גן־עדן אין איהר.

*

דאָס הארץ ביי א פרוי איז ווארם אזוי לאנג ווי זי ליעבט און די האָר בלאָנד — אזוי לאנג... ווי זי פארבט זיי...

*

ווען דער מלאך המות האָט געזאָגט אדם'ען: געה פונ'ם גן־עדן, איז ער געלאָפען צופריעדען. ווען ער האָט אָבער דערזעהן, אז חוה געהט מיט איהם מיט, ערשט דאמאלס איז איהם קלאָר געוואָרען די גרויזאמקייט פון גאָט'ס צאָרן.

*

מענער ליעבען אָפט, נור ווענינ; פרויען ליעבען פיעל, נור זעלטען.

*

דיעזע, וואָס רעדען תמיד גוטס פון די פרויען, קענען זיי ניט גענוג; דיעזע, וואָס רעדען תמיד שלעכטס פון זיי, קענען זיי גאָר ניט.

עס איז נאַריש פון אַ יונגענמאַן צו גערן צו אַ מיידעל אין הויז, ווען ער ווייסט, אַז זי וועט סיי ווי סיי קומען צו איהם...

*

אַ שעהנע פרוי דאַרף יעדען טאָג קוקען 4 מאָל אין שפּיגעלע, איין מאָל זיך צוליעב, אַ צווייטען מאָל זיך צוליעב און די איבּריגע מאָל אויך זיך צוליעב.

*

אַ פרוי ברענגט מעהר אוים מיט'ן לעפעל, וויפיעל אַ מאַן ברענגט אריין מיט'ן שעפעל...

*

עס זיינען ניט פאַראַן אויף דער וועלט קיין מיאוס'ע פרויען. עס זיינען בלויז פאַראַן פרויען, וואָס ווייסען ניט ווי אויס־צוזעהן שעהן...

*

אַ פרוי איז געפעהרליך ניט מיט דער שעהנקייט וועלכע זי צייגט, נור מיט דער שעהנקייט (אָדער מיאוסקייט) וועלכע זי בעהאַלט.

*

דאָס גליק און דאָס אונגליק פון דער שעהנער פרוי: זי קען פונקט אַזוי לייכט זינקען אין טיעפסטען אָבגרונד ווי זי קען שטייגען צו דער העכסטער שטופע.

*

אַ שעהנע פרוי, ניט אין גאַנצען געקליידעט, קעהרט זיך „מיט שרעק" אָב פון אייך, כדי איהר זאָלט בעסער קענען בעוואונ־דערן איהר נאַקעטע שעהנקייט.

*

זאָג בלויז איין מאָל אַ פרוי אַז זי איז שעהן, וועט עס איהר שוין דער טייפעל איבער'חזר'ן צעהן מאָל.

*

ביי מענער איז בילדונג אַ וויכטיגע זאַך; ביי פרויען איז אַ קלייד נאָך וויכטיגער.

הלואי וואָלט אדם געווען געשטאָרבען מיט אַלע ריפּען!...

*

א פרוי'ס צונג איז נור דריי אינטשעס לאנג, אָבער ער קען הרג'ענען א מאַן פון זעקס פוס הויך...

*

אויף דער פראגע: וואָס איז נויטיג אום צו געווינען די ליעבע פון א פרוי, האָט א פילאָזאָף געענטפערט: „געלעגענהייט".

*

דאָס, וואָס פרויען רעדען א סך, אַרט אונז ניט. אָבער דאָס, וואָס זיי קוקען א סך, דאָס פערראומערט אונז דאָס לעבען!

*

די פרויען, וואָס ווארפען זיך ארום דעם מאַנ'ס האַלז, וועלען באַלד ארונטערפאַלען אונטער זיינע פיס...

*

א פרוי, וואָס האָט ניט געזעהן איהר ליעבען מאַן א גאַנצען טאָג, האַלט דיעזען טאָג פאַר פערלוירען; פאַר'ן מאַן איז עס אָבער געווען דאָס גרעסטע געווינס.

*

די קלינגסטע פרוי איז די, וואָס דו וועסט זעהן מיט א טאָג שפּעטער...

*

די אורזאַכע ווארום מיר ליעבען די פרויען — זיינען די פרויען אליין.

*

די ליעבע איז א קאַלט פייער, א טרוקענער רעגען און א ברענענדיגער שנעע...

*

אויב דיין פרוי רופט דיך אָן מיט'ן שבת'דיגען נאָמען — כאַפּ זיך פאַר דער קעשענע!...

*

אויב א פרוי זאָגט דיר צו אַרויסצוהעלפען אין דער פרנסה, לערן זיך אויס א גוטע מלאכה און... פערלאָז זיך אויף גאָט...

עס איז אויך פאַראַן אַ ד ר י ט ע ר געשלעכט צווישען מענשען — און צו דעם דאָזיגען געשלעכט געהערען די מיאוס'ע פרויען.

*

אַ פרוי'ס נקמה איז גלייך צו אַ בעטלער — זי קלאַפּט אין אַלע טהירען...

*

די פרוי איז דער אָנהויב פון דער וועלט און דער סוף פון איהר מאַן.

*

איין פרוי קען פרעגען מעהר קשיות, ווי צעהן חכמים קענען ענטפערן...

*

פרויען האָבען פיינט די שלאַנג, ניט אויס געוועהנליכע שנאה, נור אויס אייפערזוכט!

*

וואָס דער מאַן זוכט אין דער ליעבע — איז די פרוי; וואָס די פרוי זוכט אין דעם מאַן איז — די ליעבע.

*

מאַנכע פרויען זיינען אַזוי ווי „גוטע־אידען":ביידע קענען נעהמען אומזיסטע געלד און... ניט לאַכען.

*

די אויגען זיינען די פענסטער פון אַ פרוי'ס האַרץ, די ברעמען — די זיידענע גאַרדינען...

*

אַ פרוי'ס לופט־שלעסער געדויערן לענגער ווי דעם מאַן'ס — מחמת זיי האָבען אַלס פונדאַמענט די אייזערנע געדולד.

*

אויף אַלע איהרע בעהויפּטונגען האָט די פרוי איין־און־איינציגען אַרגומענט: „ווייל אַזוי!" און וואָס „ווייל אַזוי"? — „ווייל אַזוי!"

מאנכע פרויען בענוצען זייער אונשולד אויף דעם זעלבען אופן ווי א קאץ בענוצט איהרע לאפקעס — אויף אויסצודראפען יענעם די אויגען...

*

א פרוי שרייבט איהרע געדאנקען מיט די אויגען...

*

אויב פרויען זיינען שלעכטע פערפאסער — זיינען זיי אבער דערפאר גוטע קריטיקער.

*

אלעס וואס איז נעטהיג צו מאכען א פאארעל זיך ליעבען, איז — זיי צושיידען איינס פון דאס אנדערע.

*

מען דארף ניט זיין קיין גרויסער הומאריסט, אום צו מאכען לאכען א פרוי — וואס איז געבענשט פון דער נאטור מיט שעהנע צייהן.

*

א פרוי וואס ווערט ניט רעגיערט פון איהר מאן איז ניט זי זעלבסט, און אויך ניט עמיצער אנדערס — זי איז גאר ניט!

*

אויב א שעהנע פרוי רעדט פון דער שעהנקייט פון איהר פריינדין, דאן זייט זיכער, אז זי דענקט, אז זי איז נאך פיעל, פיעל שעהנער...

*

אמאליגע צייטען פלעגט די יונגפרויענשאפט בעטראכט ווערען אלס א סוד; היינט ווערט עס בעטראכט אלס אן אפענע פראבלעמע.

*

„ווי שעהן און ווי פריש איהר קוקט אויס!" האט דער פריינד פון דעם גור־וואס פערשטארבענעם געזאגט צו זיין אלמנה.

„דאס איז גאר ניט," האט זי געענטפערט מיט א קאקעטען שמייכעל, „איהר וועט מיך מעגען אנקוקען מארגען — אין שווארצען."

אַ יונגע פרוי איז ווי אַן אַלטער פערד — ביידע פערדרעהען דעם קאָפּ...

*

אַ פרוי איז אַ קאָמעדיע, וועלכע מוז גענומען ווערען ע ר נ ס ט.

*

די לאָגיק פון אַ פרוי ליעגט אין איהרע נאַרישע אַרגומענטען...

*

דער פרויען־האַס איז געוועהנליך ניט מעהר ווי אַן איבער־געקעהרטע ליעבע...

*

זעהר וועניג פרויען נעהמען אָן די האַנד פון אַ מאַן — ווען זי איז לעדיג...

*

דער פרוי'ס ליעבע איז אַ פייער, וועלכעס שפּייזט זיך אויף זיך זעלבסט...

*

די מייסטע פרויען ווערען גרוי — ניט פון אַלטקייט, נור פון זאָרג ט אָ מ ע ר וועלען זיי גרוי ווערען...

*

יעדע פרוי איז אונגערעכט אַזוי לאַנג ווי זי וויינט ניט, קוים אָבער הויבט זי אָן וויינען, דאַן — איז זי שוין גערעכט...

*

מיט דער אַרורה קסאַנטיפּאַ פאַר אַ ווייב איז ניט קיין וואונדער וואָס סאָקראַטעס איז געוואָרען אַ פילאָזאָף!...

*

וועלכע איז אַ בעסערע פרוי — די וואָס איז די בעסטע צווישען די ערגסטע, אָדער די וואָס איז די ערגסטע צווישען די בעסטע?...

*

ווען די פרויען וואָלטען זיין געצוואונגען צו בעהאַלטען זייער שעהנקייט, וואָלטען זיי עס אַזוי „בעהאַלטען", אַז אפילו אַ ב ל י נ ד ע ר זאָל עס קענען געפינען...

די מייסטע פרויען זיינען געגליכען צו א קאסטאמער־פעדלער — ביידע פערלאנגען מעהר ווי עס קומט זיי...

*

פון אדם'ס ריפ האט גאט בעשאפען חוה'ן. דאס ערקלערט שוין פאר וואס פיעלע פרויען האבען א טבע אייך ארייגצוקריכען אין דער זיבעטער ריפ...

*

פיעלע מענער בעהאנדלען זייערע פרויען ווי א גוטען קארפעט — זיי קלאפען זיי דורך פון צייט צו צייט...

*

א פרוי האט ניט אזוי מורא פאר'ן מלאך המות ווי פאר דעם געדאנק, אז זי וועט ניט קענען הערען וואס איהרע שכנים וועלען זאגען וועגען איהרע תכריכים...

*

מאנכע פרויען זיינען אזוי פארזיכטיג, אז איידער זיי געהען זיך טרינקען, טהוען זיי זיך פריהער אן ווארימע וועש.

*

א פרוי איז ניט נור קיין מלאך ניט, נור א סך, א סך ערגער.

*

די איינציגע צייט, ווען א פרוי ליידעט און שווייגט, איז ווען זי איז... הייזעריג.

*

די מוזיק ביי דער חופה דערמאנט שטענדיג אן דער מוזיק ביי סאלדאטען, ווען זיי געהען אוועק אין מלחמה...

*

דארטען וואו עס הויבט זיך אן דער מאן — הערט זיך אויף דער מענש...

*

ווען די בעריהמעריי פון די מענער וואלט זיין אמת, דאן וואלט זיין זעהר שווער צו געפינען א מיידעל אהן א געבראכענעם הארץ...

*

מענער מאכען געזעצע, פרויען — מאכען געזעצמאכערס...

ליעבע איז אַ ברען־גלאָז. ביידע מוזען געהאַלטען ווערען אין איין פונקט אום זיי זאָלען קענען בעשאַפען אַ זוניגען פייער...

*

די פאַנטאַזיע פון אַ פרוי איז ווי אַן אַלט מיליטעריש פערד, ענטוועדער עס קריכט אָדער עס שפּרינגט פון די אַלאָבליעס...

*

דער געדאַנק פון אַ פרוי געהט ניט העכער פון אַ קלייד, אויסער ווען זי דענקט פון אַ העט...

*

אַ מיידעל איז געגליכען צו אַ פעסטונג — מיט דעם אונטער־שיעד, וואָס אַ פעסטונג מוז מען נעהמען מיט געוואַלט און אַ מיידעל — ניט...

*

אויף צווייערליי וועגען קען זיך די פרוי דערהויבען איבער דעם מאַן — דורך דער ליעבע און דורך דער תליה...

*

אַ פרוי וועט גיכער געפינען הונדערט תירוצים, איידער פער־ליערען איין אויג — פון די שפּיזלעך מיט וועלכע זי שטריקט אַ זאָק.

*

אַז מען זאָגט אויף צוויי מענשען אַז זיי ליעבען זיך — הייסט דאָס, אַז יעדער פון זיי ליעבט זיך אַליין...

*

אויף וויפיעל די פרויען זיינען עגאָאיסטיש, קען מען זעהן דערפון וואָס אָבוואָהל חוה האָט געטהיילט מיט אדם'ען דעם עפּעל, האָט זי דאָך געטהאָן דעם ערשטען ביס.

*

אַ פרוי'ס הארץ איז ווי גלאָז. אויב דו ווילסט דאָרטען איינ־קריצען דיין בילד — מוזטו עס טהון מיט אַ דימענט...

*

פלאַטאָנישע ליעבע! ענטוועדער עס איז ליעבע און ניט פלאַטאָניש, אָדער עס איז פלאַטאָניש און ניט קיין ליעבע...

אין אלגעמיין איז די פרוי א פאראדאקס — זי לעגט זיך ניט אויפ'ן שכל...

*

א פרוי איז א צרה אין טעגליכע פארטזעצונגען...

*

ליעבע שטארבט קיינמאל ניט פון הונגער, אבער זעהר אפט פון אונפערדייאונג...

*

פיעלע פרויען קאקעטירען דערמיט וואס זיי זייגען ניט קיין קאקעטקעס...

*

איין ווייבערשער סוד מאכט אן א גרעסערען טומעל ווי צעהן מענערשע ביקסען.

*

זאמעלט צונויף עטליכע פרויען אויף איין פלאץ און עס וועט ווערען א פראסט.

*

שמאלע טאליעס און שמאלע געדאנקען זיינען שטארק פער־ברייטעט היינטיגע צייטען...

*

געטהיילטע פריידען זיינען דאפעלטע פריידען, און געטהיילטע פרויען זיינען האלבע צרות...

*

מיר ווייסען קיינמאל ניט וואס די פרוי וויל ניט, ביז וואנען מיר האבען ניט אויסגעהערט אלסדינג וואס זי האט צו זאגען...

*

די פרוי איז בעשאפען געווארען פון דעם מאנ'ס זייט, און ניט אומזיסט בענקט זי אזוי נאך איהר געבורטס־פלאץ...

*

דארט וואו דער מאן איז א שטארק שטיקעל פראזא איז די פרוי א שוואך שטיקעל פאעזיע...

אין אַ הויז, וואו עס זיינען פאַראַן דריי פרויען, זיינען צוויי אַבסאָלוט איבעריג, און איינע — גלאַט צופיעל...

*

אַ בחור זוכט אַ פרוי, אום אויסצומיידען די איינזאַמקייט; אַ מאַן זוכט די איינזאַמקייט אום אויסצואויסווייכען די פרוי.

*

פיעלע „בלינדע ליעבעס" זיינען ווי די בלינדע בעטלערס — אַנו, פּרובט זיי אָריינרוקען אַ פאַלשע מטבע, וועלען זיי אייך אויסזעצען די צייהן...

*

אַ מאַן וואָס האָט פיער ווייבער, וואָלט דריי אָוועקגעגעבען דעם טייוועל, אַבי ער זאָל ביי איהם צונעהמען די פיערטע.

*

א י י ן פרוי אין דער קאָונטרי איז בעסער ווי צ ע ה ן פרויען אין דער היים...

*

פיעלע פרויען זיינען אַזוי ווי דאָקטוירים — זיי נעהמען געלד און מאַכען קראַנק...

*

די ערגסטע טייוואָלים זיינען די „בלאָנדע מלאכים" מיט בלויע אויגען און בלוטיגע ליפּעלעך...

*

פיעלע חתנים זיינען אַזוי צופריעדען מיט זייערע שידוכים, אַז זיי וואָלטען באַדאַי אָוועקגעגעבען די כ ל ו ת פאַר שדכנות־געלד...

*

אַ מאַן, וואָס וויל האָבען ערפאָלג ביי פרויען, מוז רעדען מיט'ן ה אַ ר ץ, ווייל דאַן איז ער זיכער צו רעדען אַזוי פיעל נאַרשיקייטען, אַז אפילו די קליגסטע פרוי וועט ווערען ענטציקט פון איהם....

*

מאַנכע פרויען זיינען אַזוי ווי די ווינד־פעהנדלעך — זיי דרעהען זיך אַ סך און טהוען גאָר ניט.

א פרוי וואָס לאַכט כלומר'שט פון דער ליעבע, איז ווי א מענש וואָס געהט אין וואלד אין מיטען נאַכט און פייפט זיך א ליעד, אום צו פערטרייבען זיינע שרעקליכע געדאַנקען...

*

א שלעכטע פרוי איז א קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע; א גוטע טאָכטער — א ברוטאַלע רעפּובליק.

*

א מאַן, וואָס שטאַרבט שפּעטער פון זיין פרוי, איז זיכער צו האָבען דאָס לעצטע וואָרט...

*

א מאַן געווינט זיין ערפאָלג א ר ב ײ ט ע נ ד י ג; א פרוי — שמייכלענדיג.

*

קיין ערגערע זאַך ווי א מאַן איז ניטאָ אויף דער וועלט, — אויסער ווען א פרוי האָט צ ו ו י י מענער.

*

קליינע בלויע בלומען, גרויסע בלויע פרויען־אויגען — ביידע זאָגען זיי דאָס זעלבע: „פערגעס מיך ניט!“

*

ווי א טראָפּען מילך אויף א פעלד פון שנעע, אזוי איז א שנור פערל ארום דעם האלז פון א שעהנער פרוי.

*

מאַנכע מיידלעך שעהמען זיך — ניט דערפאַר, ווייל זיי ש ע ה מ ע ן זיך, נור דערפאַר וואָס זיי שעהמען זיך, זיך נ י ט צו שעהמען.

*

„גיט מיר א האַנד!“ — האָט זיך א יונגערמאַן געבעטען ביי א מיידעל.

„און אויף מיר פרעגט ער גאָר ניט!“ האָט געטראַכט דער פוס און האָט איהם דערלאַנגט א בריק...

פרויען זיינען די קאָמישע ביילאַגע צום לעבען — זעהר אינ־טערעסאַנט פאַר קלוגע קינדער און דערוואַקסענע נאַראָנים...

*

דאָס רוב פרויען הויבען זיך ניט אויף צו די אידעאַלען, נור זיי וואַרטען אַז די אידעאַלען זאָלען זיך אַראָבלאָזען צו זיי...

*

א פערהייראַטהע פרוי איז געגליכען צו אַן אָפענעם סוד — ביידע זיינען ניט אינטערעסאַנט.

*

די פרוי איז דאָס שעהנסטע ווערק, וואָס איז ווען עס איז ארויסגעגעבען געוואָרען. די אויפלאַגע איז א געוואַלדיג־גרויסע, און ביי די יעצטיגע ביליגע פרעמיום־פרייזען איז ווירקליך ניטאָ קיין אורזאַכע וואָרום א יונגער מאַן זאָל זיך ניט בעזאָרגען ווענינ־סטענס מיט א י י ן קאָפּיע...

*

זעהר שעהנע און זעהר מיאוס'ע פרויען זאָלט איהר לויבען פאַר זייער קלוגשאַפט, מיטעלמעסיגע — פאַר זייער שעהנקייט.

*

פונקט ווי עס איז פאַראַן שעהנע בלומען, וועלכע שמעקען ניט, פונקט אַזוי זיינען פאַראַן שעהנע פרויען, וועלכע זיינען ניט ליע־בענסווירדיג...

*

עס זיינען דאָ פיעלע פרויען, וועלכע נאָכדעם ווי זיי האָבען אָבגעגעבען זייער קערפער צום טייפעל, גיבען אָב זייער נשמה צו גאָט...

*

עס איז נאָך אַלעמען א גרויסער חידוש, וואָרום חוה האָט אָנגענומען אַזוי שנעל אדם'ס ליעבעס־ערקלערונג, וויסענדיג, אַז זי איז די איינציגע אויפ'ן מאַרק !...

*

אויב א מאַן פיהלט אַזוי ווי צו שטאַרבען פאַר א געוויסער מיידעל, איז די בעסטע זאַך ער זאָל מיט איהר חתונה האָבען.

פאראן א י י ן סוד, וועלכען פרויען קענען האלטען בעסער ווי מענער און דאָס איז — דער סוד פון זייער עלטער...

*

צו פערטרויען דיין הארץ צו א פרוי, איז פונקט אזוי זיכער, ווי צו בעהאלטען א דימענט אויף דעם ראַד פון א וואסער־מיהל.

*

פאראן פרויען, וואָס זיינען אייפערזיכטיג אויף זייער אייגענעם ווידער־קול... און דאָס איז די אורזאכע ווארום זיי רעדען אָהן אַן אויפהער...

*

ס'איז א גרויסע נארישקייט פון די מענער צו דענקען, אז די פרויען זיינען נאריש, אין דער צייט וואָס די פרויען דענקען דאָס־זעלבען וועגען ז י י...

*

ווייזט אונז א מאַן וואָס קען ווירקליך הערשען איבער זיין פרוי, און מיר וועלען זיך... פּאָזיטיוו ענטזאגען צו געהן מיט איהם דורך א וואלד.

*

ליעבע אויפ'ן ערשטען בליק איז ווי דער ערשטער שנעע געגען דער זון: עס גלאנצט העל און צוגעהט שנעל.

*

א פרוי וואָס האָט בלויז א י י ן חסרון, האָט צ ו ו י י חסרונות. דער צווייטער חסרון איז דאָס, וואָס זי האָט ב ל ו י ז איין חסרון.

*

די פרוי איז אַן אייביגע רעטעניש — ניט צום לעזען און ניט צום אויפגעבען...

*

די פרוי איז פון יענע גרויסע אונערווארטעטע ערשיינונגען, וועלכע פּאסירען פון צייט צו צייט...

*

די פערצווייפלונג פון דער האָפנונג, די האָפנונג פון דער פערצווייפלונג — אָט דאָס איז די פרוי...

ווי נאַטירליך; אויב מענער זיינען נאַטירליך — איז דאָס, אין בעסטען פאַל, אוננאַטירליך!

*

די צניעות פון מאנכע פרויען איז אזוי בולט ווי די פינסטערנים פון מצרים: מען קען עס אָנטאַפּען מיט די הענד.

*

דאָס הארץ פון א פרוי איז א גאָלדענער בעכער, אין וועלכען עס פינקעלט דער אַלטער וויין פון איהר מוטער חוה׳ס גן־עדן־ליעבע.

*

ביי א מאַן טרעפט אז ער גיט אמאָל צו, אז ער האָט בעגאַנגען אַן עולה — א פרוי קען העכסטענס צוגעבען, אז א י ה ר האָט א טעות...

*

דאָס ערגסטע וואָס א מאַן דאַרף אָפּט אראָבשלינגען פון זיין יונגער ווייבעל זיינען — די מאכלים וואָס זי קאָכט...

*

די הערצער פון פיעלע שעהנע פרויען זיינען געגליכען צו פיינע באָנבאָנס — קליינע, אָפּטמאָל שלעכטע צוקערקעס און פערוויקעלט אין א מאַסע טהייערען שטאָף...

*

„ע ר  פ י ה ר ט זיין כלה צו דער חופה“, איז איינע פון יענע אַלטע שפּראַך־פעהלערען, וועלכע זיינען איינגעוואָרצעלט אין דעם בלוט פון די מאַנסבילען. אייגענטליך דאַרף עס הייסען: „ער לאָזט זיך פיהרען פון זיין כלה צו דער חופה!“

*

נעפיהלען זיינען ווייבליך; געדאַנקען — מענליך.

*

זאָגט א מיידעל אז זי איז א מלאך און זי וועט זיך באַלד צוטשעפּען א פּאָר פליגעל...

*

א פרוי איז געגליכען צו דער לבנה:ביידע וואַרפען זייער העלסטען שיין אין די דונקעלסטע פלעצער.

מען דענקט, אז בעת די וועלט וועט האלטען אין אונטערגעהן, וועט זי מוזען אויסווארטען א ווײלע, ביז וואנען די פרויען וועלען זיך אנטהאן די קארסעטען.

*

א מאן איז אזוי הויך ווי ער דענקט ; א פרוי — אזוי הויך ווי זי ליעבט.

*

דאס וויכטיגסטע אין א פרוי'ס בריעף איז געוועהנליך אין דער ערשטער אדער אין דער לעצטער שורה.

*

אז א פרוי ווארפט א שטיין אין גארטען אריין, קענען איהם צעהן מאנסבילען ניט געפינען.

*

די מייסטע זאכען, וועלכע פרויען ווייסען ניט, איז ווערטה צו לערנען זיך אויסווענינ !...

*

מענער געהערען דער עפענטליכקייט, ווען זיי שטייגען ; פרויען — ווען זיי פאלען !

*

זאגט א פרוי, אז זי קוקט אויס פונקט ווי אייער פריינדין, און זי וועט אייך בלייבען א שונא אויפ'ן לעבען.

*

צווישען צוויי אלטע צרות וועט א פרוי אימער אויסקלייבען א דריטע — אבי א נ י י ע.

*

די ליעבע פון דאס רוב פרויען איז בלינד ביז וואנען עס קומט צום דיימאנד־רינג...

*

מיידלעך האט מען ליעב פאר דאס וואס זיי זיינען ; מענער— פאר דאס וואס זיי ק ע נ ע ן !

*

אויב די פרויען זיינען אונגאטירליך — איז דאס ניט מעהר

פיעלע פרויען, וועלכע קענען די גוטהערציגע נאַטורען פון זייערע מענער, פאַלען בכיון אין זומפּ, בכדי צו געבען זייערע מענער א געלעגענהייט זיי אויפצוהויבען.

*

א פרוי איז אַזא מין סאָרט וויטץ, וואָס מאַכט אונז אָפט לאַכען מיט טרערען...

*

ליעבע איז א פעראייניגונג פון צוויי נשמות פאַר דעם נוצען פון א דריטער.

*

פאַראַנען דרייערליי פרויען אויף דער וועלט — שלעכטע פרויען, ערגערע פרויען און נאָך ערגערע...

*

דער בעכער פול מיט דעם שטאַרקסטען וויין מאַכט אָפטמאָל ניט אַזוי שכור ווי די מיידעלשע האַנד, וועלכע האַלט דעם בעכער!

*

די פרוי קען זיך צו אַלעם צוגעוועהנען! פאַראַנען צווישען זיי אַזעלכע, וואָס קענען אָבלעבען זייערע יאָהרען מיט איין מאַן.

*

אַן אונאַנשטענדיגע מיידעל איז א מיידעל וואָס האָט ניט געהאַט קיין געלעגענהייט צו זיין אַנשטענדיג, און פערקעהרט...

*

מאַנכע פרויען בעהאַנדלען זייער אונשולד, ווי א קליין קינד בעהאַנדעלט א פּויק, וועלכע דער פאַטער האָט איהם געקויפט — ער פּויקט אין איהר אָהן אַן אויפהער, ביז וואַנען זי ווערט צובראָכען.

*

די פרוי איז א לייטער, דורך וועלכע דעם מאַנ'ס נשמה קען אַנטוועדער ארויפקלעטערען צום הימעל אָדער ארונטערקלעטערען אין דער העלע...

*

„די גאַנצע וועלט ליעבט א פערליעבטען" — איז שוין עפּעס א חידוש וואָס פערהייראַטהע מענשען האָבען אַזא ביטערען האַס צו דער גאַנצער וועלט?...

האָב ניט חתונה און דו וועסט חרטה האָבען; האָב יא חתונה און דו וועסט חרטה האָבען דאָרויף וואָס דו האָסט קיין געלעגענ־הייט חרטה צו האָבען...

*

ליעבע איז א זאַך וואָס איז ניט...

*

א פרוי וואָס וויל עסען די יאַדרע מוז — לאָזען דעם מאַן קנאַקען די נוס!

*

די פרוי איז א פּראָבלעמע וואָס לעזט זיך אויף אין א רעטעניש.

*

פיעלע מאַנסבילען שעצען מעהר אין דער פרוי אַן אָפענע ברוסט, ווי אַן אָפען האַרץ.

*

קיין וואונדער וואָס דער פרוי'ס געדאַנקען זיינען ריינער ווי דעם מאַן'ס — זי בייט זיי דאָך אַזוי אָפט!...

*

פיעלע פרויען קענען געפינען דעם ריכטיגען וועג אין לעבען, אָבער זעהר ווייניג קענען אויף איהם געהען...

*

די פרוי אורטהיילט אַזוי לייכט און פערשטעהט אַזוי שווער...

*

איבערראַשען א פרוי מיט א ליעבעס־ערקלערונג, הייסט איבער־ראַשען א זונענשטראַהל מיט א שפּיעגעל...

*

איין איינציגער ליעבעס־שטראַהל מאַכט אָפט ליכטיגער דאָס האַרץ פון א פרוי ווי די גאַנצע זון...

*

די ערציהונג וואָס היינטיגע פרויען גיבען זייערע טעכטער בעשטעהט פון גוטע לעהרען מיט שלעכטע אילוסטראַציעס...

*

אין ים פון לעבען פּאַסירט אָפט, אַז די פרוי לויפט נאָך אַן איינציגער כוואַליע אנשטאַט צו שעפּען פון די קומענדע...

— ווי שעהן איז די פרוי ! — האָט גאָט אויסגערופען ענטציקט פון חוה'ן, וועלכע ער האָט ערשט נעהאט אויסגעשניטען פון אדם'ס ריפּ.

— אָבער זי טהוט וועה ! — האָט נעבעך געקרעכצט אדם און זיך געהאַלטען פאַר דער זייט.



מען זאָגט, אז די שלאַנג, וועלכע האָט אָנגערעדט אדם'ען צו עסען עפּעל, איז געווען אָנגעשטעלט פון א געוויסע פירמע וואָס פערקויפט פּעטענט־מעדיצינס...



מאנכע פרויען זיינען געגליכען צו יונגע פּאָטייטאָס (קארטאָ־פעל) — פּשוט'ע מענשען ליעבען זיי אם בעסטען אין די העמדלעך.



דער קאָרסעט איז א זעלטענער מיטעל אויף צו האַלטען דעם טייפעל געפאנגען ארום דער פרוי'ס הארצען.



די פרוי — דאָס איז דער „קאָמפּאָט" פון לעבען. לאָז זי דארום איבער אויף דער סאמע ענדע !



דער פרוי'ס נשמה איז א פויגעלע וואָס פליהט קיינמאָל ניט אראָב דעם „דאך" פון איהר וואוינונג — דאָס הייסט איהר קאפּעליוש !



— לעג זיך, אדם, איך וועל פון דיר מאכען א מענש ! — אזוי האָט גאָט געזאָגט צו אדם'ן בשעת ער איז איהם נעגאנגען מאכען די געוויסע אָפּעראציע.

— כא־כא־כא ! פון מיר א מענש ! האָט זיך אדם צולאכט מיט אזא הויכען געלעכטער, אז ער איז אזש געבליבען אָהן א זייט.

מען קען ליעב האָבען א מיידעל אי פאר איהר צניעות איז פאר איהר חוצפה.

*

עס איז לייכטער פאר א פרוי צו זיין נאריש און ניט זיין שעהן, ווי צו זיין שעהן און ניט זיין נאריש.

*

פיעלע מיידלעך, וואָס לעגען די יונגע לייט אין דר'ערד, געפינען זיך נאכהער שימלענדיג אויף די פּאָליצעס.

*

אום צו מאכען פרויען־געסט פיהלען ווי ביי זיך אין דער היים — מוזט איהר זיי איינלאדען זיך א ביסעל צו שילטען...

*

מענער און, להבדיל, הינט שעצען אם בעסטען די זאכען, וועלכע זיי קריעגען דורך א לאנגען בעטען זיך...

*

אז דו גערסט צו א פרוי, נעהם מיט א בייטש און — א באקס קענדי.

*

די מייסטע מענער הייראטהען אויס לאנגווייליגע און די מייסטע פרויען הייראטהען אויס נייגיערינגקייט...

*

דער איינציגער אונטערשיעד צווישען א קאפּריז און א פרוי איז דאָס, וואָס די פרוי דויערט לענגער...

*

צו שטארבען פאר א פרוי איז אָפטמאָל א קלענערע העלדיש־קייט ווי צו לעבען מיט איהר !...

*

א פרוי איז קיינמאָל ניט א ל י י ן מיט זיך, וואָרים יעמאָלט ווען זי איז אליין, איז זי אַן א נ ד ע ר ע...

*

אוועקגעבען א קעניגרייך פאר א פערד איז געווים א נאריש־קייט; אבער אוועקגעבען א קעניגרייך צו א פרוי איז אַן אונגליק !

„וואָרום האָט איהר ניט חתונה?“ האָט א מיידעל געפרעגט ביי אן עלטערען בחור.

„ווייל דאָס גט'ן זיך קאָסט צו טהייער,“ האָט דער ציניקער געענטפערט.

*

א מאַן וואָס הייראַטה א מיאוס'ע אָדער עלטערע פרוי צוליעב איהר געלד בעטראַכט זיינע קושען אלס א מין אונגערעכטע און געצוואונגענע צינזען אויף זיין פערמעגען.

*

וואָרום איז עס, וואָס די מאָהלער שטעלען אימער פאַר די מלאכים אלס בלאָנדע, ווערהענד אין ווירקליכען לעבען זעהען מיר אז די בלאָנדע זיינען מייסטענס אַקטריסעס און כאָריסטקעס?...

*

אין ליעבעס־ווערטערבוך ווערט דאָס וואָרט „הארץ“ אָפט פער־ביטען אויף דעם וואָרט „ערד“. ווען א געליעבטע זאָגט, למשל: „דו וועסט ביי מיר ליעגען טיעף אין הארצען“ — מיינט זי געוועהנ־ליך: „וועסט ביי מיר ליעגען טיעף אין דר'ערד!...“

*

א פרוי קען פיעלעס פערנעהמען, אָבער ווייניג פערגעבען.

*

די שעהנסטע שפּראַך פון דער פרוי איז איהר שטילשווייגען.

*

אויב איהר ווילט צופריעדענשטעלען אייערע ווייבליכע געסט, מוזט איהר פאַר אלעמען צייגען, אז איהר זיינט ניט צופריעדען מיט אייער פרוי...

*

אז א מאַנסביל געפינט היינטיגע צייטען אויס, אז א פרוי איז שעהן, ווייל ער פאַר דעם „געפינען“ א שכר השבת אבדה — אין דער פאָרם פון א גוטען נדן.

*

די הויפּט־אורזאַכע וואָרום פרויען קענען ניט זיין קיין נאָהענטע פריינדינס איינע מיט די אנדערע, איז ווייל זיי זיינען צו אָפענ־הערציג.

# די פרויען־וועלט

## גלייכווערטלעך און אפאָריזמען וועגען פרויען.

---

פאַר שעהנע פרויען איז זעהר נאַריש צו זיין קלוג.

*

קיין מלאך איז ניט אַזוי בלאָנד, ווי מאַנכע פרויען פאַרבען זיך.

*

דער מאַן וואָס איז געבוירען צו רעגיערען זאָל אויסמיידען פרויען.

*

עס זיינען פאַראַן פרויען, וואָס קענען אפילו ניט די קונסט פון ארומגעהן לעדיג.

*

פיעלע שטענדיגע טהאַטען פון א פרוי ווערען פערדעקט מיט א זוניגען שמייכעל.

*

ליעבע איז פון יענע לוקסוס־אַרטיקלען אָהן וועלכע דער מענש קען זיך ניט בעגעהן.

*

אַלצדינג קענט איהר איבערצייגען א פרוי, חוץ אַז אירגענד וועלכע זאַך איז אַנדערש ווי זי דענקט.

*

עס איז זעהר לייכט צו ערקלערען זיך אין ליעבע. שווער איז נור נאָכהער די ערקלערונג קלאָר צו מאַכען...

*

די גרעסטע, זשעניאַלסטע, ריעזיגסטע נאַרישקייטען זיינען קאַרליקעס אין פערגלייך מיט מאַנכע פרויען...

*

דער טייפעל איז קיינמאָל ניט אַזוי שוואַרץ, ווי די פרוי מאָהלט איהם אין דער צייט, וואָס ער איז איהר געוואָרען אונטריי.

מילך, איצט האָט ער עס אזוי ווייט געבראכט, אז ער טרינקט אוים א גאנצען גאלאָן סם אָהן מילך, און עס ארט איהם ניט.

— זעהסטו, און מיך ארט עס יא. וואָס פאר א נסים דערצעהל־סטו, האַ? מיין לאנדסמאן'ס א שוואָגער האָט ערפונדען א מאשינקע, אז מען לעגט אריין אין איין זייט א לעבעדיקע קוה מיט א זעקעל מעהל, געהט פון דער אנדערער זייט ארוים פארטיגע קרעפּלעך.

— אָווא, א טהייערע מציאה! מיינס א גליעד־געשוועסטער־קינד האָט אויסגעטראכט א פּעטען, טאקע אויך דיזעלבע, נור אביסעל אנדערש, דהיינו: אז די קרעפּלעך געפעלען ניט, לעגט מען זיי אריין צוריק אין מאשינקע, געהט ארוים פון דער אנדערער זייט א זעקעל מעהל און די לעבעדיגע קוה נאָך מיט א קעלבער דערצו.

---

## וועגען מצה־מאַשינען און שכורים.

בערקע: נו, זעהט מען זיך דאָס אָן מיט קונצען אויף דער וועלט.

שמערקע: וואָס האָסטו אזוינס געזעהען?

בערקע: איך האָב געזעהן א מאשין, וואָס אז מען האָט אריינגעלעגט אין איהר א שטיק טייג, איז ארויסגעקומען א געבאקטע מצה.

שמערקע: דאָס איז בלאָטע!

בערקע: וויסטו פון א גרעסערען וואונדער?

שמערקע: אויב איך ווייס? איך האָב געזעהן א מאשין וואו מען האָט אריינגעלעגט באָנדלעך ווייננטרויבען אין איין זייט און פון דער אנדערער זייט זיינען געשטאנען „פּאטרול וועגען" און מען האָט געשלעפּט שכור'ע גוים אין סטיישאן־הויז!...



צו זייערע ערטער. א חוץ דעם מוזען נאָך די באהנען אויפ׳ן וועג זיך אָבשטעלען ארויפצונעהמען קוילען און וואסער פאר די לאָקאָמאָטיוועז. נור דאָס איז אלץ בלאָטע. דער עיקר איז, אז ראש השנה בעת מען בלאָזט שופר אויפ׳ן בעלעמער, איז די וואָס זיצען אין פּאָליש דערהערען דעם קול שופר ערשט ארום חנוכה־צייט.

---

## אלץ הייסט א ברונען!

— אין שמאָלעוויץ איז דאָ א ברונען, איז ער אזוי טיעף, אז עס לויפען אין איהם 7 מינים וואסערען...

— פּשששש, פּאראדע... אויך מיר א ברונען! ביי אונז אין שמעלעוויץ, זעהסטו, איז אויך דאָ א ברונען, האָט די שמש׳טע ערב־פּסח אראָבגעלאָזען אין דעם דאָזיגען ברונען אויף א שפּאגאטעל א צעהנדליג הערינג אום זיי אויסצואווייקען אויף פּסח, איז אָבער ווען די הערינג האָבען זיך אָנגעווייקט מיט וואסער, זיינען זיי געוואָרען אזוי שווער, אז זיי האָבען מיטגעשלעפּט די שמש׳טע אין ברונען אריין. דאָס איז געווען ערב פּסח. דער ברונען איז אָבער געווען אזוי טיעף, אז דעם פּליוסק פון דער שמש׳טעס פאל האָט מען ערשט דערהערט הושענא רבה...

---

## געוואוינהייט.

— וואונדער איבער וואונדער! וואָס געוואוינהייט קען אויפטהאָן! איך קען איינעם וועלכער האָט זיך צוגעוועהנט צו שפּרינגען. דעם ערשטען טאָג פלעגט ער שפּרינגען פון איין טרעפּעל, דעם צווייטען — פון צוויי טרעפּלעך, דעם דריטען — פון דריי, א. ז. וו. יעצט שפּרינגט ער ארונטער פון א צוועלף־פּלאָריגע געביידע און — גאָר ניט.

— ס׳איז טאקע גאָר ניט. מיינער א בעקאנטער האָט זיך צוגעוועהנט יעדען טאָג צו טרינקען א טראָפּען סם, געמישט מיט

## װעגען הונגעריגע.

— אז עס קומט צו רייד פון הונגער, װעל איך אייך דערצעהלען װאָס מיט מיר האָט פּאַסירט:
איך בין אמאָל געפאָהרען אויפ׳ן טייך מיט א שיפעל. איך בין אזוי הונגעריג געװען, אז איך האָב מורא געהאט איך זאָל זיך אליין ניט אויפעסען. װאָס טהוט מען? בין איך געפאַלען אויף א פּלאַן: איך האָב געכאפּט עטליכע שפּענדלעך און ארומגעלעגט ארום ברעג און זיי אָנגעצונדען. דער טייך האָט געגעבען א זיד אויף, און איך האָב מיך גוט אָנגעגעסען מיט פריש־געקאָכטע פיש.
— עט, דאָס איז ביי דיר א מציאה! איך בין אמאָל געװען ביי מיין טאטען אין װאסער־מיהל און מיר האָבען אויך געװאָלט שטארק עסען. דאָ ליעגט פרישע, לעבעדיגע פיש, נור עס איז ניטאָ אין װאָס צו קאָכען. איך האָב אָנגעהויבען זוכען א כלי — ניטאָ. דערװייל דערזעה איך א שטיק װאקס — געכאפּט און געמאכט א פענדעל און אָבגעקאָכט די פיש און מיר...
— חכם, װי אזוי קען מען קאָכען אין א װאקסענע כלי?
— פערד־קאָפּ! מיר האָבען געמאכט אזא גרוים פייער, אז דאָס װאקס האָט קיין צייט ניט געהאט זיך צוצושמעלצען.

---

## שוהלען צו שוהלען ניט גלייך.

— איך בין אמאָל געװען אין פּאריז אין א שוהל, איז די שוהל דאָרט געװען אזוי גרויס, אז װען מען האָט גערופען א מזרח־בעל־הבית ער זאָל עולה לתורה זיין האָט געדויערט צװיי שטונדען ביז ער איז געקומען פון זיין „שטאָדט" צום באַלעמער, — אי דאָס איז ער געפאָהרען די צװיי שעה אויף א פערד.
— עט, דאָס איז גאָרניט. אויך מיר א שוהל! כ׳האָב געזעהן אמאָל א שוהל אין בערלין, שטעהען דאָרטען צװיי באהנען פוןביידע זייטען בעלעמער, װאָס ברענגען די עליה׳ניקעס צופיהרען פון זייערע „שטערט" צו דער תורה און פיהרען זיי נאכהער צוריק אָב

— עט, דאָס איז גאָר ניט! מיין זיידע איז אליין געווען אַ בוכ־האַלטער אין אַ גרויסער בערלינער באַנק, דערצעהלט ער: אַז דער דירעקטאָר פון דער באַנק האָט פעראָרדענט מען זאָל שרייבען די זיבענס אָהן די פּאַסקעלעך (אין יוראָפּ, ווי בעוואוסט, קרייציגט מען איבער דעם 7 מיט אַ פּאַסיקעל), ווערט מען עקאָנאָמיזירען טינט; און די עקאָנאָמיע האָט אריינגעבראַכט אין איין יאהר פינף מיליאָן מאַרק.

---

## אַ מעשה מיט אַ דועל.

דער פּריץ פון דעם דאָרף, פון וואַנען איך קום (בערעזענע הייסט עס), האָט זיך אַמאָל שטאַרק צוקריעגט מיט דעם פּריץ פון דעם צווייטען דאָרף — סאָסנאָוויץ. דער סאָסנאָוויצער פּריץ האָט שרעקליך מיאוס בעליידיגט מיין פּריץ, ס'הייסט דעם בערעזענער, האָט איהם מיין פּריץ ארויסגערופען אויף אַ דועל מיט שווערדען.

דער פּלאַץ פון דעם דועל איז געווען אונטער אונזער בערעזע־נאָווער קרעטשמע, ווינטער איז עס געווען, אַ פראָסט האָט דעמאָלט געברענט פחדים'דיג. קענסט פערשטעהן וואָס פאַר אַ מין פראָסט ס'איז געווען, אַז דער פּריץ מיינער האָט מיט זיין שווערד, בשעת דועל, גענגעבען אַ האַק דעם סאָסנאָוויצער פּריץ אין האַלז, האָט ער איהם מיט'ן ערשטען האַק אָבגעהאַקט דעם קאָפּ. דער פראָסט איז אָבער געווען אזוי שטאַרק, אַז דער קאָפּ איז ניט גלייך אראָב און איז צוגעפראָרען געוואָרען צום קערפּער. ערשט ווען נאָכ'ן דועל זיינען די פּריצים אריינגעגאַנגען צו אונז אין קרעטשמע עפּעס טרינקען, האָט זיך אין מיטען טרינקען דער בערעזענער פּריץ שטאַרק דערהיצט, און דאָס אייז האָט אָנגעהויבען טאָפּיען, איז איהם ערשט אין קרעטשמע דער קאָפּ ארונטער.

---

א שרעקליכער ווינד און האָט אריבערגעטראָגען א גרויסען מיהל־שטיין פון יענער זייט טייך. די לאָך פונ'ם שטיין איז ארויף גלייך אויף מיין קאָפּ, א מערכה, איך בין געגאנגען אין א קאשקעט מיט א גרויסען דאשעק, ווען ניט וואָלט דער שטיין מיר מיין נאָז אָבגעג־האקט. איך האָב אנדערש ניט געקענט ארָאבנעהמען דעם שטיין, ביז איך האָב ניט אויסגעטהאָן דעם קאשקעט.

מיין ברודער האָט דעמאָלט געטראָגען א שטרויענעם הוט. דערזעהענדיג דעם גרויסען שטורם־ווינד, האָט ער שנעל ארונטער־געכאפּט דעם ראָבער פון ארום דעם הוט און באלד צוגעבונדען צום קנעפּעל. דאָס האָט אָבער אויך ניט געהאָלפען. דער ווינד האָט א ציה אויס געגעבען דעם ראָבער, און דער הוט האָט זיך געצויגען אויף דעם ים טויזענדער מיילען ווייט. מיר האָבען געוואַרט ביז אויף דער נאכט, אז מען זאָל מעגען מיט א מעסער אָבשניידען דעם ראָבער פונ'ם קנעפּעל. ווען מיר זיינען שפּעטער מיט דריי יאָהר געקומען קיין אמעריקא, און איך בין געגאנגען מיט מיין ברודער אין סענטראַל פּארק אָנקוקען די חיות, ויבוא המן! דער הוט פליהט מיט'ן ראָבער און פאלט פונקט מיין ברודער אויפ'ן קאָפּ.

---

## וועגען באנק הייזער.

— מיין זיידע דערצעהלט: ווען ער איז געווען אין בערלין, האָט ער געזעהן א באנק־הויז, איז עס געווען 95 שטאָק הויך און א הונ־דערט־טויזענד פוס לאנג. דאָס קאָנטאָ־בוך (אזוי רופט מען דאָס אויף דייטש) איז געווען אזוי גרויס, אז פון „דעביט“ ביז'ן „קרעדיט“ זיינען געלעגען רעלסען און דער בוכהאלטער פלעגט מוזען צופאָהרען מיט דער באהן איינצושרייבען די ציפער פון איין זייט בוך צום צווייטען זייט.

— אויך מיר א וואונדער! מיין זיידע האָט געזעהן אין א בערלינער באנק ווי עס זיינען געשטאנען 25 טויזענד מאן ארויס־געשטעלט די צינגער און געקלעפּט מארקעם אויף בריעף. אזא גרויסע קאָרעספּאָנדענץ איז דאָרט געווען.

# פערשיעדענע ליגענס

---

## גבורות.

— הער אוים וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט לעצטע וואָך. געהענדיג אזוי אויף בראָדוויי זוכען ארבייט, האָב איך דערזעהען ווי מען שלעפּט ארויף א גרויסע סייף פון אזוי ארום פופציג טויזענד פונט אויפ'ן צעהנטען פלאָר. פּלוצלינג האָבען זיך די שטריק איבערגעריסען און די סייף איז גלייך געפאַלען אויף מיר. איך בין ניט געוועזען פויל און גלייך ארויסגעקראָכען פון אונטער'ן סייף און דערלאַנגענדיג מיט מיין רעכטען פויסט אזא שטויס דעם סייף אז ער איז צושאָטען געוואָרען אויף פּיצלעך בין איך מיר אוועק אהיים, ווי ניט מיך מיינט מען עס.

— דאָס איז גאָר! הער בעסער וואָס מיט מיר האָט געטראָפען: איך געה אויף דער בויערי פון דער ארבייט, ערשט איך זעה מיינער אַן אלטער פריינד געהט אויף דער צווייטער זייט גאַס. האָב איך א געשריי געטהאָן צו איהם, ער זאָל צו מיר אריבערקומען. אזוי ווי ער האָט זיך געלאָזט אריבערגעהן די גאַס, איז אָנגעלאָפען א קאַר און האָט איהם איבערגעפאָהרען, אָבהאַקענדיג דעם קאָפּ פון די פּלייצעס. איך האָב גלייך געכאַפּט זיין קאָפּ מיט'ן קערפּער און זיי אריינגעטראָגען אין א שניידער־סטאָר, און ווי נור מען האָט צוגענעהט זיין קאָפּ צו די פּלייצעס און צוגעפּרעסט, האָט ער מיר געדאַנקט און איז זיך אוועק אהיים א גליקליכער.

---

## איך און מיין ברודער.

איך און מיין ברודער זיינען אמאָל געגאַנגען אין לאָנדאָן אין דער גרויסער שוהל הערען דעם חזן ראש חדש בענשען. איך געדענק עס גלייך עס וואָלט היינט געשעהן. עס איז געוועזען דער צווייטער טאָג ר"ה. פערבייגעהענדיג א גרויסען טייך, האָט זיך אויפגעכאַפּט

# איהם קומט דאָס זייגערעל

צוויי אינגלעך, געהענדיג, האָבען געפונען א זייגערעל. איינער האָט געזאָגט, אז דאָס זייגערעל געהערט צו איהם, און דער צווייטער האָט געזאָגט, אז — צו איהם. איז געבליבען צווישען זיי, ווער עס וועט זאָגען דעם גרעסטען ליגען, דעם קומט דאָס זייגערעל.

ע ר ש ט ע ר  א י נ ג ע ל: מיין טאַטענס אָטאָמאָביל איז אזוי גרויס, אז ווען מיר מופען אריבער זומער אין קאָונטרי, נעהמט מיין טאַטע דאָס הויז פון 4 פלאָר וואָס מיר האָבען אין די בראָנקס און שטעלט עס אריין אין אָטאָמאָביל און מופט עס אריבער אין קאָונטרי, און אין אָטאָמאָביל איז נאָך דאָ פלאַץ פאר 500 מענשען צו זיצען.

צ ו ו י י ט ע ר  א י נ ג ע ל: ביי מיין טאַטען אויף דער פאַרם וואַקסט אזא גרויסע קאָפּ קרויט, אז בשעת עס איז פאָרגעקומען דער אמעריקאנער בריגער־קריעג, זיינען מיט א גרויסען שטורם־ווינד געקומען צו אונז צופליהען צוויי הונדערט סאָלדאַטען, האָט זיי דער זיידע ביינאַכט אַלע צוגעדעקט מיט א בלאַט פון קרויט.

דאַרויף האָבען זיך ביידע אינגלעך גענומען שפּאַרען, אז זיין ליגען איז דער גרעסטער. זיינען זיי געגאַנגען פרעגען דעם גלח, ער זאָל ענטשיידען וועמעס ליגען עס איז גרעסער.

ד ע ר  ג ל ח, אויסהערענדיג זיי, האָט זיי אָנגעפאַנגען צו מוסר'ן: ניט שעהן פון אייך, קינדער, איהר זאָלט אייך אריינלאָזען אין אַזעלכע ליגענס. אָט קוקט מיך אָן, איך בין אַן אַלטער מאַן פון 65 יאָהר, מיט א גרויען קאָפּ, און איך האָב נאָך אין מיין לעבען קיין ליגען ניט געזאָגט.

„דזשייק“, רופט זיך אָב איין אינגעל צום צווייטען, „גיב דעם גלח דאָס זייגערעל!“



# עקשנות

ערשטער: — איך בין אמאָל געווען א גרויסער סוחר. איינ־מאָל בין איך געגאנגען מיט א שטאָל אָקסען פון דריי־הונדערט אין צאָהל קיין וויען אויף דעם מארק, און ווי איך בין געקומען קיין פלאָריסדאָרף (א סטאנציע אונטער וויען), זאָגט מען מיר, אז איך זאָל ניט אריינגעהן מיט די אָקסען קיין וויען, ווייל עס הערט זיך אין וויען די אָקסען־קראנקהייט „פיה־זייכע" (א חולאת וואָס אז די בהמה שטעקט זיך פון איהר אָן, מוז מען זי תיכף שיסען). איך האָב איעדען געהערט ווי די קאץ און מיך איינגע׳עקשנ׳ט און דוקא אריין מיט די אָקסען קיין וויען. אלע דריי־הונדערט אָקסען האָט מען מיר אויסגעשאָסען און איך האָב מיינס אויסגעפיהרט.

צווייטער: — אויך מיר עקשנות! מיין אידענע האָט צו מיר אמאָל אום ווינטער, אין א זעהר ברענענדיגען פראָסט, געזאָגט: „יאנקעל, געהסט אין מארק, נעהם מיט דעם פעלץ." נור ווייל זי האָט מיר געהייסען נעהמען דעם פעלץ האָב איך, איהר אויף להכעיס, איהם ניט גענומען. איך בין געשטאנען אין מארק, די נאָז, איין אויער און צוויי פינגער זיינען מיר אָבגעפראָרען געוואָרען און איך האָב מיין ווייב געוויזען אז איך האָב אויס־געפיהרט.

דריטער: — וואָס האקט איהר מיר א טשייניק מיט אייערע עקשנות? הערט! איך קום אמאָל אריין צו א דענטיסט און זאָג איהם: „פליעז, נעהמט מיר ארויס א צאָהן, ער טהוט מיר זעהר וועה." „וועלכער צאָהן?" פרעגט ער מיך. „וואָס הייסט וועלכער? איהר זיינט דאָך עפעס א דענטיסט, דארפט איהר אליין וויסען וועלכער, אויף וואָס דען האָט איהר אויסשטודירט דאָקטאָר?" דער דענטיסט האָט מיר געריסען איין צאָהן נאָכ׳ן אנדערען, און איך האָב איהם ניט געוואָלט אויסזאָגען וועלכער ס׳איז, ביז אויפ׳ן לעצט האָט ער געפאקט דעם צאָהן וואָס האָט מיר וועה געטהאָן, און איך האָב איהם געוויזען וואָס עקשנות הייסט.

ניין! דורכגעפלויגען איבער ניו יאָרק, לאָזט ער מיך איבער אויף דעם שפּיץ פון דער זינגער־בילדינג און אליין — גנעה זוך איהם. וואָס טהוט מען? נעהם איך דעם שטעקען מיט׳ן פלאַג פון דער בילדינג, מאַך מיר א „פּאַראשיוט“ און... וואָס זאָל איך זאָגען א ליגען? איך בין ניט ארונטער אויף דער ערד, נור אריין אין א פענסטער פון א וואָל סטריטער באַנק. אַך, וואָס געלד דאָרט האָט זיך געפונען, מאַמעלעך מיינע! איך בין בטבע גאָר אַן אָרענטלי־כער, אָבער נעה בלייב עהרליך, ווען דער יצר הרע שטורכעט דיך פון הינטען: „נעהם, נאַרעלע, נעהם. דו ביזט ניט דער איינציגער!“ איך האָב פּאַוואָלינקע אויפגעבראָכען א סייף און ארויסגענומען $2.50 אויף א טיקעט און בין צוריק אוועק אין די קאַנטרי.



# אַ מערקווירדיגע רייזע

— מילא, חכמות אָן אַ זייט. איך וועל דיר בעסער דערצעהלען אַן ערנסטע זאַך. פֿאַריגען זומער האָב איך מיין וועקיישאָן פֿערבראַכט אין די קעטסקילס. חוץ קאָרטען שפּיעלען און לשון־הרע, וואָס טהוט מען נאָך אין די לאַנגע טעג? נעהמען מיר זיך איינמאָל צונויף אַ קאָמפּאַניע צו געהן זוכען נעסטען פֿון אָדלערס. ארויפגעקלעטערט אויף אַ הויכען בארג, דערזעהען מיר אַ גרויסע לאָך, כמעט ווי אַ בעדרום אין אַ טענעמענט־הויז, און אין לאָך ליעגען צוויי אָדלערס, יעדער פֿון זיי איז גרויס ווי אַ קריעגסשיף, און שפּיעלען זיך מיט זייערע קליינע אָדלערלעך. דער „ער“ האָט הפּנים געמיינט, אז מיר ווילען רויבען זיינע יורשים, גיט ער זיך אַ כאַפּ הענדרום־פּענדרום, נעהמט מיך אָן פֿאַר'ן גארטעל און ס'האָט אזוי פֿיעל געדויערט וויפֿיעל איך רעד מיט דיר, איך שטעה שוין אויפ'ן בארג אררט. דאָס איז דער בארג וואו נח האָט זיך נאָכ'ן מבול אָבגעשטעלט מיט דער תבה. וואָלסטו זעהען וואָס זאכען עס טהוט זיך דאָרט! טהייערע קיכען־געשיר פֿון עכטען וואַרשעווער זילבער, מעבעל, געמאַכט פֿון די בעסטע אמעריקאַנער פֿאַבריקאַנטען, אפילו אַ בילד געמאָהלען פֿון דעם גרויסען ראַפֿאַעל. נאָר געהשלעפּ זיך מיט זיי. אַ פּאָאַר קלייניגקייטען האָב איך יאָ גענומען, דהיינו: אַן אתרוג־פּושקע, דאָס קידוש־גלעזעל, פֿון וועלכען נח האָט זיך פֿערשנאָשקעט ארויסקומענדיג פֿון תבה, זיין טלית און תפֿילין און זיין יאַרמולקע. אויף גוט, טראַכט איך מיר, עס וועט צונוץ קומען פֿאַר'ן אידישען מוזעאום אין בראָנזוויל. אָבער ווי אזוי נח האָט דאָרט געוואוינט — אסור אויב איך פֿערשטעה: אזאַ שרעקליכע קעלט, אז די ווערטער פֿריהרען אין מויל. מיין בעל־עגלה מיט'ן אָדלערשען בליק האָט עס פֿערשטאַנען און אין זעקס סעקונדען זיינען מיר שוין געווען אויפ'ן בארג וועזואוויוס. אנגעוואַרעמט זיך די הענד ביים סאַמע „קראַטער“, פֿליהען מיר ווייטער. טראַנ־זשעסיב, אָדלערשער קאָפּ, אהין, פֿון וואַנען דו האָסט מיך גענומען! —

מיר געצייגט איהרע קליידער, האָבען דערווייל אין הויף די ווייסע־חברה'ניקעס מיר קאַליע געמאַכט מיין לופט־באַלון.

— וואָס־זשע האָט איהר געטהאָן?

— א פראגע. אונטער א שטיין האָב איך פיינט צו ליעגען, אָבער אויבען... האָב איך זיך ארויפגעכאַפּט אויף איינעם פון די שטיינער, וועלפען דער סמבטיון ווארפט ארויס און... אָט בין איך דאָ!

— און פוטער?

— אפילו די בהמות זיינען דאָרט קלוג. די גאַנצע נאַכט קאַטשען זיי זיך פון די בערג און אין דער פריה, אנשטאט מילך, מעלקט מען פוטער.

— און אַז איך וויל אַ שטיקעל פלייש?

— לויפען ארום אין די גאַסען געבראָטענע אָקסען. יעדער האָט אויף זיך אַ הכשר פון אַ בעוואוסטען רב. אַ מעסער שטעקט אין דער זייט פון יעדען אָקס, שנייד דיר אָב דאָס בעסטע שטיק און דאָס איבריגע ווארף אוועק פאר די הינט.

— און אַ שטייגער, נאַפשיקלאַד, איך האָב ליעב הערינג?

— אין די טייכען שווימען ארום מיליאָנען מארינירטע הערינג אָהן ביינער. כאַטש נעהם און שלינג זיי.

— האָבען זיי דאָרטען צייטונגען?

— הערסט, חכם! טאַקע דערפאר לעבען זיי דאָך אייביג, ווייל ס׳איז ניטאָ! איינער, אַ ליץ האָט דאָרטען אמאָל געוואָלט ווערען רעדאַקטאָר, האָבען זיי איהם משלח געווען און צום אנדענקען פון דער פרעהליכער פאַסירונג, רופען זיי דעם גרעסטען טייך פון לאַנד נאָך דעם רעדאַקטאָר: סמבטיון.

— וואונדער איבער וואונדער! ווי לאַנג וואוינען זיי דאָרט?

— פון באַלד נאָכ׳ן חורבן בית שלישי. אַן אַלטיטשקער האָט מיר דערצעהלט, אַז ער איז נח׳ס זון איידעם.

— וואָאָאָס??!!

— איך בין אויך אַזוי קלוג ווי דו. ער האָט מיר אָבער געוויזען אַן אָבגעהאַקטען פינגער וועלכען ער האָט פערלוירען ביים בויען די תבה. היינט גנעה, גלויב ניט! זיין ווייבעל האָט ער מיר אויך פאָרגעשטעלט. נאָך גאָר אַ יונגעטשקע. געווען — האָט ער מיר דערצעהלט — די ערשטע כאָריסטין ביי מרים׳ען אין כאָר ביים אריבערגעהן דעם ים־סוף און „אויסגעכאַפּט“ האָט ער זי אין אַ יום־כפור־טאָג אין איינעם פון די ירושלים׳ער גערטנער.

— עפּעס אַ ניש־קשה׳דיג ווייבעל?

— נישט־קשה. אָבער פאַרט אַ אידענע. וועהרענד זי האָט

# ביי די רויטע אידעלעך

— העללאָ, הערשעלע! וואָס עפּעס אזוי פערשטויבט? ערשט פונ׳ם וועג, הפנים?

— נעווים. געוועזן ביי די רויטע אידלעך, פון יענער זייט סמבטיון.

— נעהט שוין, געהט!

— אָט האָסטו מיין עהרענוואָרט — איז שוין גוט?

— אויב אזוי איז עפּעס אנדערש. מען זאָגט דאָך אָבער, אז עס וואַרפט מיט שטיינער; ס׳איז גאָר אונמעגליך צוצוקומען אהין?

— ניט פאר מיר. ערשטענס, בין אין א איד פון רוסלאנד, האָב איך שוין פאר א שטיין קיין מורא ניט. צווייטענס, א איד א חכם — אז מ׳זעהט פליהען א שטיין, רוקט מען זיך אָב אָן א זייט, און דריטענס, צו וואָס זיינען לופט־שיפען בעשאַפען געוואָרען?

— אהא, איצטער פערשטעה איך שוין. ווי־זשע זעהען זיי אויס, אונזערע ברידערלעך?

— ברידערלעך? יעדער אידליק פון 5 ביז 6 פלאָר די הויך. גלית הפלישתי איז געוועזן א הונד געגען זיי. מ׳קען זאָגען: א לאנד פון לויטער „גדולים“. איינער האָט מיך איינגעלאַדען צו זיך אויף א וועטשערע, האָט ער מיך אין זיין וועסטען־טאַש געבראַכט צו טראָגען אהיים.

— מסתמא געמאַכט א פרי־רייד, אָנגעצונדען די עלעקטריק?

— וואָס׳אַר עלעקטריק — שמעקטריק? אז צוויי אידעלעך קומען זיך צוזאַמען ווערט ליכטיג אין שטוב, — זיי זיינען דאָך רויטע.

— אזוי! נו, און פּרנסה האָבען זיי?

— דאָס וואָרט איז גאָר אין זייער לעקסיקאָן ניטאָ.

— וואָס הייסט?

— פשוט. צו וואָס דאַרף מען פּרנסה, ווען ביי יעדען אין גאָרטען וואַקסען אויף די בוימער פּאַרטיגע בולקעס?

# צווישען געלעּרטע

— הער אומיסטען א געשיכטע, וואָס מיט מיר האָט זיך פּאסירט.

אין דעם דריטען זיבעטעל פונ׳ם פערגאנגענעם יאָהרהונדערט האָבען מיר, א חברה געלעהרטע, צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען מארקאָ פּאָלאָ, בנימין השלישי און פּראָפעסאָר יאָקום־בעמבע, פאָרגענומען א רייזע איבער דער וועלט. אונזער פּלאַן איז געווען ארומצורייזען דעם ערד־קוגעל, פונ׳ם איסט־ריווער ביז׳ן ירדן און פון דער גנילאָפּיאטעווקע ביז׳ן שטילען אָקעאן. א שיף האָבען מיר געהאט איינע פון די בעסטע, מיט א גאנץ גרויסען קוימען, און אונזער רייזע איז געווען א זעלטענע. 7 יאָהר האָבען מיר אזוי ארומגעשפּאציערט איבער פערשיעדענע ימים.

נור איינמאָל, פערלאָזענדיג די עלעפאנטען־אינזלען אינ׳ם גרינעם מעער, האָט אונז געפּאקט א גרויסער שטורם, אלע אינ־סטרומענטען און אויך דער קאָמפּאַס זיינען פערלאָרען געגאנגען און מיר האָבען ניט געוואוסט אויף וועלכען גראַד מיר געפינען זיך. אזוי האָבען מיר ארומגעבלאָנקעט 25 וואָכען. איך פון צופיעל „גאָר ניִשט טהאָן", האָב איך ארויסגעקלעטערט אויפ׳ן ראנד פון קוימען און גענומען בעאָבאכטען, טאָמער וועל איך דערזעהן א שטיקעל ישוב.

13 טעג בין איך אָבגעזעסען אויפ׳ן קוימען, ניט פערזוכענדיג אפילו קיין טראָפּען שאמפּאניער. אויפ׳ן 20סטען טאָג האָב איך דערזעהן א דונקעלען פלעק. „לאנד! לאנד!" האָב איך אויסגע־שריען, און פון גרויס שמחה בין איך אריינגעפאלען אין קוימען. ווען מיר זיינען שפּעטער צוגעקומען צום ברעג, האָט מען געמוזט איבערקעהרען די שיף און איך בין ארויסגעפאלען אויף דער ערד.

— אהא! דערפאר ביזטו אזוי אויסגעשמירט!

טבע, אז מ׳דערלאַנגט דעם צימעס, ריהרט ער זיך אפילו ניט צו צו איהם. נאָר וואָס־זשע דען? — דער מארך־ביין. זיין בעסטער פערגעניגען איז צו שמאַטשקען דעם מארך־ביין, וואָס די מאמע לעגט אריין אין צימעס. און מיר, קונדסים, כאַפּען דערווייל די בעבלעך פון זיין טעלער. מיט אמאָל דערזעהען מיר, ווי עפּעס בעוועגט זיך אויפ׳ן טאַטענ׳ס טעלער. און ווער, מיינסטו, איז דאָס געווען? ווערסט ניט טרעפען. די מעשה איז אזוי געווען: אונזער ציעג האָט זיך פערגלוסט צו מאכען א שפּאַציער איבער׳ן דאך פון אונזער שטוב, האָט זי נעבעך פערבלאָנדזשעט אויף אונזער סוכה, און אָט ליעגט זי אויסגעצויגען, ווי א פריצ׳טע אויפ׳ן טאַטענ׳ס טעלער און דריגעט מיט די פיסלעך. מיין טאַטע, זאָל לעבען, האָט דערווייל, דרעמלענדיג, ארויסגעלאָזט דעם ביין פון האנד. א דאגה: נישטאָ דער ביין, — כאַפּט ער א פיסעל פון דער ציעג און קייט, כראָמשקעט און דרעמעלט. פּאַרטיג געוואָרען מיט איין פיסעל, נעהמט ער זיך צום צווייטען, צום דריטען און צום פיערטען. ווען די ציעג האָט אָנגעהויבען שטארק צו „מעקען“, האָט זיך מיין טאַטע אויפגעכאַפּט, און דערזעהענדיג דעם חורבן, האָט ער זיך אביסעל אזוי ווי פערשעהמט. שנעל האָט ער אויפגעהויבען פון דער ערד דעם מארך־ביין, האָט איהם צוהאַקט אויף פיער שטיקלעך, האָט די שטיקלעך ביינער צוגעקלעפּט צו די אָבגעגרי־זשעטע פיסלעך פון דער ציעג, האָט דערביי עפּעס געזאָגט א פּסוק און די ציעג איז ארונטערגעשפּרונגען פון טעלער און איז אוועק א טענצעל אויף אַלע פיער פיסלעך, אָט פּונקט ווי עס וואָלט נאָר ניט געווען!...



# אַ געשיכטליכער פאַקט און אַ מעשה מיט אַ ציעג

— איך וועל דיר עפּעס דערצעהלען.

— אָבער אמת?

— געוויס. ווי דו ווייסט, איז דער ווינטער פון יאָהר 1812, וועהרענד דער רוסיש־פראַנצויזישער קריעג, געוועזן זעהר אַ קאַלטער. די גרויזאַמסטע פרעסט האָבען זיך געביטען מיט די שרעקליכסטע שנעע־שטורמס. ווען אזא ווינטער וואָלט ביי היינטיגע צייטען פּאַסירט אין ניו יאָרק, וואָלטען אַלע טעגליכע צייטונגען געוואָרען שטיקלעך אייז... איך, אַלס פּאָסטאַוושטשיק פון ציצית פאַר די אידישע סאָלדאַטען אין דער רוסישער אַרמעע, בעקום אין אַ פריה־מאָרגען אַ בריעף פונ׳ם פעלד־מאַרשאַל, אז ער וויל מיך זעהן. און דאָ איז דאָס גאַנצע שטעדטעל בעדעקט מיט שנעע, ממש איבער די דעכער. היים איך דעם גוי איינשפּאַנען דעם שליטען און מיר פאָהרען. און עס פאָהרט זיך אַזוי איבער דעם וועיכען, גלאַנציגען שנעע, אַז עס איז אַ מחיה. פּלוצים — טררראַאַאַאַךךךך!! צוברא־כען אַן אַקס!... ווי אַזוי? גאָר פּשוט. פאָהרענדיג האָבען מיר מיט׳ן שליטען פערטשעפּעט דעם שפּיץ פונ׳ם קלויסטער — און ניט פון אָרט! איז דאָך געגוג, האַ? ניין, ברעכט זיך נאָך איין דער דאַך, און מיר שיטען זיך אריין אין קלויסטער. אַ גוואַלד, אַ מהומה... אַלע „דאַוונער" לאָזען זיך לויפען. איינער וואַרפט אום אַ ברענעדיגע ליכט און עס ווערט אַ פייער. אין אַ שטונדע מיט אַ פערטעל איז שוין פונ׳ם שטעדטעל קיין זכר ניט געבליבען. און מחמת דער גרויסער היץ, איז דער גאַנצער שנעע צושמאָלצען געוואָ־רען און איך בין אוועק אין טייך זיך באָדען.

— מען קען ניט זאָגען, וואָס אמת איז אמת, אַ ציקאַווע געשיכטע. אצונד הער אויס מיין מעשה: געוועזן איז דאָס אום סכות. זיצען מיר אַזוי אין סוכה און עסען. מיין טאַטע האָט אַ

זיך דורכ'ן לאָך ארויף צום כסא הכבוד. עס איז ניט געבליבען קיין פלאַץ א שפּילקע אראָבצואווארפען.

אָבער מיינער האָט זיך ניט פערלאָרען: איך האָב גלייך ארויסגענומען מיין מעסערל פון וועסט־פּאַקעט און האָב אויסגע־שניטען אַן אנדער לאָך אין הימעל, האָב אָנגעבונדען א לאַנגען שטריק אָן א דאָרטיגען בוים און האָב זיך אזוי פּאַוואָליטשקע ארונטערגעלאָזען... ערשט אין מיטען וועג, איך טהו א קוק — דער שטריק איז צו קורץ!... מיין שכל איז מיר ווייעדער געקומען צו הילף: איך האָב גלייך אָבגעשניטען דעם עק שטריק וואָס איז צוגע־בונדען געוועזען צום הימעל, האָב עס צוגעבונדען צום עק וואָס איך האָב געהאַלטען אין האַנד, און האָב זיך ווייעדער געלאָזען ארונטער.

ווען איך בין געקומען אזוי ארום א 5 טויזענד פוס פון דער ערד, אהא — דער שטריק איז ווייעדער קורץ!

נו, דאָס מאָל האָב איך שוין ניט געוואָלט געהן שטוקעווען דעם שטריק: אין גאַנצען פינף טויזענד פוס פון דער ערד — בין איך אראָבגעשפּרונגען — גלייך אין טייך. מיינט איהר אפשר אז איך האָב זיך אָבגעשלאָגען אָדער איינגענעצט? — חלילה! — עס איז געוועזען פונקט נאָך תשליך־צייט. ניו יאָרקער עולם האָט נאָר וואָס געהאַט אריינגעוואָרפען די עבירות אין וואסער... און איהר ווייסט דאָך ניו יאָרקער עבירות: אזוינע ווייכע, פעטע, גראָבע און פרישע, ערשט בעגאַנגענע, אז דער ריווער האָט געזשאלעוועט זיי צו פער־שלינגען... און זיי זיינען זיך געלעגען אויפ'ן וואסער ווי א דיקע קאָלדרע. קורץ, איך בין ארויפגעפאלען ווי אויף א פוכאָווע פערענע, און —

ווילט איהר אפשר מאכען א פינאָקעל?

אוי, א פינאָקעל, א פינאָקעל, אין הימעל אריין איז כדאי צו פליהען צו מאכען א פינאָקעל!...

# געשפּיעלט פּינאָקעל אין הימעל

לעצטען ראש השנה, ווען מיין גאַנצע פאַמיליע איז אוועק אין שוהל, האָב איך זיך געפיהלט זעהר לאַנגווייליג אליין אין הויז. בין איך זיך מישב, איך'ל גאָר שפּיעלען אַ פּינאָקעל. האָב איך אָבער ניט געהאַט מיט וועמען. אַלע מיינע בעקאַנטע זיינען אוועק אין די שוהלען. עס איז ניט געבליבען קיין לעבעדיגער מענש אין די הייזער. וואָס דאַרפט איהר מעהר, אפילו גענאַסע ביק, וואָס איז אַ פייער־דיגער אַנאַרכיסט, סאָציאַליסט, אַרבייטער רינג מעמבער און, ס'פערשטעהט זיך, גלויבט ניט אין גאָט, איז אויך אוועק אין שוהל, וואָס זיין אַרבייטער רינג בּרענטש האָט איינגעפיקסט אויף ימים נוראים. ס'אַמעריקאַ!

דאָך, שפּיעלען אַ פּינאָקעל מוז מען, בין איך אַרויף אויפ'ן הימעל. (ווי, זאָלט איהר ניט פרעגען. דאָס איז אַ סאָרט „פּעטען" וואָס איך וועל אייך ניט אויסזאָגען, ווייל איך וויל ניט אַז אַ ליאַדע ווער זאָל וויסען דעם סוד פון אַרויפגעהן אין הימעל...) קורץ, איך בין אַרויף אין הימעל און איך שפּיעל שוין אַ פּינאָקעל מיט די מלאכים. מאָלט אייך, אַז אַזוי שפּיעלען פּינאָקעל ווי איך קען, קענען די הימעלשע איינוואוינער ניט, און וואו נאָר זיי האָבען געהאַט אַ גריייצער, אָדער אַ פענע, האָב איך עס ביי זיי אָבגעוואונען.

מיר האָבען זיך אַזוי אָבגעשפּיעלט ביז נאַכט. ביינאַכט דאַרף מען דאָך האָבען אַ האָטעל. זיינען אָבער צוליעב דעם געוואַלדיגען ראש השנה יריד, און אום צו זעהן דעם פייט צווישען דעם שטן און דעם מלאך מליץ, זיך אַנגעלאָפען אַזוי פיעל געסט, אַז אַלע האָטעלס און אַלע באָרדינג־הייזער זיינען געווען איבערגעפּאַקט. וואָס טהוט מען? — שלעכט! האָב איך אַנגעהויבען געהן אַהיים. צוגעקומען צום לאָך פון הימעל, דורך וועלכע איך בין אַרויף, אָבער ווייס איך וואָס? — עס איז אַהין גאָר ניט צוצוקומען! מיליאָנען מאָל מיליאָנען תּפילות שטופּען זיך און שטויסען זיך און דראַפּען

פערזאַמעלטע פריצים — איך וועל אייער צייט ניט פערנעהמען מיט באָבע מעשיות. איך וועל דאָס מאכען קורץ.

„אייער גאָט יעזוס איז געוועזן א ממזר."

ווי געביסען פון שלאַנגען זיינען אַלע פריצים אויפגעשפרונגען:

„טאָ ניע פראַוודא! טאָ ניע פראַוודא!" האָבען זיי געדונערט אין איין קול.

* * *

ראַזומניצקי האָט געוואונען דעם פרייז.

* * *

„פשאַקרעוו, לייזער", — האָט זיך דער פריץ נאָכדעם געווענ־דעט צום אידען — ווי האָסטו עס געוואַגט ריזיקירען צו זאָגען אזא ליגען! ווען איך וואָלט דיך ניט בעשיצט, וואָלטען דאָך דיך די אויפגערעגטע פאַניעס צוריסען אין שטיקער!

— איך וועל דיר זאָגען, וועלמאַזשני פאַן! — האָט זיך לייזער פערענטפערט — איך האָב געהערט, אז די דריי פריצים פאַר מיר האָבען געזאָגט אזעלכע גרויסע ליגענס און האָבען גאָר ניט געקענט אויפטהאָן, האָב איך זיך געכאַפּט פאַר'ן אמת. דער אמת איז דער בעסטער ליגען...



צוגעבען, אז עס איז א ליגען. ביי מיר האָט מען אמאָל געקאָכט א טאָפּ זופּ, איז ער געווען אזוי גרויס, אז ווען מען האָט געדארפט ארונטערגעהמען דעם שוים פון טעפּעל, האָט מען געדארפט אויס־האַקען דעם גרעסטען בוים פון וואלד און מאכען דערפון א קאָך־לעפעל. איז אָבער דער לעפעל געווען צו קליין. שייך קליין, פשוט גאָרניט! מען האָט געמוזט ארויף אויפ׳ן טעפּעל מיט א פּאראכאָד, מען איז געפאָהרען איבער די זופּ און געשוימט דעם שוים...

נו, דארף מען שוין, דאכט זיך, א גרעסערען ליגען? — אָבער די פּריצים שרייען: „טאָ מאָזשע ביטש“ — און כאָטש שיסט זיי אין די קעפּ!...

— איצט קומט פּאַן ראַזומניצקי, — האָט דער פּאָרזיצענדער אויסגערופען.

— פּאַנאָוויע! — הויבט אָן ראַזומניצקי — אזוי ווי איך האָב ניט וואָס צו דערצעהלען, און מיר האָבען דאָך אָבגעמאַכט אז א צווייטער קען אויך דערצעהלען, וועל איך הייסען מיין קוטשער, אז ער זאָל ברענגען מיין פּאַקטאָר, לייזערען. דער לייזער איז א קלוגער זשידיק. אז ער וועט עפּעס דערצעהלען, וועט שוין זיין וואָס צו הערען.

די פּריצים האָבען איינגעשטימט, און ווי א פייל פון בויגען איז שוין דער קוטשער געפלויגען נאָך לייזער׳ן. געבראַכט לייזער׳ן אין פּאַלאַץ, האָט איהם פּאַן ראַזומניצקי דערצעהלט וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, און זאָגט צו ענדע: „איצט, לייזער, אויב דו וועסט פאר מיר געווינען דעם פּרייז, קריגסטו פון מיר דעם מאַיאָנטעק וואָס דו האלטסט יעצט אויף דריי יאָהר אָהן א גראָשען געלד און נאָך א פּאָר הונדערטער במזומן.“

דערהערט די געשיכטע, ווענדעט זיך לייזער צום פּריץ: „וועלמאָזשני פּאַן דזשידזשיץ, איך פערהאָף, אז איך וועל די זאַך דורכפיהרען. איך וועל דערצעהלען א געשיכטע, וואָס אלע וועלען מוזען שרייען „ניע פּראַוודאַ“. איך פערלאַנג אָבער פון אייך, פּאַן, א גאַראַנטיע אז די פּריצים זאָלען מיך ניט צורייסען ווי א הערינג.“

דער פּריץ האָט גאַראַנטירט.

— פּאַנאָוויע! — האָט זיך דאַן לייזער געווענדעט צו די

גאַנצען הויף די פערד, זיי צוגעשפּאַנט צום עפּעל — אָבער ניט פון אָרט. איך האָב געזעהן, אַז עס איז שלעכט, בין איך אוועק אין וואַרשאַ, געבראַכט אַן אינזשעניר, ער האָט ביי מיר אין גאָרטען אויסגעבויט אַן אייזענבאַהן, און מיט דער הילפע פון אַ לאָקאָמאָטיוו האָט מען דעם עפּעל קוים מיט צרות אַרויסגעשלעפּט...

דאַכט זיך אַ גאַנץ גלאַטער ליגען, האַ?

— טאָ מאָזשע ביטש! — האָבען אָבער אַלע פּריצים אויסגערופען מיט איין שטימע. און פאַן שמעניצקי האָט פערשפּיעלט.

— דער צווייטער קומט פאַן פּאָקאַרסקי — האָט דער פּאָרזיצענדער אַנאָנסירט, און פאַן פּאָקאַרסקי האָט אָנגעפאַנגען:

— פּאַנאָוויע! הערט וואָס איך וועל אייך דערצעהלען: ביי מיר אין גאָרטען איז געוואַקסען אַן אוגעראָק (קיוקאָמבער), איז ער געוועזען אַזוי גרויס, אַז ווען איך האָב איהם געוואָלט צושניידען, איז אַריינגעפאַלען דאָס מעסער אינוועניג און איך האָב עס ניט געקענט דערלאַנגען. איך האָב גלייך אַרונטערגעשיקט אַ פּאַרעבאָק אין אוגעראָק נאָכ'ן מעסער. אין 6 שטונדען אַרום איז ער צוריקגעקומען און דערצעהלט, אַז דאָס מעסער האָט ער נ י ט געפונען, נור וואָס דען?

— ער האָט דאָרטען געטראָפען אַ רייטער אויף אַ פערד, וועלכער זוכט זיין זשערעבעץ דריי טעג און נעכט און קען איהם ניט געפינען.

— היינט ווי קענסטו פון מיר ערוואַרטען, פאַן, — האָט דער פּאַרעבאָק זיך אָבגערופען — אַז איך זאָל געפינען דאָרט אַ מעסער?!...

פאַן פּאָקאַרסקי איז געווען זיכער, אַז זיין ליגען איז דער ריכטיגסטער און ער קריגט שוין דעם פּעקעל אַסיגנאַציעס. אָבער, ניין!

— טאָ מאָזשע ביטש! — האָבען אַלע פּריצים אויסגערופען; מען וויל ניט געבען קיין טשאַנס צו געווינען.

— פאַן פּאָקאַרסקי האָט פערשפּיעלט. נעקסט קומט פאַן זאַבלאָצקי, — האָט דער טשערמאַן אַנאָנסירט.

— פּאַנאָוויע! — האָט פאַן זאַבלאָצקי גענומען דאָס וואָרט, — איך וועל אייך יעצט עפּעס דערצעהלען וואָס איהר וועט מוזען

י. סטיינסאפיר.

# דער ליגען איז דער בעסטער אמת

ביי דעם פריץ שמעניצקי איז געווען א באלל. עס זיינען זיך צוזאמענגעפאהרען פריצים פון גאנץ פוילען, און מען האט זיך משמח געווען ביז שפעט אין דער נאכט. ויהי כטוב לב שמעניצקי ביין, ווען דער פריץ שמעניצקי מיט זיינע פריינד זיינען געווען פער־שנאשקעט, רופט זיך אב דער בעל הבית צו זיינע געסט:

— פאנאוויע! לאמיר זיך שפיעלען אין ליגען־זאגען. לאמיר איינלעגען יעדער צו הונדערט רובעל, און ווער עס וועט זאגען דעם גרעסטען ליגען, זאל קריגען די גאנצע סומע. יא, נאך א זאך: אויב אימיצער פון אונז איז ניט קיין מאדים אין ליגען זאגען, קען א פריינד, אדער זיינער א בעקאנטער זאגען פאר איהם א ליגען. קורץ, דער גרעסטער ליגנער קריגט די איינגעלייגטע הונדערט רובעלדיגע.

די פריצים איז דער „ספארט" געפעלען, און מען האט גלייך ערוועהלט א פארזיצענדען, ביי וועמען מען האט איינגעלעגט די מזומנים.

דער אבמאך איז געווען, אז ווען איינער וועט האבען אבגעזאגט זיין ליגען, זאל מען עס נעהמען צום אבשטימען. ווען אלע וועלען שטימען „טא ניע פראוודא!" (דאס איז ניט אמת) איז דער ליגען א געראטענער, און דער ערצעהלער געווינט דאס געלד. ווען אבער איניגע אדער אפילו איינער וועט זאגען „טא מאזשע ביטש" (דאס איז מעגליך), דאן האט דער ליגען־זאגער פערשפיעלט.

דעם ערשטען האט מען מכבד געווען פאן שמעניצקי, דעם בעל־שמחה אליין.

— ביי מיר אין סאד — פאנגט אן דער פאן זיין געשיכטע — איז אמאל געוואקסען אן עפעל, איז ער געווען אזוי גרויס, אז ער האט זיך ניט געקענט האלטען אויפ'ן בוים און איז אראבגעפאלען. האב איך צונויפגערופען אלע פאראבקעס מען זאל איהם ארויס־טראגען פון סאד, האבען זיי איהם אבער ניט געקענט ריהרען פון ארט, אזוי גרויס איז געווען דער עפעל. האט מען געבראכט פון

מיט די לעצטע כחות פון זיינע צושפּאָלטענע ליפּען.

דאָ האָט די געליעבטע אויסגעבראָכען אין אַ גרויס געוויין:

— דו ביזט אַ פאַלשער, — האָט זי געכליפּעט — דו האָסט מיך מעהר ניט ליעב! דו האָסט מיך מעהר ניט ליעב!...



רינאלדאָ

# און ער האָט געקושט

ס'איז געווען אַרום צוועלף אַ זייגער ביינאַכט. ביי די פּאַטשעטשעס אין פראָנט־רום איז געזעסען דאָס יונגע פּאָרעל און האָבען זיך געקושט.

שנעל, שנעל, מערדעריש שנעל איז צוגעגאַנגען דער קוש־פּראָצעס. אומקלאַמערט אין זיינע פעסטע אָרעמס האָט ער געהאַל־טען זיין קוש־געגענשטאַנד. זיין היטעל איז געלעגען אויף דר'ערד, זיין קראַגען איז געווען צוקנייטשט און די ברילען זיינען געלעגען צובראָכען נעבען זיינע פיס. טראָפּענס שווייס האָבען זיך געגאָסען פון זיין פּנים, אָבער ער איז געווען אַ העלדישער יונג און ער האָט געטהאָן זיין פּפליכט אַזוי געטריי ווי ער האָט געקענט.

ער האָט געקושט!

אַ שעה נאָך אַ שעה איז פערגאַנגען און דער יונגערמאַן האָט נאָך אַלץ געקושט. די ליפּען האָבען איהם שרעקליך וועה געטהאָן, אין האַלז איז איהם געווען טרוקען, אבער ער האָט געטהאָן זיין ארבייט אַזוי גוט ווי ער האָט געקענט.

ער האָט געקושט!

אַ זייגער דריי פּאַרטאָג איז ער געוואָרען אויסגעמאַטערט, די קרעפטען האָבען איהם אָנגעהויבען פערלאָזען, — אָבער דאָך האָט ער ניט אָבגעטרעטען פון זיין פּאָסטען... ווי אַן אויסגעמאַטערטער, פערשלאָפענער פייערמאַן האָט ער געטהאָן זיין ארבייט, פּינקטליך, אָבער מעכאַניש...

ער האָט געקושט!

ענדליך האָט ער געפיהלט אַז ער פאַלט אוועק. די אויגען האָבען זיך איהם פערצויגען אין אַ נעבעל, די ליפּען זיינען ביי איהם געוואָרען צושפּאָלטען אויף עטליכע טהיילען און דער קאָפּ איז ביי איהם געווען ווי אין אַ טשאַד...

— איך מוז זיך אָברוהען אַ ווייל, אויף אָבצוכאַפּען דעם אָטהעם.... — האָט דער יונגערמאַן געשעפּטשעט צו זיין געליעבטע

— אך, ווי זאָל איך אייך אָבדאַנקען, יונגערמאַן ?... ליזעטשקע, פּייגעלע מיינס !... אויב דו ווילסט, קענסטו הייראַטהען דעם יונגען הערר, אַלס צייכען פון דאַנקבאַרקייט...

— ענטשולדיגט, איך בין פערהייראַטה...

— צום טייוועל !... ליזעטשקע, אין וואַסער אַריין צוריק !... בוכץ !

— אי־אי־אי ! מאַמע ! איך טרענק זיך !...

— איין ווייליגקע, פריילין, האַלט זיך אויפ׳ן וואַסער !... איך רעטע אייך... שרעקט אייך ניט, מוטער !

— ענטשולדיגט, יונגערמאַן, זיינט איהר פערהייראַטה ?

— יא, פערהייראַטה.

— געהט געזונטערהייד, מיין טאָכטער וועט זיך אַליין רעטען !



אַנאָנימוס.

# ראַטעוועט!

— אַ־נו, ליזעטשקע, שפּרינג אַריין אין וואַסער!

— באַלד, מאַמעניו.

און דאָס מיידעל איז אַריינגעשפּרונגען.

— אוי, ווי גוט, מאַמעלע! איך וועל באַלד אָוועקשווימען ווייט, ווייט... זעהסט, מאַמעלע, ווי ווייט איך בין שוין?...

— אוי, מאַמע, ראַטעווע, איך טרענק זיך!... געוואַלד, ראַ—טע—וועט!...

— ווי גאָט איז אייך ליעב, יונגערמאַן! מיין טאָכטער טרענקט זיך!... מיין איינציג קינד... ראַטעוועט זי!...

— איין ווײַלינקע, פרײַליין!... האַלט זיך! — האַלט זיך אויפ'ן וואַסער! — איך שווים צו אייך! — אָט אַזוי... אָט אַזוי... האַלט זיך אָן אָן מיר פעסט! — און איצט צום ברעג!

— אַך, ווי דאַנקבאַר איך בין אייך, יונגערמאַן, וואָס איהר האָט געראַטעוועט מיין איינציגע טאָכטער! מיט וואָס זאָל איך אייך אָבדאַנקען? יאַ, איך וועל ערלויבען מיין טאָכטער, זי זאָל מיט אייך הייראַטהען דערפאַר!...

— ענטשולדיגט, מאַדאַם, איך בין פערהייראַטה... עס טהוט מיר לייד, איך האָב אַ פרוי... אַ שאָד, אַזאַ געלעגענהייט!...

— אַך, דער רוח זאָל עס נעהמען!... ליזעטשקע, שפּרינג צוריק אין וואַסער!...

בוכץ! — דאָס מיידעל איז צוריק אַריינגעשפּרונגען.

— אוי, ווי גוט! — אַ פערגעניגען! זעה נור, מאַמעניו, ווי איך שווים! — דאָ איז טיעף... ב־ר־ר־ר... עס ווערט מיר קאַלט!... ראַטעוועט! ראַ־טע־וועט! איך טרענק זיך!... ראַ־טע־וועט!...

— ווי גאָט איז אייך ליעב, יונגערמאַן, מיין טאָכטער, מיין איינציגע טאָכטער טרענקט זיך!... ראַטעוועט!...

— באַלד, באַלד האַלט זיך, האַלט זיך, פרײַליין, איך שווים צו אייך!... אָט אַזוי, אָט אַזוי!... האַלט זיך פעסט אָן מיר!...

רינאַלדאָ.

# איינער פאַר אלע

אַלאַד ראשי, אַ יונגער און לעבענסלוסטיגער טערק, האָט פער־בראַכט אַ לאַנגע צייט אין אונזער ניו יאָרק.

געקומען איז ער אהערצו מיט דעם צוועק זיך צו בעקענען מיט'ן „ציוויליזירטען" לעבען פון די אמעריקאנער און אויך צו נאַשען פון אונזער קולטור.

ער איז געווען אַ גרויסער מענש, דער אַלאַד ראשי, און זיין העכסטע אויפגאַבע איז געווען צו געפינען וועגען און מיטלען ווי אַזוי אויפצוקלערען זיין אָרים פאָלק, די טערקען, וועמען די גליהענדע מזרח־זון האָט, ווי ער האָט געדענקט, בלינד געמאַכט פאַר די גרויסע אמת'ען פון אַ ציוויליזירטער געזעלשאַפט.

אַלס אַ מענש פון דער סעמיטישער ראַסע, האָט זיך אַלאַד ראשי גיך בעקאַנט מיט פיעלע אידישע סאָציאַליסטען, געגאַנגען צו זייערע מיטינגען און לעקטשורס, געלעזען זייערע אידישע צייטונגען (ענגליש איז איהם געווען שווער זיך אויסצולערנען !), צוגעהערט זיך צו די סטאָמפּ־רעדעס אין עלעקשאָן־צייט און אַלס פאָלקאָמענער ראַדיקאַל און אָנגעפּיקעוועט מיט פּרינציפּען, ווי אַ מילגרוים מיט קערליך, האָט ער אין עטליכע יאָהר שפּעטער זיך אומגעקעהרט אין דעם לאַנד פון זיינע פעטער.

און אַלאַד ראשי האָט זיך גענומען פערשפּרייטען ליכטיגקייט צווישען די מאַסען.

די ערשטע זאַך האָט ער זיך איינגעשאַפט אַ האַרעם פון עטליכע און זעכציג יונגע, אָריענטאַלישע מיידלעך, און געטריי צו די פּרינ־ציפּען פון דער סאָציאַליסטישער לעהרע, האָט ער אויף דער טהיר פון יעדען בעזונדערען שלאָפצימער אויפגעהאַנגען אַ שילד מיט דער פאָלגענדער מאָטאָ:

„איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם".

רינאַלדאָ.

# דער פּראָפעסאָר

מיט דעם צילינדער־קאַפּעליוש אויף דער פּאַטילניצע און מיט דער נאָז געגען הימעל, האָט דער פּראָפעסאָר שפּאַציערט אין פּאַרק, ווען ער האָט דערזעהן אַרום זיך אַ רעדעל פון מענשען.

— עפּעס איז דער מעהר מיט מיר! — האָט דער פּראָפעסאָר, וועלכער איז זיך געווען בעוואוסט פון זיין צוטראַגענקייט, געזאָגט צו אַ פּאָליסמאַן — דענקט איהר, אַז דאָס פּנים איז ביי מיר אויס־געשמירט?

— אָבער צו וואָס טראָגט איהר דאָס שטיק רויהע פליישׁ אוינטער'ן אָרעם?

— אָ, דו ליעבער גאָט! — האָט זיך דער פּראָפעסאָר געכאַפּט — דאָס האַרץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז עס וועט עפּעס פּאַסירען! מיין ווייב האָט מיך געבעטען איך זאָל אַוועקלעגען איהר נייעם העט אויפ'ן בעט, אַריינלעגען דאָס שטיק פליישׁ אין אויוועןאון אַרויסנעהמען די בייבי מיט'ן קערידזשעל פאַר אַ שפּאַציער...

— איהר האָט דאָך ניט אַריינגעלעגט דאָס קינד אין אויווען?— האָט דער אָרדנונגס־היטער געפרעגט.

— עפּעס האָב איך אַריינגעלעגט, — האָט געענטפערט דער פּראָפעסאָר קאַלטבלוטיג — אָבער איך געדענק ניט, צי דאָס איז געווען די בייבי אָדער דאָס קערידזשעל!

— שנעל! לאָמיר לויפען! — האָט געזאָגט דער פּאָליסמאַן, אָננעהמענדיג דעם פּראָפעסאָר פאַר'ן האַנד.

צוהיצט און אָהן אָטהעם זיינען זיי נאָך צוואַנציג מינוט לויפען אָנגעקומען אין דעם פּראָפעסאָר'ס הויז.

— וואָס מאַכט אייער בייבי? — איז געווען די ערשטע פראגע וואָס דער פערסאָפּעטער פּאָליסמאַן האָט געפרעגט ביי דער פּראָ־פעסאָרשע, וועלכע איז אַנטקעגענגעקומען אויף די טרעפּ.

— די בייבי איז אָלל ראַיט! — האָט געענטפערט דעם פּראָ־פעסאָר'ס ווייב מיט אַ שמייכעל — נור דער הוט האָט זיך אין גאַנצען אָבגעבראָטען.

משה נאַדיר.

# דער העלד

אַ מאָל איז געווען אַ וואָרים, און דער ראָזינגער וואָרים איז ווי אַלע ווערים געווען אַ „טיעפער גריבלער“ און אַ געוואַלדיגער סקעפּטיקער.

— מענשען געהען אויף די פּיס, — פּלעגט ער זיך בעקלאָגען פאַר די עלטערע ווערים — דערפאַר ווייל זיי זיינען צו פויל צו קריכען אויף די בייכער. דאָס איז אַ סימן, אַז די וועלט ווערט שוואַך און אָבגעלעבט.

— די מענשען טראָגען לעדערנע פּאַדעשוועס, דערפאַר ווייל זיי האָבען מורא מיר זאָלען זיי ניט בייסען! — פּלעגט ער זיך אַן אַנדערס מאָל בעריהמען פאַר זיינע מיסט־בערגעל לאַנדסלייט און בעקאַנטע.

איינמאָל, בעת דער וואָרים איז אויסגעקראָכען מיט זיין כלה, איז ער געוואָרען איבערראַשט צו זעהען אַ ריעזיגע מאַשין מיט צוויי פלאַקערדיגע „אויגען“ פאַרבייפליהען פּאַזע וואַלד, וואו עס איז געלעגען דאָס בלעטעל אונטער וועלכען ער האָט געוואוינט.

— האַלט! — האָט דער וואָרים אויסגעשריען און זיך צונויפ־געצויגען פאַר שרעק אין אַ טונקעלער בעהעלטעניש.

און אַז דער לאָקאָמאָטיוו איז געווען פערשוואונדען, איז ער אַרויסגעקראָכען פון זיין בעהעלטעניש און זיך אַרומקוקענדיג צי מען זעהט ניט ערגעץ נאָך די „פּאַרע“ פון לאָקאָמאָטיוו, האָט ער אויסגערופען שטאָלץ:

— פּייגלינג! ער איז אַנטלאָפען פון מיר!



משה נאַדיר.

# ערגער ווי געשטאַרבען

אַנגעלעהנט אַן דער פּאַרענצע פון דער וויליאַמסבורג בריק איז געשטאַנען אַ מענש און געקוקט אויף די רוישענדע כוואַליעס. זיין פּנים איז געווען בלאַס ווי קרייד און די הענד אַבגעלאָזען, ווי ביי איינעם וואָס האָט בעגאַנגען אַ שווערען פערברעכען.

מיט אַ טאָג צוריק — אַ שוידער געהט דורך זיין לייב ביי דעם דאָזיגען געדאַנק — האָט ער ערמאָרדעט זיין פאַטער. ווי שרעקליך דאָס איז!

איצט מוז ער ריינוואַשען דאָס בלוט פון זיינע הענד.

„איך מוז זיך נוקם זיין אָן מיין איינענעם לעבען!" מורמעלט ער, און שוין פערקאַשערט ער די הויזען און וויל שפּרינגען...

אָבער פּלוצלונג דערפיהלט ער אַ האַנד אויף זיינע פּלייצעס און ער הערט אַ קול וואָס זאָגט: „ניט שפּרינגען, ר' איד!"

— לאָזט מיך! — רייסט זיך דער מענש מיט אַלע כחות — איך מוז זיך דערטרינקען... איך בין אַ מערדער, איך האָב דער־הרג'עט דעם טאַטען!

— אויב אַזוי, — זאָגט דער פרעמדער —האָב איך פאַר אייך אַן ערגערע שטראָף ווי טרינקען זיך —איך וועל זיך גט'ן מיט מיין ווייב און איהר הייראַט זי...



— איך האָב עלף קינדער... און איך וואָלט געקענט האָבן נאָך מעהר!

— געלד אָדער דאָס לעבען! — קריצט דער גנב מיט די צייהן.

— איך בין א לענדלאָרד פון עטליכע הייזער... — האָט דער איד געפּרופּט דאָס לעצטע מיטעל.

— און וואו האָסטו דיינע הייזער? — האָט דער גנב געפרעגט שוין אביסעל מילדער.

— דאָ היע, אין בראָנזוויל!

— אויב אזוי, — האָט דער גנב געזאָגט מיט א שווערען זיפץ, ארויסנעהמענדיג פון פּאקעט די לעצטע פּאָר סענט — טאָ נא־דיר אויף וועטשערע און געה אהיים.

משה נאַדיר.

# די לענדלאַרדס נעבאַך

דאָס האָט פּאַסירט אין בראָנזוויל.

די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע, און אויף די לעדיגע לאָטס, ניט ווייט פון סוטער עוועניו, האָט זיך אַרומגעדרעהט אַ פערדעכטי־גער פּאַרשוין. דאָס פּנים איז ביי איהם געווען פערשטעלט מיט אַ שוואַרצער מאַסקע, די אויגען וואָס האָבען אַרויסגעקוקט פון די לעכער האָבען געלויכטען ווי צוויי לאַמטערנעס אויף דעם מאַסט־בוים פון אַ שיף ווען זי איז אין שטורם...

שטיל ווי אַ שאָטען האָט ער זיך אַרומגעדרעהט און געלויערט אויף זיין קרבן...

ענדליך האָט זיך בעוויעזען אַ איד. רוהיג, ניט וויסענדיג וואָס איהם ערוואַרטעט, געהט זיך דער איד. אין דער לינקער האַנד האַלט אַ שקאַרמוצעל מיט ראָזשינקעלעך, מיט וועלכע ער דער־כאַפּט זיך אַלע ווייַלע דאָס האַרץ.

דער גנב האָט געגעבען אַ שפּרונג אַרויס פון זיין בעהעלטעניש און אָנשטעלענדיג אַ רעוואָלווער געגען דעם אידענ'ס דערשראָקענע נאָז האָט ער איהם געגעבען אַ בעפעהל: דאָס געלד אָדער דאָס לעבען!

דעם אידען איז נעבעך געבליבען שטעהן אַ ראָזשינקעלע אין האַלז, דערהערענדיג אַזעלכע דבורים, וואָס ער הערט ניט אפילו פון זיין ווייב.

— איך בין אַ קראַנקער מענש! —בעט ער זיך ביי דעם גנב— איך לייד אויף „הארמאַטעס“ און איך טאָר זיך ניט איבערשרעקען!

— גיב דאָס געלד, דו אַזוינער און אַזוינער! — בייזערט זיך דער גנב — און האַלט ניט קיין רעדעס.

— איך האָב אַ שווער און שווינגער! — בעט זיך ווייטער דער איד.

— גיב דאָס געלד, אָדער ביזט אַ טויטער! — האַלט זיך דער גנב ביי זיינעם.

זיינט, וואָרים די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז איהר זיינט אַלט גענוג צו פערשטעהען, אַז אַ „ליידי“ שטעלט מען ניט אַזעלכע פראַגען — אָט האָט איהר איך און גאָר !...

און דער אַדוואָקאַט האָט געמוזט איבערגעהן צו אַנדערע פראַגען.



* * *

# ווי אלט זייט איהר?

ביי א פראָצעס אין א היגען געריכט איז פאָרגעקומען פאָל־גענדער דיאַלאָג צווישען דעם אדוואָקאַט און זיין קליענטין:

— ווי אַלט זייט איהר, מאדאם?

— ווער, איך אליין?

— יעס.

— איך בין נאָר ניט אַלט...

— ענטשולדיגט... איך מיין, וויפיעל יאָהרען זיינט איהר שוין פאָראיבער?

— איך בין ניט פאָראיבער די יאָהרען... נור די יאָהרען זיינען מיך פאָראיבער!...

— ריכטיג. אָבער וויפיעל יאָהרען זיינען אייך שוין פאָר־איבער?

— אַלע..

— אבער וויפיעל זיינען די אלע געוועזן?

— ווייניגער ווי א פולע...

— דהיינו, וואָס רופט איהר ווייניגער ווי א פולע?...

— א ביסעל מעהר ווי נאָר ווייניג...

— אָבער, מאדאם, איהר מוזט ענטפערן אויף מיין פראגע — איך וויל וויסען, ווי אַלט איהר זיינט!

— ווי אַלט איך זאָל ניט זיין, בין איך נאָך אַלץ אינגער פון אייער ווייב.

— אָבער, מאדאם, בערוהיגט זיך! דאָ איז ניט די פראגע פון מיין ווייב. זאָגט קלאָר און דייטליך, ווי אַלט זיינט איהר.

— איך בין ניט פיעל עלטער פון אייער טאָכטער...

— אבער, מאדאם, איך זעה ניט איין, ווארום איהר ענטזאָגט זיך צו ענטפערען אויף דער פראגע — האָט זיך דער אדוואָקאַט „געקלאָגיעט" ביי איהר — איך אויף אייער אָרט וואָלט גלייך אויס־געזאָגט ווי אַלט איך בין!

— יא, אָבער קיינער וועט אייך ניט פרעגען ווי אַלט איהר

— טאָמער וואָלט מען אַ טראַכט געטהאָן וועגען רופען אימי־צען? — האָט דער פּאָעט געפרעגט.

— ווייס איך וואָס! ס׳איז שוין סאַי ווי סאַי צו שפּעט! — האָט געזאָגט דער רעדאַקטאָר...

— הוררא פאַר דער לעמעשקע! — האָט אויסגערופען דער פעליטאָניסט.

און אַז דער מענש, וואָס האָט זיך געטרונקען, האָט געזעהען מיט וועמען ער האָט צו טהון, האָט ער אַ טראַכט געטהאָן אַ ווײַלע און אויסגערופען:

— איך וויל זיך סובסקרייבען אויפ׳ן „טעגליכען שיסער!“

אין אַ מינוט ארום איז דער רעדאַקטאָר געוועזען אין ים, מיט די שיף, מיט אַלעמען, און געשלעפּט דעם טרינקענדען מענש צום ברעג מיט אַלע כחות...



משה נאַדיר.

# געראַטעוועט

ס׳איז געווען זומער און עטליכע מיטארבייטער פון „טעגליכען שיסער“ זיינען ארויסגעפאָהרען צום ים זיך אָברוהען פון דער שווערער בלאַט־ארבייט.

אָבגעבאָדען זיך אין ים, אָנגעגעסען זיך מיט כל־טוב, איז דער רעדאקציאָנס־פּאָעט אריין אין התלהבות און גענומען מאכען חנ׳דלעך צום ים.

— טראלאטא—טא־טא! — האָט ער ווי א קאטשקע נאָכגעשנאָבעלט דאָס רוישען פון ים...

— קיץ־קיץ! קיץ־קיץ! — האָט דער אַלטער ראָמאַנען־שרייבער, א בעקאנטער בעל־עבירה־ניק, פערבעסערט דעם פּאָעט, מיינענדיג, אז דאָס קיצעלט ער זיינע א בעקאנטע מיידעל אונטער די פאכוועס.

— א־קאָ־טא! א־קאָ־טא! — האָט דער פּעליטאָניסט פערבעסערט דעם ראָמאַניסט...

— קאָ־פּי, קאָ־פּי, קאָ־פּי! — האָט ענדליך דער רעדאקטאָר זיך אריינגעמישט און איבערגעגעבען אין מענשליכער שפּראַך דאָס רוישען פון גרויסען, פון פרייען, פון אונענדליכען ים...

אזוי האָבען זיי זיך פערבראכט א שטיקעל צייט, זיך האמפּערנדיג איבער דער שפּראַך פון די וועללען.

מיט אמאָל האָט זיך דערהערט א הערצרייסענדער געשריי פון א מענשליכען האַרץ: „ראטעוועט!“

— דוכט זיך, אז אימיצער שרייט. — האָט געזאָגט דער רעדאקטאָר.

— דוכט זיך, אז ס׳איז א מענש! — האָט געזאָגט דער פּאָעט און זיך אויסגעווישט די ברילען...

— ס׳איז אדם א מענש... — האָט געשמייכעלט דער פּעליטאָניסט — ער לערנט זיך שטאַרבען!...

— ראטעוועט! — האָט זיך ווידער געהערט א פערצווייפעלטער קול.

— גענוג — גענוג !
— צו וואָס דאַרפסטו ווערען אַ סיטיזען ?
— כ׳דאַרף האָבען לייסענס צו פּעדלען מיט פיש....
— בעלאַנגסטו צו סאָסייעטיס וואָס זיינען פיינדליך צו דער רעגיערונג ?
— צו סאָסייעטיס ? ס׳אַ שאלה ! צו חברה תהילים, אנשי ש״ס, בית המדרש הגדול.
— —וואָס, זיי זיינען אַנאַרכיסטען ?
— וואָס ?
— זייט איהר אַן אַנאַרכיסט ?
— איך ? זאָל גאָט אויסהיטען ! איך בין פון קיעווער גובערניע.
— ווי לאַנג זייט איהר אין לאַנד ?
— אין עלים איילאַנד וויים מען. טהוט אַ פרעג.
— מיר קענען אייך די פּייפּערס ניט געבען. מיר מוזען וויסען גענוי, ווי לאַנג איהר זייט אין לאַנד. האָט איהר עדות ?
— עדות ? צו וואָס ? איהר גלויבט מיר ניט ?
— ווער איז דער פּרעזידענט ?
— דער פּרעזידענט ?
— יע.
— פון אונזער שוהל ?
— ניין, פון אַמעריקא.
— איך קען אַ פרעג טהאָן. (לאָזט זיך אַוועקגעהן און קעהרט זיך באַלד אום צוריק):
— ווען דער פּרעזידענט איז, פרעגט איהר ? דאַכט זיך, אַז הויוערסט.
דער קלערק (מיט אַ שמייכעל) : — ניט געטראָפען, מיסטער.
— רוזוועלט.
— ווידער ניט געטראָפען.
— ברייען.
— אַלץ ניט געטראָפען.
— אויב אַזוי, מוז איך טאַקי אַ פרעג טהאָן.... איהר׳ט צו־וואַרטען אַ ביסעל ? איך קום באַלד צוריק...

# ווי צו ווערען א סיטיזען

(אַ סצענע)

די קאָרט־הויז איז געפּאַקט מיט אידען. מען רעדט, מען שרייט, מען דינגט זיך, מען חזר'ט די פראגען און אנטוואָרטען, ביליגע לאָיערלעך, 5 סענטיגע פּאָליטישענדלעך און גלאַט שווינדלער שאַ־כער־מאכערען אין די ווינקעלעך. אַן אָפיסער, אַ רויטער, אַ געזונ־דער איירישמען, דרעהט דעם קלאָב אין לופטען און גיט אלע מאָל אַ שפּיי ארוים אַ שטראָמעלע טשיו־טאָבעקאָ.

מיסטער קארפּאנטשיק, אַ איד מיט אַ רויט אויג און דאָס אַנ־דערע פּערדעקט מיט אַ שווארצער בעלמע, שטעהט דער ערשטער אין ליין.

ענדליך רופט דער קלוירק אוים: „מיסטער פּנחס קאראפּאנ־טשיק!“ אונזער צוקינפטיגער וואוטער כאַפּט זיך ראַפּטאָם צו צו דער באַר און די פראגען הויבען זיך אָן. דער קלערק פרעגט:

— ווער עלעקטעט דעם פּרעזידענט?

— די פּיפּעל דורך עלעקטריק.

— ביסט פערהייראַט?

— הא? פערהייראַט!

— ביזט אַ פּאָליגאמיסט?

— יעס.

— אַ פּאָליגאמיסט?

— שור!

— וויפיעל ווייבער האָסטו?

— וויפיעל ווייבער? וואָס הייסט — איינע!

— וויפיעל שטאַאַטען זיינען דאָ אין די יונייטעד סטייטס?

— 46.

— —רעכען זיי אוים.

— אָלל־ראַיט: ברוקלין, בראָנזוויל, ניו יאָרק, באָסטאָן, יאָנ־קערס, ניו־לאַטס —

— נישקשה, איך האָב אויך געוואָרט.

— נו, ווילט איהר די סטעמפּס?

— איך ווייס אליין ניט... וואָס־זשע זאָגט איהר? טאַקע 14 סענט?

— מיסיס, איהר ועט סטאַפּען, צי ניין?

— זעה נור, ווי מען טאָר שוין קיין וואָרט ניט אויסרעדען! עס ברענט אויף איהם די הויט! וואָס־זשע, איהר אַרבייט פון שטיק?

— איהר נעהמט די סטעמפּס?

— גלאַט נעהמען! ווער ווייס, צי איך דאַרף?

— טאָ נעהמט ניט!

— און אפשר דאַרף איך?

— מיס—ס—סים! —

— שאַ, שאַ! איך געה שוין!

— און די סטעמפּס?

— ווייס איך... איך וועל בעסער פריהער פרעגען מיין טאָכטער... וואָס איז, מאָרגען וועט שוין די קראָם זיין פערשפּאַרט?...



יעקב יוסף.

# אין גרענד סטריטער פאסט־אפיס

ביים פענסטער, וואו מען פערקויפט סטעמפס (מארקעס) שטעהט אן עלטערע פרוי, א „גרינע" און דער קלערק מוז צו איהר רעדען אידיש. הינטער איהר שטעהען מענשען אין א לאנגער רייהע.

— הכלל, וואס ווילט איהר ? — פרעגט דער קלערק.

— וועה איז מיר, קוים זיך דערשטופט ! גאר זיך ניט צו דערשלאגען ! ווי ערב יום כפור, להבדיל, צו די כפרות.

— הכלל, וואס ווילט איהר ?

— זאל איך אזוי וויסען פון בייז. מיין טאכטער האט מיר געטאלקעוועט און געטאלקעוועט, איך האב זיך גע'חזר'ט און גע'חזר'ט, און געקומען צו עפעס — פערגעסען ווי אן טויט.

— איהר וועט אמאל זאגען וואס איהר ווילט ?

— זעה נאר, איך בעט דיך, ווי ער האט עס קיין צייט ניט !... וואס איך וויל ? סטעמפס וויל איך.

— וויפיעל ? זאגט שנעלער ! מענשען שטעהען הינטער אייך...

— איהר דארפט מיך ניט דערמאנען. ווען איהר וואלט דא שטעהן, וואלט איהר שוין געוואוסט ווי מען שלאגט דיר, מיינע שונאים, אב די זייטען.

— גו, שנעלער, וויפיעל סטעמפס ?

— ווארט !... יא, דאכט זיך אזוי האט מיין טאכטער געזאגט: צוויי דריי־סענטיגע, דריי צוויי־סענטיגע, דריי... ווייסט איהר גאר וואס ? וועגט מיר בעסער אב דאס פעקעל און זאגט אליין, וויפיעל דארף מען אויף דעם סטעמפס...

— 14 סענט.

— 14 סענט ! אט וועל איך זיך באלד צעלויפען און אייך אוועקלעגען 14 סענט פאר אזא קליין פעקעלע !

— הערט, מיסעס, איהר האלט אב אפשר הונדערט מענשען.

עקב יוסף.

# דעם פערלער'ס בעסטער קונה

— אַט דער איירישער לענדלאָרד איז דיין בעסטער קונה?

— פששש... אַלץ הייסט אַ קונה!

— אָבער ווי קומסטו צו איהם?

— אַ מעשה אַ גאַנצע דערביי.

— למשל?

— ער האָט מיך אמאָל געלאָזט ארעסטירען.

— נו?

— נו, בין איך אָבגעזעסען צוויי טעג אין „חדר“ און בעצאָהלט 5 דאָלאר שטראָף.

— איך פערשטעה נים.

— טאָ ווארט... איך בין געקומען צו איהם נאָך אמאָל.

— און דאָס מאָל?

— און דאָס מאָל האָט ער מיך אראָבגעוואָרפען פון אַלע שטיגען.

— טאָ וואָס האָסטו געטהאָן?

— וואָס זאָל איך טהון? איך בין געקומען נאָך אמאָל.

— און...

— ער האָט מיר צובראָכען הענד און פיס.

— אוי־ווא!

— דריי וואָכען בין איך נאָכדעם אָבגעלעגען אין האָספיטאל, און זייט דעמאָלט האָב איך גענומען שפייען מיט בלוט.

— נו?

— נו, נו! זייט דעמאָלט קויפט ער שוין!

— בעסער געוואָרען, הייסט עס?

— שייך צו זאָגען! דער בעסטער קונה!

— נאָך גוט אזוי!

— וואָס דען מיינסטו? ! גאָט פערלאָזט נים!

— יונגערמאַן, פערברענט עס אויפ'ן פייער, ס'איז גלאַט גראַם־שטראַם!

דער בלאַסער יונג איז געוואָרען נאָך בלאַסער, אַ ווײַלע האָט ער נאָכגעדענקט, דאַן האָט ער אַרויסגעשטאַמעלט:

— מײַן טאַטע איז דער אַגענט פון אייער צייטונג אין פּיטס־בורג.

— אויב אַזוי, — האָט געזאָגט דער רעדאַקטאָר מיט אַ פרײַנדליכען שמייכעל — גיט אַהער... נאָך אַלעמען איז עס ניט קיין שלעכטע זאַך... ס'וועט אַרײַן אין נעקסטען נומער.

---

מאָראַל: דער אמת'ער טאַלענט מוז האָבען אַ צייטונגס־אַגענט פאַר אַ טאַטען...



רינאלדא.

# א מעשה מיט א מאראל

עס איז געווען פארנאכט. אין איינע פון די ניו יארקער רעדאקציעס איז אריינגעקומען א אינגעל פון א יאהר 17 און געבעטען זעהן דעם רעדאקטאר.

דעם אינגעל'ס פנים איז געווען בלאס און אבגעצעהרט, ווי ביי איינעם וואס האט א לאנגע צייט ניט געשלאפען. אין זיין רעכטער האנד האט ער געהאלטען א צונויפגעוויקעלטען בויגען פאפיער, און מיט דער צווייטער האט ער נערוועז געצופט דעם קראגען — ווי עפעס וואלט איהם געקוועטשט.

— קען איך זעהן דעם רעדאקטאר? — האט ער געפרעגט נאך אמאל ביי דעם מענשען וואס איז געזעסען ביים פענסטעריל און אנגענומען אדווערטייזמענטס.

—דער רעדאקטאר איז אויפ'ן ערשטען פלאר! — האט איהם דער מאן אנגעוויזען — געהט ארויף וועט איהר איהם זעהן.

מיט לאנגזאמע נערוועזע טריט איז דאס אינגעל ארויפגעגאנגען אויבען.

— וואס קען איך טהון פאר אייך? — האט געפרעגט דער רעדאקטאר מיט א שטרענגען פריצישען טאן, זעהענדיג ווי דאס אינגעל שטעהט פאר איהם מיט דעם היטעל אין האנד.

— איך... איך האב אייך געבראכט א ליעד...

— א ליעד? דער רעדאקטאר האט איהם אבגעמאסטען פון אויבען ביז אראב, און ענדליך א זאג געטהאן, מעהר אוים רחמנות ווי יושר:

— אנו, בעווייזט וואס איהר האט...

דער יונגערמאן האט איהם דערלאנגט דעם כתב.

דער רעדאקטאר האט אנגעזאטעלט די ברילען, דורכגעלאפען מיט די אויגען איבער די ערשטע עטליכע שורות און ענדליך צוריקגעגעבען דעם מאנוסקריפט צו דעם אינגעל מיט דער קאלטבלוטיגער בעמערקונג:

— דיענסטאג, דריי אוהר?
— יא, מאדאם.
— זעהט, אז איך זאָל ניט דיסאפּאָינטעט ווערען.
— זייט רוהיג, מאדאם.
— א גוטען טאָג.
— א גוטען טאָג.

ווען די דאמע האָט פערמאכט די טהיר פון יענער זייט, איז דער דאָקטאָר געפאלען חלשות...



# געדולד

(אַ סצענקע ביי אַן אויגען־דאָקטאָר)

— אַלזאָ, דאָקטאָר, ווען וועט איהר פאַרטיג האָבען מיינע ברילען?

— אייערע ברילען וועלען זייז פאַרטיג דיענסטאַג ארום דריי אוהר.

— וועלען זיי זיין שטאַרק?

— יאַ, מאַדאַם.

— די בעסטע געשליפענע גלעזער?

— יאַ, מאַדאַם.

— דיענסטאַג ארום דריי אוהר, זאָגט איהר?

— יאַ, מאַדאַם.

— איהר וועט מיר צוגעבען אַ באָקסעל?

— געוויס, מאַדאַם.

— די פריהעריגע זיינען ניט געוועזען גוט גענוג.

— די וועלען שוין זיין אָלל־ראַיט, מאַדאַם.

— קען דאָס ניט פאַרטיג ווערען דיענסטאַג מיטאַג?

— ניין, מאַדאַם.

— האָב איך אייך געזאָגט, אַז איך וויל ניט קיין פריימס?

— יאַ, מאַדאַם.

— איהר זאָלט מיר געבען די בעסטע סאָרט גלעזער.

— אָלל־ראַיט, מאַדאַם.

— מאַכט זיי גוט און שטאַרק.

— גוט און שטאַרק, מאַדאַם.

— וועלל, אַ גוטען טאָג.

— אַ גוטען טאָג, מאַדאַם.

זי געהט צו צו דער טהיר און קעהרט זיך אום צוריק:

— ווען, האָט איהר געזאָגט, וועלען זיי פערטיג ווערען?

— דיענסטאַג, דריי אוהר, מאַדאַם.

— א מאָל איז עס גאָר קיין ראיה ניט: אלס סאָציאַליסט, קען מאַקע זיין, אז מארקס איז געווען א גרעסערער, אָבער אין א קאַמפּיין דאַרף מען א פּאָליטיקער, און אַלס פּאָליטיקער — ווי קומט קאָלר מאַרקס צו אונזער קאַנדידאַט?

---

## צווישען סאָציאַליסטען.

ערשטער: פאר וועמען וואוט איהר, פאר די ס. פּ. אָדער ס. ל. פּ.?

צווייטער: איך בין ניט קיין ס. ל. פּ.־מאַן.

ערשטער: וועט איהר, הייסט עס, וואוטען פאר די ס. פּ.?

צווייטער: ניין.

ערשטער: ארויסגעמופט אין בראָנקס אָדער בראָנזוויל?

צווייטער: אויך ניט. פאר די לעצטע 25 יאָהר וואוין איך אין הענרי סטריט.

ערשטער: איהר האָט זיך ניט רעדזשיסטרירט?

צווייטער: איך האָב נאָך ניט ארויסגענומען די ערשטע סיטיזען־פּייפּערס.



צווייטער פערד (קוקענדיג בייז אויפ׳ן גאסט): וואָס געהט עס דיך אָן? — דו, ארץ־ישראל׳ניק, דו שלעפּ סכך, לולבים און הושענות — ראטס אלל! און מיש זיך ניט אריין אין אמעריקאַ־נישע ביזנעס!

אַ ראַץ (לויפט פלוצלונג פערביי די קאַרעטע): האָט ניט אימיצער פון אייך אַ שטיקעלע חלב׳נע ליכט?

אַלע צוזאַמען: אוועק דו שרץ איינער! מען רעדט דאָך עפּעס וועגען וויכטיגע ענינים!

דער שטאַהל־באָק (גיט יעדען פון זיי אַ שטויס אין הינטען און זאָגט): וואָס ווייסט איהר פון פּאָליטיק? לאָזט מיך רעדען!

דער ראַץ: ציגען־באָבקעס זיינען עפּעס געשמאַק?

דער באָק (ניט קוקענדיג אויפ׳ן ראַץ): איהר ווייסט דען פאר וואָס מען וואוט?

די פערד (מיט אַ הירזשע פון פּראָטעסט): ווער, צום שווארץ יאהר, האָט דיך געבראַכט? דו ביזט דאָך גאָר קיין סיטיזען ניט!

דער באָק: איך בין אַ רוסישער רעוואָלוציאָנער.

די פערד (ערשטוינט און איבערציינגט): אויב אזוי, איז שוין רעכט.

דער ראַץ: פערד בלייבען פערד! (אנטלויפט).

---

## צווישען וואוטערס.

(אונטערגעהערט אויף אַן ס. פּ. מיטינג אין קלינטאָן האָלל)

— ווער איז אַ גרעסערער סאָציאַליסט, קארל מארקס אָדער אונזער קאנדידאט?

— ס׳א פראגע! געוויס אונזער קאנדידאַט.

— פון וואנען איז עס געדרונגען?

— ס׳הייסט פון וואנען? ווען קארל מארקס וואָלט געווען אַ גרעסער סאָציאליסט, וואָלט מען דאָך בעסער איהם ארויסגעשטעלט פאר קאָנגרעסמען אין ניינטען דיסטריקט!

# אין קאמפיין צייט

## צווישען קאמפיין־פערד

(אין שטחל, נאך אַ אָפען־עיר מיטינג.)

ערשטער פערד: דרעמעלסט שוין?

צווייטער פערד (פאַרשקעט): נאך ניט.

ערשטער פערד: דעם וויפיעלטען האָבען מיר היינט?

צווייטער פערד: דעם פיערטען.

ערשטער פערד: און ווען וואוט מען?

צווייטער פערד: דעם אכטען.

ערשטער פערד: אַ כאָלעריע זאָל זיי כאפען, די קוואַטשערס, די ליידאַקעס — ביז דעם אכטען דארפען מיר נאך זיי שלעפען!

צווייטער פערד: וועמען שלעפסט דו?

ערשטער פערד: די דעמאָקראטען. און דו?

צווייטער פערד: די סאָציאַליסטען!

ערשטער פערד: מילא, דער שלעפען, ווי דער שלעפען, אבער דאָס אָבשטעהן די לאַנגע אָבענדען און אויסהערען זייערע קוואטש — דאָס לעגט מיך אין דר'ערד אריין.

צווייטער פערד: איך בעט דיך, ברודערקע, דערמאָן מיר ניט זייערע דרשות, וואָרים דאָס מאכט מיך זעהר פעסימיסטיש. זאָג מיר בעסער, פאר וועמען וואוטסט דו?

ערשטער פערד: איך? תמיד פאר דער קאָרעטע!

דריטער פערד (וועלכער שלעפט פועלי ציון טראָקס, מיט אַ בייל אויפ'ן קאָפּ, וואָס זעהט אויס ווי אַ מגן דוד, קומט צו און כאפט זיך אַ הונגעריגער צום רעשט האָבער, וואָס איז נאך פערבליבען אין אַ ווינקעל. מורמעלט, עסענדיג): פון וואָס רעדען עס אידען, מיין איך פערד?

ערשטער פערד: נו, ווי געפעלט אייך ד ע ר שלאַק?

איד: עה, ווען איך מאַך אַ לעבען!

לאַיער: טאָ פון וואָס לעבט איהר?

איד: אדרבה, איהר זיינט דאָך עפּעס אַ לאַיער, זאָגט איהר, פון וואָס לעבט מען.

לאַיער: פערדיענען אייערע קינדער?

איד: איהר מוזט עס טאקע נויטיג וויסען? און אָהן דעם וועט איהר זיך ניט קענען „בעדרעהן"?

לאַיער: איך ראטה אייך בעסער צו ענטפערן.

איד: מילא!... זיי פערדיענען... צרות פערדיענען זיי!... נו, וואָס האָט איהר גע׳פּועל׳ט?

לאַיער: האָט איהר ציערונג?

איד: אַ נאָז־באַנד.

לאַיער: האָט איהר געלד אין באַנק?

איד: אַז ראָטהשילד האָט, איז דען ניט אַלץ איינס?

לאַיער: קען מען טאקע ביי אייך גאָר ניט נעהמען?

איד: איהר מיינט אָט אַזוי נעהמט מען און מען נעהמט?

לאַיער: וויפיעל איז ווערטה אייער מעבעל?

איד: וואָס דארפט איהר זיך נאַריש מאַכען און פרעגען פּרייזען, איהר וועט דען קויפען?

לאַיער (אין כעס): איהר וועט ענטפערן ווי אַ מענש?

איד: וויא — וואָס?

לאַיער (רויט פאַר רציחה): איהר וועט סטאָפּען צי ניין?

איד: זעהט נאָר, איך בעט אייך, מען טאָר שוין גאָר קיין וואָרט ניט פרעגען.

לאַיער: געהט, געהט שוין! וואָרים איך׳ל...

איד: אַ חכם! און מאָרגען וועט ער מיך ווידער שלעפּען אהער...

לאַיער (שפּרינגט אויף און נעהמט זיך אַרויסלויפען): צו אַל־די שוואַרצע יאָהר!

איד (לויפט איהם נאָך): מיסטער, מיסטער! (און ווען דער לאַיער קוקט זיך אום, פערגיינגט ער זיך און זאָגט איהם:) גוד באַי! גוד באַי!

**יעקב יוסף.**

# א סצענע אין געריכט

דער אנגעקלאָגטער איז א איד א פעדלער. מען האָט געגען איהם ארויסגעקראָגען א „דזשאָדזשמענט". דער אדוואָקאט פון דעם צווייטען צד האָט איהם ארויסגערופען אין קאָורט, אום אויסצוגעפינען, וואָס ער פערמאָגט און פון וואָס מען קען ביי איהם אויפמאָהנען דעם חוב.

לאָיער: דו יו ספיק אינגליש?

איד: ניט מעהר זאָלען מיינע שונאים און ניט־פערגינער לעבען, רבונו של עולם!

לאָיער: פערהייראַט?

איד: וואָס־זשע, עס פאסט מיר נאָך ניט? שוין, דאכט זיך, ראוי.

לאָיער: האָט איהר קינדער?

איד: אי, זיינט איהר, זאָלט איהר מיר קיין פאראיבעל ניט האָבען, א חכם! שור — קינדער!

לאָיער: וואו וואָהנט איהר?

איד: איהר דאַרפט עס נויטיג וויסען?

לאָיער: ענטפערט, ווען מען פרעגט אייך!

איד: זעה נור! באלד צינדט ער זיך אָן! וואו איך וואוין? ביי מיין טאָכטער, זאָל לעבען, וואוין איך.

לאָיער: איהר מיינט, אז די טאָכטער וואָהנט ביי אייך.

איד: העי, מיסטער, זאָל זיך אייך נור ניט חלום'ען!

לאָיער: שרייט ניט אויף מיר און שפייט מיר ניט אין פנים! דאָס גאנצע פנים פערשפּיגען.

איד: וואָס דען? איהר קענט, דאכט זיך, א טויטען אין כעס מאכען. געהערט אָן איינפאל: אפשר! נא סער! גאָר אפשר!

לאָיער: נו־נו! זאָל שוין זיין גענוג! וואָס טהוט איהר?

איד: וואָס איך טהו? איך דאַווען, איך עס, איך...

לאָיער: מאכט זיך ניט פאר קיין תם! איך פרעג, פון וואָס מאכט איהר א לעבען.

דעם האָט מען געקויפט צוויי זעמעל צו קאָפּיקעס... אבי מקיים צו זיין די סעודת מצוה...

נו, קען שוין געמאָלט זיין א גרעסערע אָרעמקייט, א גרעסערע שפלות, ווי די דאָזיגע ?... פון דעסטוועגן, אז גאָט וויל...

עס איז ניט געווען קיין צוויי יאהר נאָך זייער חתונה, איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין אָדעס.

און וואָס טויג עס אייך ? איך זאָל אזוי דערלעבען צו זעהען נחת ביי אונזערע קינדער און איהר ביי אייערע, ווי איך האָב זיי אליין, מיט מיינע אייגענע אויגען, געזעהען אויף איינע פון די פּראָדנע גאַסען געהענדיג — — — איבער די הייזער...

משה נאַדיר.

# אַז גאָט וויל

און אָנגעהויבען האָט ער אַזוי:

אַנטקעגען דעם וואָס איהר זאָגט „בטחון“!

אַ מענש, הערט איהר, טאָר קיינמאָל ניט אָראָבפּאַלען ביי זיך, ניט זינדיגען מיט די רייד... נור מקבל זיין אַלצדינג באהבה... וואָרים קיין שום מענש ווייסט ניט וואָס דער מאָרגענדיגער טאָג וועט ברענגען... אָט גאָר דעמאָלט, ווען די נויט איז שוין אַם גרעסטען, ווען דער הלף ליעגט שוין אויפ'ן האַלז, קען זיך מיט אַמאָל אַ דרעה טהון דאָס רעדעל — און... ווי איך'ל אייך באַלד געבען אַ משל.

מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט ביי אונז אין שטעדטעל געוואוינט אַ יונג און אַ מיידעל. ער, בערעל, איז געווען אַן אָרעם־בחור, אַ יתום, אָהן פריינד און אָהן אַ גואל, האָט ער געגעסען קעסט ביי אָרימע בעלי־בתים... צוגעהונגערט אַ ביסעל... און בסך־הכל איז ער געווען אַ בלאַסער, אַ חלוש...

קוים, קוים אַ ווינטעל איז ער אומגעפאַלען.

זי — זיין שפּעטערדיגע אשה חאַנצע — איז אויך געווען אַ יתומה, אָהן אַ טאַטען, און דערצו נאָך אַ קרומע אויף אַ פוס.

געדיענט האָט זי ערגעץ ביי ר' יאָסעלע שענקער — אַ איד אַ „האבון“, מיט אַ שעהנעם פּנים, נור אַ מיאוס'ען הארץ... זאָל איהם גאָט ניט שטראָפען... און וואָס דאָס מיידעל האָט פערדיענט, האָט זי אוועקגעגעבען דער מוטער — געגונג צו דערהאַלטען די נשמה.

אַז די צייט איז געקומען און דאָס מזל האָט צונויפגעפּאָרט „שקר מיט שלים־מזל“ — בערלען מיט חאַנצען הייסט דאָס — מילא, איז מען דאָך אידישע קינדער — מאַכט מען חתונה כדת משה וישראל.

קלעזמער האָבען געשפּיעלט אומזיסט, ר' יאָסעלע שענקער האָט צושטייער געגעבען אַ פלעשעל משקה... נור קיין יויך איז ניט געווען — אפילו ניט קיין פּראָסטע... און חלות אויך ניט. אַנשטאַט

— אויב דעם קעניג געפעהלט, זאָל ער זיך אויסטהאָן אַלע זיינע קליידער און מיר וועלען איהם אָנטהאָן אין דעם נייעם מאַנטעל, אין וועלכען ער זאָל געהן צום פּאַראַד.

דער קעניג האָט איינגעשטימט.

באַלד איז ער געשטאַנען גאַנץ נאַקעט פאַר די צוויי שווינדלער, וועלכע האָבען זיך כלומר׳שט בעשעפטיגט מיט אויפהענגען דעם מאַנטעל אויף דעם קעניג׳ס ווייסע אַקסלען.

---

— נו, ווי געפעלט דיר דעם קעניג׳ס נייער מאַנטעל? — האָט געפרעגט איין בירגער דעם צווייטען, זעהענדיג דעם נאַקעטען קעניג רייטענדיג פּאַראַוים אין פּאַראַד.

— דאָס איז שוין איינמאָל אַ מאַנטעל! — האָט דער אַנדערער אויסגערופען מיט בעגייסטערונג — טאַקע נור אַ קעניג קען זיך פערגינען אַזאַ מלבוש!

— איהר זיינט עפּעס אַ מבין אויף די פאַרבען? — האָט אַ דריטער בירגער זיך אריינגעמישט...

— עס פערכאַפּט די אויגען! — האָט אַריינגעוואָרפען אַ פיערטער.

— אַ רעגענבויגען קען ניט זיין שעהנער! — האָט אונטער־געהאָלפען אַ פינפטער.

— זעה נור דעם נאַקעטען מאַן! — האָט זיך אין ערגעץ דער־הערט דאָס קול פון אַ קינד...

און אַלע האָבען מיט אַמאָל אַראָבגעלאָזען די קעפּ און זיך ערשעהמט...



אַז דער מיניסטער איז אַריינגעקומען איז ער געוואָרען איבער־ראַשט צו זעהען די צוויי יונגען אַרבייטענדיג ביי אַ לעדיגען וועב־שטוהל.

— זאָל עס זיין, אַז איך בין ניט געטריי מיין אַמט ? — האָט געטראַכט דער מיניסטער.

אין דער ווײַלע האָבען די צוויי שווינדלער כלומרשט געמאַכט אַ בעוועגונג ווי זיי וואָלטען פאַנאַנדערגעשפּרייט אויף דער ערד אַ לאַנגע שטיק געוואַנד און שמייכלענדיג האָבען זיי איהם געפרעגט, ווי עס געפעלט איהם, און ער האָט געענטפערט : „גרויסאַרטיג !" אַזעלכע פאַרבען און אַזאַ איידעלען געוועב האָט ער נאָך ניט געזעהן זינט ער לעבט !

אַז ער האָט דאָס דערצעהלט דעם קעניג, איז ער געוואָרען זעהר דערפרעהט. איצט, האָט ער געטראַכט, וועלען איהם אַלע קעניגע און קייזאָרים מקנא זיין צוליעב דעם טהייערען מאַנטעל. בכדי אָבער אויסצופּרופען די איבריגע הויף־לייט, צי זיי פּאַסען זיך פאַר זייערע שטעלען, האָט ער זיי איינעם נאָכ'ן אַנדערען אַריינגעשיקט אין דעם וועב־קאַמער בעטראַכטען זיין נייעם מאַנטעל. אָבער אַזוי ווי יעדער איינער איז געוועזן קלוג גענוג ניט אַרויסצוציהען אויף זיך קיין חשד, האָט יעדער צוגעגעבען אַז דער מאַנטעל איז אַ זעלטענ־הייט צווישען מאַנטלען.

אַז עס איז אונטערגעקומען די צייט, ווען דער קעניג האָט זיך בעדאַרפט אויספּוצען אין זיינע שעהנסטע קליידער פאַר'ן פּאַראַד, איז ער אַריין אין קאַמער צו די צוויי וועבער־יונגען און... ער איז געוואָרען איבערראַשט צו זעהען, ווי זיי אַרבייטען ביי אַ לעדיגען וועב־שטוהל.

„קיינער דאַרף ניט וויסען, אַז איך פּאַס ניט פאַר מיין שטעלע !" האָט זיך דער קעניג באַלד איבערלעגט. און אַז די צוויי שווינדלער האָבען געמאַכט אַ בעוועגונג ווי זיי וואָלטען פאַנאַנדערגעוואָרפען אַ לאַנגען שטיק געוואַנד, האָט עס דער קעניג כלומרשט בעטאַפּט מיט די פינגער און בעוואונדערט די אויסטערלישע פאַרבען, וואָס האָבען, ווי ער האָט אַליין געזאָגט, פערכאַפּט דאָס אויג.

דאַרויף האָט זיך אָבגערופען איינער פון די צוויי יונגען :

יצחק רייז

# דער נאַקעטער קעניג

(פריי נאָך ה. ק. אַנדערסען)

אמאָל איז געווען אַ קעניג. און דער דאָזיגער קעניג האָט ניט אין זינען געהאַט ניט דאָס לאַנד און ניט דאָס פאָלק — נור זיך אַליין. און מעהר ווי אַלצדינג האָט ער ליעב געהאַט שעהנע מלבושים פון זיידענס און גאָלד און פורפור און אַטלעס.

איינמאָל אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען האָבען זיך אין קעניג׳ס פאַלאַץ געמאָלדען צוויי יונגען און זיי האָבען אַזוי געזאָגט: אדוני קעניג! מיר קומען פון זעהר אַ ווייטען לאַנד דיר צו ווייזען אונזער קונסט. מיר זיינען וועבער. און די געוואַנד, וואָס מיר וועלען וועבען פאַר דעם קעניג, וועלען פערבלענדען דיינע קעניגליכע אויגען מיט דער שעהנהייט פון זייערע פאַרבען. און דערצו האָבען זיי נאָך אַ מעלה, וואָס זיי זיינען אונזיכטבאַר פאַר יעדען מענשען, וואָס איז ניט געטריי צו זיין אמט, אָדער וואָס פאַסט זיך ניט פאַר דער שטעלע, וועלכע ער פערנעהמט.

דעם קעניג זיינען די רייד פון די צוויי יונגען געפעלען געוואָרען און ער האָט ביי זיך אַזוי געטראַכט: איצט וועל איך האָבען אַ געלעגענהייט צו וויסען ווער פון מיינע מיניסטאָרען און הויף־לייט איז מיר ניט געטריי און ווער עס פאַסט זיך ניט פאַר זיין שטעלע.

מען האָט באַלד געבראַכט גרויסע שפולען מיט גאָלד־פאָדים און זילבער־פאָדים און טהייערע זיידענס, וועלכע די וועבער האָבען בעהאַלטען און זיך גלייך געשטעלט צו דער אַרבייט, דרעהענדיג דאָס ראָד פון אַ לעדיגען וועב־שטוהל.

צוויי טעג מיט צוויי נעכט האָבען די וועבער געאַרבייט אויף דעם לעדיגען וועב־שטוהל, שניידענדיג מיט די שערען אין דער לופט און כלומרשט איבערדרייסענדיג דעם פאָדים מיט די פינגער...

אויפ׳ן דריטען טאָג האָט דער קעניג זיך געקליבען צו געהען אויף אַ פאַראַד און ער האָט דאַרום אריינגעשיקט איינעם פון זיינע מיניסטאָרען צו זעהען, ווי די וועבער האַלטען מיט זיין מאַנטעל.

אויב אָבער דו גלייכסט ניט מיין רויטע אידענע און דו ווילסט ניט ליידען פון איהר פה הקדוש, דאַן לאָז מיך געוועלטיגען, דאַן לאָז מיך זיין פעסי'ס מאַן!

אַז איך זאָל פון איהר ליידען, אויסשטעהן געברענטע צרות, און דו זאָלסט ערשט זיין פעסי'ס מאַן — דאָס וועל איך ניט דולדען!

איך אָדער דו?...

אָט דאָס מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל געסעטעלט ווערען!...

איך, אָדער דער דאָלאַר!



מיך ניט, זי עפענט אויף מיר א פּיסקעל, אַז איך וועל אויס מאַנס־פּאַרשווין, אויס א י ך, אויס ר׳ טרייטעל׳ס זוהן, אויס יונה׳לע דער סקווירט אַפּרייטאָר, אויס פּעסי׳ס מאַן.

— יונה, — זאָגט זי — (איך היים שוין דאַמאָלס יונה, ניט יונה׳לע) — אַז מען איז אַ קליינער פּערדיענער, דאַרף מען ניט פּעראַונגליקען אַ ווייב מיט קינדער.

סטייטש (וויל איך שרייען, נור איך האָב קיין מוטה ניט) — וועק איז דאָרין מעהר שולדיג ווי דו? איך מיט מיין אייגענעם רצון וואָלט נאָך היינט געווען אַ ליטישער באַי מיט באַיעס גליך, נור דו האָסט מיך דערצו איבערגערעדט:

— יונה׳לע (דאַמאָלס האָב איך געהייסען יונה׳לע, ניט יונה), צו וואָס דאַרפען מיר זיך לאַנג ארומשלעפּען?

— יונה׳לע, לאָמיר בעסער האָבען אַן אייגענע היים!

— יונה׳לע, עס איז מיר שוין גמאס צו וואוינען ביי דער מיסעס!

— יונה׳לע, לאָמיר שוין געהן חתונה האָבען!

— יונה׳לע, מיר וועלען זיך לעבען ווי די טויבען.

— יונה׳לע, עס וועט אונז זיין אַזוי גוט!...

— יונה׳לע, דו וועסט שוין זעהען...

און איצט? זי האָט מיך נור אריינגעכאַפּט אין זאַק אריין, האָט מיט מיר חתונה געהאַט און געהאַט אַ קינד, צוויי, דריי, פיער אַהאַ, זי פּערלייקענט מיך שוין!

ברענג איך אַהיים די „פּיידע", איז הרי טוב, האָט מען פאַר מיר דרך ארץ. דעם טאָג איז: אני, יונה׳לע, אני, טרייטעל׳ס זוהן, אני, פּעסי׳ס מאַן; אָבער דעם צווייטען טאָג, ווען דער פּאַסקוד־ניאַק, דער דאָלאַר, געהט איבער פון מיין רשות אין פּעסי׳ס רשות אריין, ווער איך אויס יונה׳לע, אויס פּעסי׳ס מאַן.

איך אָדער דער דאָלאַר? בין איך פּעסי׳ס מאַן, אָדער ביזטו, דאָלאַר, פּעסי׳ס מאַן?

אויב דו דאָלאַר, ביזט פּעסי׳ס מאַן, מהכיא תיתי, איך לאָז זי דיר צו מיט קנין און מנין, „אתה מלך", זיי דו פּעסי׳ס מאַן! פּיהר דו די מלוכה!

ח. גאָטעספעלד

# איך אָדער דער דאָלאַר!

(אַ מאָנאָלאָג געהאַלטען אין אַן אויפגערעגטער שטימונג)

איך, אָדער דער דאָלאַר? — אָט דאָס איז די פראגע!

ווער איז עס דאָס אזעלכער, דער פּאסקודניאק, דער דאָלאַר? איז ער אַ איד, איז ער אַ מאנספּארשוין, איז ער אַ טאטע פון קינדער, איז ער אַ סקווירט אַפּרייטאר?

איך, אָדער דער דאָלאַר?

ווער איז ער דאָס, דער פּאסקודניאק, וואָס האָט די חוצפּה צו פערגלייכען זיך מיט מיר, דעם יחסן, ר' טרייטעל'ס זוהן, ר' משה'ס אייניקעל, פּעסי'ס מאַן און יונה'לע דעם סקווירט־אַפּרייטאר?

איך, אָדער דער דאָלאַר?

אָט דאָס איז די פראגע, וואָס האָט זיך אָנגעזועצט אויף מיר און וויל ניט אָבטרעטען. אָט, אדרבא, לאָמיר זעהען אויף אַ ציקאווועסט:

בין איך ר' טרייטעל'ס זוהן, אָדער ניט?

יא, איך בין ר' טרייטעל'ס זוהן.

בין איך דער מאנספּארשוין אָדער ניט?

יא, איך בין דער מאספּארשוין.

בין איך אפשר ניט יונה'לע דער סקווירט־אַפּרייטאר?

יא, איך בין יונה'לע דער סקווירט־אַפּרייטאר. איך און ניט קיין אנדערער!

בין איך פּעסי'ס מאַן, אָדער איז דער דאָלאַר פּעסי'ס מאַן?

יא, איך בין פּעסי'ס מאַן!

היינט בלייבט דאָך אַלץ די קשיא: ווער איז מעהר יחסן, איך אָדער דער דאָלאַר?

אַז איך קום אהיים צו מיין פּעסי'ן אָהן דעם פּאסקודניאק, אָהן דעם דאָלאַר אין קעשענע, איז כאָטש שריי: אני יונה, אני פּעסי'ס מאַן, אני, איך האָב חתונה געהאַט מיט פּעסי'ן — זי דערקענט

— פאַר וואָס צאָהל איך ניט דעם גראָסערי מאַן ? פאַר וואָס צאָהל איך ניט דעם בוטשער ? — פרעג איך.

— פאַר וואָס ? — שרייט דער איד.

— און פאַר וואָס צאָהל איך ניט דעם לענדלאָרד ? — פרעג איך ווייטער.

— פאַר וואָס ? — בייזערט זיך דער איד.

— און פאַר וואָס צאָהל איך ניט דעם אגענט פון דער זינגער־מאַשין ? — פרעג איך.

— פאַר וואָס ? — געוואַלדעוועט דער איד.

— עס איז אַ גאָט׳ס רחמנות אויף דעם אגענט — זאָג איך — יענער איז שוין געווען צוועלף מאָל מאָהנען און פאַר וואָס צאָהל איך איהם ניט, פאַר וואָס ?

— פאַר וואָס ? ! — קלאַפּט דער איד שוין אין טיש.

— און פאַר וואָס צאָהל איך אייך ניט פאַר דער „ווינדאָו" ?— זאָג איך — אייער ווייב איז ביי מיר געווען איין מאָל און איהר זייט שוין דאָ צום צווייטען מאָל.

— אדרבא, פאַר וואָס ? — וויל דער איד מיך באַלד דורס זיין.

— נו, זייט אַ חכם און טרעפט פאַר וואָס ? — זאָג איך.

— מיסטער, איהר האָט ניט געטראָפען קיין יאָלד, מיט מיר שפּאַסט מען ניט, אויב איהר וועט ניט צאָהלען, האַלט איך אייער בחור פאַר אַ משכון.

— דאַצרייט ! — זאָג איך איהם נאָך.

דער הויכער איד איז אַוועק און איך האָב מיך גענומען פיהלען גאָר דאָסיג ! שוין, דאַנקען גאָט, פערזאָרגט איין זוהן. — סעמי, דזשייקי, איזי, היימי ! — האָב איך מיך געווענדעט צו מיינע איבעריגע בנים — נעהמט שטיינער און לאָזט זיך ארוים אויס־האַקען פענסטער !...



— וואָס, מיין בחור איז ביי אייך? — פרעג איך מלא שמחה.

— יעס — זאָגט זי — מיין מאַן האָט איהם געכאַפּט און ער האַלט איהם.

— לאַנג לעבען זאָל אייער מאַן דערפאַר — זאָג איך איהר.

— אָבער איהר וועט מוזען בעצאָהלען פאַר דער ווינדאָו — מאַכט זי — אַלאַ ניט, וועט איהר ניט קריגען צוריק אייער בחור — סטראַשעט מיך ווייטער די אידענע.

— דאַצרייט! — שאָקעל איך מיט'ן קאָפּ.

די אידענע איז פערשוואונדען און שפּעטער מיט אַ פּאָר שטונדען לאָזט זיך צו מיר אריין אַ הויכער איד — פון די הויכע אידען.

— איהר זיינט דאָס דער טאַטע, דאָס טאַטעלע פון דעם באָמער, וואָס האָט אויסגעקלאַפּט די „ווינדאָו" פון מיין סטאָר?

— יעס, איך! — שטעל איך מיך פאָר.

— איך מאַך אייך בעקאַנט — זאָגט ער — אַז איהר דאַרפט מיר בעצאָהלען פאַר דער „ווינדאָו"!

— אַז איך דאַרף אייך בעצאָהלען פאַר דער „ווינדאָו" — ברום איך איהם נאָך.

— און אויב איהר וועט ניט בעצאָהלען, קריגט איהר ניט צוריק אייער בחור.

— און אויב איך וועל ניט בעצאָהלען, קריג איך ניט צוריק מיין בחור — זאָג איך איהם נאָך.

— מיסטער — שרייט אויף מיר דער איד — איהר מאַכט נאַר חוזק?

— חלילה, איך מיין ערנסט — זאָג איך.

— אָבער פאַרוואָס בעצאָהלט איהר ניט? — פרעגט דער איד שוין ווייכער.

— איך — זאָג איך — אַז איך צאָהל ניט, פאַלט מיר אָב אַ שטיק געזונד.

— טו פאַר וואָס־זשע צאָהלט איהר ניט? — פרעגט דער איד.

— פאַר וואָס־זשע צאָהל איך ניט? — פרעג איך איהם.

— פאַר וואָס? — שרייט דער איד.

ח. גאָטעספעלד

# פערזאָרגט די בנים

איך אַליין בין מיר אַ שוואַכינקער, אַ קליינינקער, אַ גאָר־ניט; אָט הויבט זיך ביי מיר אָן דאָס קעפּעל און אָט ענדיגען זיך שוין ביי מיר די פיסלעך — פון דעסטוועגען פערמאָג איך מיר מיין אייגענעם אַ זעקס קינדער, און אַלע גערטענע, אַלע זיהן, אַלע בנים, יונגען מיט פּיסקעס, מיט קייערס, מיט אַ גוי׳שען אַפּעטיט; אַז זיי נעהמען זיך צו אַ קוילעטש, איז וועה צו דעם קוילעטש׳עס יאָהרען! זיי צופלעכטען איהם און צודרעהען איהם אַזוי, אַז עס בלייבט ניט פון איהם קיין שריד ופליט. און טאָמער חס וחלילה איך קען זיי אַזוי פיעל ברויט ניט ליפערען, זיינען זיי בערייט מיך אַליין איינצושלינגען — און זיי זיינען עס בכח, די חברה!

איך, אַ קליין טאַטעלע, און זיי, קיין עין הרע, קיין בייז אויג, בנים מיט קייערס, מיט אַן אַפּעטיט — איז טאַקע סכנות נפשות.

ויהי היום, טרעפט זיך אַ מעשה: אַ אידענע קלאַפּט ביי מיר אין דער טהיר.

— קאָם אין! — צושרייַ איך זיך און דערשרעק זיך, ווייל ווער האָט עס ביי מיר צו קלאַפּען? מיינע ביזנעס?

און אַ אידענע לאָזט זיך אַריין.

— גוט נאָבענט!

— גוט יאָהר!

— איהר זיינט דאָס דער טאַטע פון דעם יונג וואָס האָט אויסגעקלאַפּט אַ „ווינדאָו" אין מיין סטאָר? — פרעגט די אידענע.

איך טהו אַ צעהל איבער מיינע בנים: איינס, צוויי, דריי, פיער, פינף פּיסקעס — עס פעהלט איינער.

— יאָ, איך בין עס אודאי דער טאַטע פון יענעם בחור — טהו איך מיר אַ שטעל פאַר.

— נו, וועט איהר אַזוי גוט זיין בעצאָהלען פאַר דער „ווינדאָו", אַלאַ ניט, קריגט איהר איהם ניט צוריק.

„די סטרונעס אין הארצען ביי מיר זיינען שטארקער ווי דעמבעס..."

— גוואלד!... גוואלד!... וואָס וויל מען פון מיר האָבען! גוואלד!... גוואלד!...

און אזוי שרייענדיג בין איך צוגעלאָפען צום פענסטער און האָב זיך ארונטערגעוואָרפען אויפ'ן טראָטואר..

*

פון דעמאָלט אָן פיהרט מיך מיין ווייב ארום אויף אַ וועגעלע, אָבער איך האָב ניט קיין חרטה אויף מיין געוואגטען שריט. פון דעם פּאָעט מיט די דעמבענע סטרונעס בין איך פּטור געוואָרען.



ווילד ווי א חיה האָב איך דעם בריעף צוריסען און זיך פערשוואָרען מעהר ניט צו לעזען קיין זאך דעם גאנצען טאָג.

מיין ווייב קוקט מיך אָן ווי א משוגענעם און לויפט ארויס פון מיין צימער א צושראָקענע.

איך בלייב א ווײלע אליין, קום צו זיך. מיינע געדאנקען ווערען רוהיג. איך ליעג און טראכט. ביסלעכווייז נעהם איך דרעמלען און ווער אנשלאָפען.

כ־כ־כ! כ־כ־כ! כר־כר־כר... עס עפענט זיך די טהיר... עס קומט ארײן דער פּאָעט... זיין פּנים פלאמט... ער האלט אין האנד א בלאנקען רעוואָלווער — פּיף־פּאף... פּיף־פּאף... דאָס גאנצע צימער ווערט פול מיט רויך... ער ווארפט אוועק דעם רעוואָלווער... כאפּט מיך אָן פאר'ן גאָרגעל, שטעלט ארויף א פוס אויף מיין בויך און הויבט אָן לעזען:

„די סטרונעס אין הארצען ביי מיר זיינען שטארקער ווי דעמבעס..."

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— געוואלד! — שריי איך — איך וויל ניט הערען... איך וויל ניט... איך — איך־ך!

דער פּאָעט ווערט אין כעס... גיט זיך א וואָרף איבער מיר... ער ווערגט מיך... ר—ר—! כ־כ־כ־כררר...

אז איך האָב זיך אויפגעכאפּט איז נעבען מיר געשטאנען מיין ווייב מיט א גלאָז וואסער אין האנד און געשריען:

— וואָס איז דער מעהר מיט דיר, וואָס?

— איך וויל ניט הערען... איך וויל ניט... הערען! — שריי איך אין איין קול.

— וואָ—אָס? וואָס ווילסטו ניט? — —שרייט אויס מיין פרוי טוידט־בלאס...

איך דערצעהל מיין ווייב די גאנצע געשיכטע. זי מאכט פון דעם א געלעכטער און זאָגט:

— א יונגער מאן איז דאָ נור וואָס געוועזן. ער האָט מיר געבראכט א באקס קענדי און געבעטען, אז ווען דו וועסט אויפשטעהן פון שלאָף, זאָל איך דיר גלייך איבערלעזען דאָס דאָזיגע צעטעלע:

וואָס ער איז געווען אַזוי פּערטיעפט אין דעקלאַמירען, האָב איך זיך אַראָבגעגנב'עט פון די שטיגען.

דער חברה־מאַן האָט עס קענטיג דערשפּירט, ווייל גלייך האָב איך דערהערט אַ געלאַף פון די שטיגען. אין אַ מינוט אַרום — ער איז שוין ווידער נעבען מיר.

— איהר האָט דאָך ניט אויסגעהערט דאָס גאַנצע ליעד... — האָט ער זיך געקליאַנעט, און ניט וואַרטענדיג ביז איך זאָל אָבציהען דעם אָטהעם, האָט ער גענומען לעזען:

„די סטרונעס אין הארצען ביי מיר זיינען שטאַרקער געוועזען ווי דעמבעס..."

דערזעהענדיג, אַז ער איז שוין ווידער בעגייסטערט, האָב איך זיך אַריינגעכאַפּט אין האָל, פערשלאָסען די טהיר און אַרויף אין הויז.

אַ מיעדער האָב איך זיך אָוועקגעלעגט אויפ'ן זאָפע און גענומען לעזען אַ בוך. אינוועניג געפין איך עפּעס אַ פערשריעבענע שטיקעל פּאַפּיער. איך נעהם לעזען:

„די סטרונעס אין הארצען ביי מיר זיינען שטאַרקער געוועזען ווי דעמבעס..."

דער חברה־מאַן האָט עס וואַהרשיינליך מיר איבערגעלאָזען אַ קאָפּיע.

שטאַרק נערוועז און אויפגערעגט האָב איך צוריסען די ליעד אין שטיקער און זיך גענומען לעזען דאָס בוך.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום קומט אַריין מיין ווייב.

— איך האָב פאַר דיר געבראַכט אַ בריעף — זאָגט זי.

איך נעהם צו דעם בריעף, עפען איהם אויף און נעהם לעזען:

„די סטרונעס אין הארצען ביי מיר זיינען שטאַרקער ווי דעמבעס"—

— צום טייפעל! — שריי איך אויס ניט מיט מיין קול — וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקעניס אויף מיין קאָפּ! — געוואַלד, וואו אַנטלויפט מען? וואו טהוט מען זיך אַהין?!!

— איך האָב עס ערשט היינטיגע נאכט אָנגעשריבען אין קאפע.

— אָבער... איך קען אייך איצט ניט אויסהערען! — ענטפער איך אזוי מיט כעס.

— איהר מוזט, הערר רעדאַקטאָר!...

זיין וויינענדיגער קול און טאקע זיינע שמייכלענדע ווערטער „רע־דאק־טאָר" האָבען מיך ווייכער געמאכט און איך האָב איהם געהייסען לעזען.

דער יונגערמאַן האָט ארויסגעשלעפּט א קויטיג טיכעל און האָט אָבגעווישט דאָס פּנים, פון וועלכען טייכען שוויים האָבען זיך געגאָסען, און גענומען לעזען:

„די סטרונעס אין הארצען ביי מיר זיינען שטארקער ווי דעמבעס געוועזען,
איצט פליהען ארום אין דער נאכט מיינע טויבען און זוכען א מאמען..."

איך האָב קוים אָבגעפּאכט דעם אָטהעם פון די לאנגע שורות זיינע.

— יונגער מאַן! — האָב איך אויסגעשריען — געהט אהיים! איהר זייט א גרויסער טאלאנט!

— איהר מיינט עס ערנסט? — האָט ער געכאַפּט מיט זיינע צוויי רויטע און דיקע ליפּען קושען מיינע הענד.

— ערנסט, ערנסט, נור טשעפּעט זיך אָב!

— אָבער הערט זיך צו נאָך א מאָל! — האָט זיך דער יונגער מאַן געבעטען און גאָרניט ווארטענדיג גענומען לעזען:

„די סטרונעס אין הארצען ביי מיר זיינען שטארקער געוועזען ווי דעמבעס..."

דערפיהלענדיג, אז איך וועל זיך שוין פון דעם קערל ניט אָב־טשעפּען, האָב איך א כאַפּ געטהאָן מיין ראָק, און אין דער צייט

א. ל. באראָן

# דעמבענע סטרונעס

(אַ פּאראָדיע)

שלעכטע צינגער האָבען פערשפּרייט אַ בייזען קלאַנג וועגען מיר איבער'ן שטאדט, נעמליך: אַז איך געה ווערען אַ רעדאקטאָר...

דער בריעפּטרעגער איז גלייך אָהן כחות געבליבען שלעפּענדיג די באַנדלעך פּאָעזיע, פּראָזאַ, איין־אקטיגע דראמאס און „בריעף אין רעדאקציע".

אַלע יונגע דיכטער האָבען מיך אָנגעהויבען צו טריטען מיט קאפּע און קייק און מיט פּאפּיראָסלעך.

די שרייבער פון לאַנגע ערצעהלונגען האָבען אָנגעהויבען „אנ־ערקענען מיין טאַלאַנט" און רעדען מיט'ן חניפות'דיגען טאָן פון אַ קרעמער צו זיינע קונים. איין זונטאג בין איך געווען איינגעלאַדען צו פינף דינערס פון פינף „ניט אנערקענטע טאַלענטע". און בין איך געקומען צו אַ מיטינג פון פעראיין „יונגע ליטעראטען", האָט מען מיך גלייך ערוועהלט אַלס טשערמאַן, און יעדער יונגער ליטעראט איז געשטאַנען אין נעכסט צו דערלאַנגען מיר אַ גלאָז וואסער. און בין איך געגאַנגען אין סטריט, זיינען שטענדיג נאָך מיר נאָכגעגאַנגען עטליכע ליטעראַרישע לצים.

פערשטעהט זיך, אַז קיין רוה האָב איך שוין ניט געהאט, ניט בייטאָג און ניט ביינאכט.

ס'איז געווען נאָך גאַנץ פריה, איך בין ערשט געקומען פון אַ „טערקישע באָד", איך עפען אויף די טהיר פון מיין צימער — עס זיצט אַ יונגער מאַן מיט אַ רויטען פּנים און מיט אַ פּאָר בלוי־גלעזערנע אויגען.

— איך בין געקומען אייך פּאָרלעזען אַ ליעד, הערר רעדאקטאָר — בעגעגענט ער מיך.

— אזוי פריה! — שריי איך אוים — זייט איהר משוגע צי חסר דעה?

אונגעווינשטען גאסט, לעקט איהר זיך גאר צו צו איהם !... אלזא, געדענקט, מר. לעקיך, נאך אמאל זאל עס ניט פאסירען, איהר הערט ?

— ענטשולדיגט, — האט מר. לעקיך, א טויט־בלאסער און ציטערנדיג מיט יעדען אבר, זיך געבעטען — פון היינט און ווייטער וועל איך זיך שוין מיט זיי בעגעהען אביסעל שטרענגער. איך האב בעגאנגען א גרויסע עולה, ענטשולדיגט !...



— ניטאָ, ניטאָ ! — האָט ער זיך צושריען — אויף צו געבען געלד בין איך אַ באַלעבאָס !...

— וואָ—ס ? — האָט קראָכמאַל אויסגערופען, ציטערענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער פון אויפרעגונג — אַ באַלעבאָס זייט איהר ? איהר זייט אַ קאַניבאַל, אַ מערדער, אַ סוואָלאָטש, אַ מערזאַוועץ זייט איהר, ניט קיין באַלעבאָס !...

אליין ניט וויסענדיג וואָרום און ווי אַזוי, האָט מר. לעקיך צוריק אויפגעהויבען דאָס צעטעלע פון ווייסט־באַסקעט און איז עס נאָך אַמאָל דורכגעלאָפען מיט זיינע וואַסערדיגע אויגען און האָט מיט אַ צובראָכענער שטימע, אין וועלכער עס האָט געקלונגען ווי חרטה און שאַנד, געזאָגט :

— געהט אריין אין אָפיס... נאַט איך מיין קאַרד... איהר וועט קריגען...

מר. קראָכמאַל האָט אַ כאַפּ געטהאָן די קאַרד, און ארויסגעהענדיג האָט ער געשריען מיט נצחון :

— איהר זייט אַ גרויסער חזיר, איהר האָט ניט קיין ברעקעל געפיהל פון אַ מענשען ! איהר זייט אַ מערזאַוועץ !..

*

געהענדיג צוריק, איז מר. קראָכמאַל אריין צו מר. פּאַטייטאָ־שאַלעכץ, האָט איהם שטאַרק געדריקט די האַנד און הערצליך בעדאַנקט פאַר דער טובה.

— איך בין זעהר צופריערען ! — האָט פּאַטייטאָשאַלעכץ אויסגערופען מיט בעגייסטערונג — זעהר צופריעדען וואָס איהר האָט געקראָגען. גוד־באַי, מר. קראָכמאַל, גוד־באַי !

ווען קראָכמאַל איז אַוועק, האָט מר. פּאַטייטאָשאַלעכץ אריינ־גערופען מיסטער לעקיך צו זיך אין אָפיס.

— וואָס איז דאָס עפּעס פאַר וואַנסען, מר. לעקיך ? — האָט ער זיך צושריען — מיט וואָס פאַר אַ רעכט האָט איהר זיך צו־וואָרפען מיט מיינע געלדער ? איך האָב איך אַוועקגעזעצט אין אָפיס און צאָהל איך זעקס דאָלאַר אַ וואָך, אַז איהר זאָלט זיין דער הונד פון דער רעדאַקציע. אָבער אנשטאָט אָבצורייסען אַ הויז אַן

מאַן לעגט מיך אין דער ערד אריין. אַ מענש זאָל אַזוי שלעכט בעהאַנדלען שרייבער, קאָלעגען!

זיי זיינען אַ ווײַלע געבליבען זיצען.

— מר. פּאַטייטאָשאָלעכץ! — האָט זיך מיט אַ געבעט־שטימע געווענדעט צו איהם דער פּאָעט קראָכמאַל — טהוט מיר אַ פּערזענליכע טובה... מיין ווייב געהט צו קינד מיט אַ צווילינג... איך מוז זי אָבפיהרען אין האָספּיטאַל... טהוט מיר אַ טובה און שרייבט מיר אָן אַ פּאָר ווערטער צו דעם ראַזבויניק, אַז איהר הייסט אַז ער זאָל עס טהאָן פאר א י י ך פּערזענליך!...

— מיט פערגעניגען! — האָט פּאַטייטאָשאָלעכץ זיך אָב־גערופען.

— איך וועל אייך זעהר און זעהר דאנקבאר זיין דערפאר. — האָט קראָכמאַל אויסגערופען און איז אַוועק צום צווייטען רעדאקטאָר.

ווען קראָכמאַל איז אריין אין מר. לעקיך׳ס צימער, האָט ער דאָרטען ווידער געטראָפען עפּעס אַן איבערגעשראָקענעם יונגען מאַן, אויף וועלכען דער רעדאקטאָר מר. לעקיך האָט זיך געקאָכט:

— וואָס איז דאָס פאר היסטאָרישע ראָמאַנען? ווער דאַרף זיי?! וואָס, פּאַטייטאָשאָלעכץ! וואָס איז מיר אייער פּאַטייטאָ־שאָלעכץ! פּאַטייטאָשאָלעכץ איז מיר ניט קיין בעל־דעה... היסטאָרישע ראָמאַנען גאַר... פון מתושלח׳ס צייטען! — כאַ־כאַ־כאַ! — איהר האָט דען עפּעס אַ בעגריף פון יענער עפּאָכע?! כאַ־כאַ־כאַ — גוד־באַי! גוד־באַי! געהט זיך געזונטערהייט!...

און ווענדענדיג זיך צו מר. קראָכמאַל, האָט ער ווילד אויס־גערופען:

— אהא, איהר זייט שוין ווידער דאָ!

— איך האָב צו אייך אַ פּאָר ווערטער פון מר. פּאַטייטאָ־שאָלעכץ, — האָט קראָכמאַל געזאָגט, בייסענדיג די אונטערשטע ליפּ פאר כעס.

מר. לעקיך האָט ארויסגעריסען דאָס צעטעלע פון זיינע הענד, אַ שנעלען בליק געטהאָן אויף דעם און האָט עס אריינגעוואָרפען אין ווייסט־באַסקעט.

היינט דאַרפט איהר אַן „אוואַנס" אויף אייער ליעד, און מאָרגען... ועט זיך אייך נאָך פערוועלען מיין ווייב אויך...

— דאָס איז אַן אנדער זאַך, מר. לעקיך...

— אָך, רעדט ניט צו מיר... איך קען אייער חברה! ס'איז אַ מאָדנע וועלט היינט געוואָרען! פע... פוי... וואָס דענקט איהר, כ'וויים ניט, אַז ס'איז יעצט געוואָרען אַ הפקר אויף די זאַכען?...

— איהר זייט אַ גרויסער פערד! — האָט קראָכמאַל אַ געשריי געטהאָן און איז אַרוים פון צימער.

מר. לעקיך איז געבליעבען אַליין אַ צושראָקענער און גענומען מיט אַ טאַש־טיכעל ווישען זיינע אויגען.

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר מינוט און ער האָט זיך קוים איינגעהאַלטען פון וויינען.



— נו, וואָס? — האָט פּאַטייטאָשאָלעכץ אַ פרעג געטהאָן, ווען קראָכמאַל איז צו איהם ווידער אַריין — געפּועל'ט?

— וויים איך וואָס!

— טאַקע ניט? אַזאַ גזלן איז דאָס? — איז שוין פּאַטייטאָשאָלעכץ אַרוים פון געדולד.

— וואָס רעדט איהר, אַ חוץ דעם וואָס ער איז אַזאַ קאַרגער הונד, איז ער נאָך אַ גרויסער פערד, אַ גראָביאַן!...

— אָבער וואָס האָט ער אייך געזאָגט?

— היינט, זאָגט ער, בעטסטו געלד, און מאָרגען וועסטו בעטען מיין ווייב...

— וואָס הייסט? — האָט זיך פּאַטייטאָשאָלעכץ אָבגערופען אַ צוקאָכטער — וואָס הייסט, אַזאַ מערזאַוועץ! האָט איהר איהם געזאָגט, אַז איהר דאַרפט עס נויטינג?!

— אַלץ הייסט געזאָגט!

— אָך, ווען איך וועל שוין פּטור ווערען פון דעם עזעל, וועל איך פּשוט די אויגען עפּענען.

— איך פערשטעה, אַז איהר מוזט אויך האָבען פון איהם קאַלטס און וואַרימס.

— וואָס רעדט איהר, וואָס רעדט איהר, מר. קראָכמאַל! דער

„צו איהרע פיס האָב איך געבראַכט
די טרוימען פון מיין הארצען,
כ'האָב איהר געזאָגט: אָ, גלויב אין זיי."

— — — — — — — — — — —

— נו, איז וואָס געפעלט אייך דאָ ניט? — האָט זיך צו איהם דער דיכטער געווענדעט, ווי אַ פער'משפט'ער.

— וואָס הייסט, וואָס געפעלט מיר דאָ ניט? דאָס איז דאָך קוואטש. „צו איהרע פיס"... כאַ־כאַ־כאַ! „צו איהרע פיס", — איהר מעגט זיך שעהמען מיט אַזוינע ליעדער. ווען איך בין אויף אייער פּלאַץ, וואָלט איך איינגענומען געז... אויף מיין עהרענ־וואָרט! אַזאַ גרויסער בחור שרייבט עס אַזעלכע פּלוידערייען... וואָס דענקט איהר, וואָס, איך בין פּאַטייטאָשאַלעכץ! שנעל, ווארפט זיך שוין ארויס און פערמאַכט די טהיר... איך לייד פון ראַמאַטעס.

ווען דער לאַנג־האָריגער, צוזאַמענגעבראָכען פון שאַנדע איז ארויס, האָט זיך מיסטער לעקיך געווענדעט צום בעריהמטען פּאָעט קראַכמאַל:

— און וואָס ווילט איהר?

— אַ גוטען מאָרגען, מר. לעקיך! איך... איך בין דאָס קראַכ־מאַל... איך וויל מיינע פינף און ניינציג סענט, דעם אוואַנס... מר. פּאַטייטאָשאַלעכץ האָט געהייסען!...

מר לעקיך האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן מיט שפּיזען אין זיינע פערגאָסענע אויגעלעך.

— עס איז נאָך ניט געדרוקט און איהר קענט קיין סענט ניט קריגען!

— איך מוז עס אָבער האָבען... עס איז ביי מיר אַ לעבענס־פראַגע... און מר. פּאַטייטאָשאַלעכץ האָט געהייסען געבען..

— אַ מאָדנער מענש איז דער פּאַטייטאָשאַלעכץ. ס'איז איהם גרינג צו זאָגען: גיב!... וואָס הייסט א י ה ר דאַרפט האָבען? און א י ך דאַרף ניט האָבען?... ווער דאַרף דאָס נ י ט האָבען?

מחבר פון „פערוועלקטע לאָקען" איז אַרוים, האָט זיך דער רעדאַק־טאָר געווענדעט צום בעוואוסטען פּאָעט, מיסטער קראָכמאַל:

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען, וואָס איך האָב אייך געלאָזט ווארטען, איהר זייט מסתמא געקומען נאָך אַן ענטפער. איהר ווילט דאָך קריגען אייער אוואנס, די פינף און ניינציג סענט פאַר אייער געדיכט?

— נעוויס.

— הם... ווענגען דעם מוזט איהר זיך אָבער זעהן מיט מיין אַסיסטענט, מיט מיסטער לעקיך. ער האָט צו שאַפען איבער דעם.

— דענקט איהר, אז ער וועט מיר ניט ענטזאגען?

— ווער ווייסט איהם, דעם גזלן! ווען איהר שטעהט צו איהם צו, קענט איהר פּילייכט פּועל'ן, איך זאָג אייך אָבער פריהער, אז ער איז א מערדער, דער מיסטער לעקיך...

מיסטער לעקיך'ס צימער איז געווען קליין, דונקעל, שמוציג און פערצויגען מיט פּאַאוטינע.

ער אליין איז געווען א קליינינקער, דארינקער מענשעלע, מיט קאַלטע וואסערדיגע אויגען, מיט א שטימע פון א אידענע, וואָס דאַרף באַלד געלעגען ווערען.

ווען מיסטער קראָכמאַל איז אריין אין צימער, האָט ער ווידער דאָרט געפונען דעם פריהערדיגען בחור מיט די שרעקליך לאַנגע האָר מיט'ן רחמנות־פּנים זיצענדיג נעבען מיסטער לעקיך און טרייסלענ־דיג זיך ווי א בלאַט פון יעדען קלאַפּ אָן טיש וואָס מיסטער לעקיך האָט דערלאַנגט מיט זיין דארינקען קולאַק.

— וואָס מיר פּאַטיטאָשאָלעכץ, ווען מיר פּאַטיטאָשאָלעכץ!

— האָט זיך מיסטער לעקיך געקאָכט — איך בין דער באָס... אייערע ליעדער טויגען אויף ניינציג כפרות!

— אָבער ווארום? געוואלד, ווארום?

— גאָר פּראָסט, דאָס זיינען גאָר קיין ליעדער ניט, דאָס איז געהאקטע קרויט! באָטשווינע איז דאָס!

— למשל... צייגט מיר אָן וואו?...

מר. לעקיך האָט א כאַפּ געטהאָן א שטיקעל צונויפגעקוועטשטע פּאַפּיער און גענומען לעזען:

א. ל. באראָן

# דער הונד פון דער רעדאַקציע

(נאָך אַ גע'גנב'עטען סיוזשעט)

ווען דער בעוואוסטער פּאָעט, מיסטער קראַכמאַל, איז אריינ־געקומען אין רעדאַקציע פון „נעכטיגען טאָג“, האָט איהם דער רעדאַקטאָר, מיסטער פּאָטייטאָשאָלעכץ, אויפגענומען מיט גרויס בעגייסטערונג.

— איהר וועט מיר געפעליגסט ענטשולדיגען אויף איניגע מינוטען. — האָט פּאָטייטאָשאָלעכץ מיט אַ העפליכען שמייכעל זיך געבעטען ביים פּאָעט און ער איז צוגעגאַנגען צו אַ צווייטען לאַנג־האָרעדיגען שרייבער, וואָס איז געזעסען אין אַ ווינקעל, מיט אַ רחמנות־פּנים און מיט אַן אראָבגעלאָזטען קאָפּ וואָס האָט צוליעב די מורא'דיגע לאַנגע האָר אויסגעזעהען ווי אַ „דאָסטער“, מיט וועלכען מען שטויבט אָב מעבעל.

— אבער ווארום דענקט איהר, אז מיין ערצעהלונג, „פער־וועלקטע לאָקען“ טויג ניט? — האָט דער לאַנג־האָריגער און רחמנות־פּנים'דיגער שרייבער געפאָדערט פון רעדאַקטאָר.

— איך !... — האָט זיך דער רעדאַקטאָר אָבגערופען — גאָט איז מיט אייך! איך האָב נעכטען אַ גאַנצע נאַכט זיך געקריעגט וועגען דעם מיט מיין געהילפס־רעדאַקטאָר, מיסטער לעקיך, אבער ער האָט זיך איינגעשפּארט ווי אַן אָקס: ניין און ניין!

— ווי וואָלט געווען, — האָט זיך דער יונגער מאַן מיט'ן רחמנות־פּנים געווענדעט צו פּאָטייטאָשאָלעכץ'ן מיט כמעט אַ וויינענדע שטימע — ווי וואָלט געווען, ווען איך זעה זיך מיט מיסטער לעקיך אליין וועגען דעם?... ער איז דאָך ניט קיין גזלן!...

— אך, נאָך ערגער, אַ רעגעלער מערדער און צייטענווייז נאָך אַ סוואָלאָטש דערצו! מען זאָל אַזוי בעהאַנדלען יונגע שרייבער! נור — פּרובירט...

אז דער לאַנג־האָריגער און רחמנות־פּנים'דיגער שרייבער, דער

אין פנים אריין. א גליק, וואָס זי האָט א טעות געהאַט: אנשטאט די פלאַש מיט קארבאָל האָט זי געכאַפּט די פלאַש מיט קעראָסין. און באלד טאַקע חרטה געקראָגען! שלום געוואָרען... שוין....

און שוין גרייטענדיג זיך אוועקצוגעהן, האָט נאָך ציבולקין צוגעגעבען:

— יא, שיער ניט פערגעסען פאר גרוים פרייד... מאַדאַם קוואַסמאַן לאָזט אייך גריסען און לאָזט אייך מודיע זיין, אז פאר אייערע רייד דאָרט וועט זי אייך אָבגיסען מיט קארבאָל... אונבעדינגט... נישקשה, זאָגט זי, זי וויים שוין איצטער, אז פאר אזעלכע זאכען געהט מען ניט אויפ׳ן עלעקטריק טשער... גוד־באַי!

ביי הויטשינדערען איז מיט איין מאָל פאר שרעק אָבגעשטאָרבען דאָס הארץ.

— ער האָט זי פערלאָזט — האָט ווידערהאָלט שטיל, קוים וואָס מען האָט געהערט, הויטשינדער אין דער צייט, ווען מאדאם קוואססמאַן האָט שוין געהאַלטען ביי היסטעריקע.

— איין מינוטקעלע, מאדאם קוואססמאַן, איין מינוטקעלע! לאָזט ענדיגען! שטערט ניט! אַלזאָ, איך רייד ווייטער: ער האָט זי פערלאָזען און האָט זי, די ליעבענדע, די יעניגע, וועלכע האָט איהם אַלעס אוועקגעגעבען, אריינגעשליידערט אין אזא אָברונד, דער איינציגער געדאנק וועגען וועלכען פערגליווערט דאָס בלוט אין די אָדערען. ער האָט זי אריינגעשליידערט אין אַן אָבגרונד, פון וועלכען זי האָט זיך מיט די שרעקליכסטע ליידען קוים ארויסגע־דראַפּעט, אום צו לעבען מיט איהם און צו שטארבען אונטער די ווארימע שטראַהלען פון זיינע אויגען... לאָזט, לאָזט!... נאָך איין מינוטקעלע, מאדאם קוואססמאַן!... איך בין שוין צו ענדע... אַלזאָ: ער האָט זי אוועקגעוואָרפען ווי א שמוציגע שמאַטע, ווי א שטיק בלאָטע, וואָס מען האָט על פּי טעות אויפגעהויבען פון דער ערד. און זיינע שטראַהלענדע אויגען לאַשצען איצטער אַן אנדערע... מאדאם קוואססמאַן, ווארט, איך האָב נאָך ניט געענדיגט! מאדאם קוואס....

אָבער מאדאם קוואססמאַן איז שוין אין הויז ניט געווען. זי האָט געכאַפּט עפּעס א פלאַש מיט עפּעס א פליסיגקייט און איז מיט איהר אין איין סעקונדע פערשוואונדען.

— אָט איצטער וועט ציבולקין האָבען זיין עהרליך אויסקו־מעניש און איך וועל קריגען א פעטע „קיים“ — האָט צופריעדען געזאָגט צו זיך אַליין הויטשינדער און איז אוועק צוריק אין זיין אָפּיס.



אין א האַלבע שטונדע ארום איז אין הויטשינדער׳ס אָפּיס אריינגעפאַלען ציבולקין, פון וועלכען עס האָט זיך זעהר שטארק געפיהלט דער ריח פון קעראָסין.

— טאַקע אָבגעגאָסען! — האָט ער אויסגעשריען מיט פרייד — פון קאָפּ ביז די פיס. פון א גרויסער, פולער פלאַש גלייך פליוך

דאָס קינד, אָט דאָס נאַטור־קינד, וואָס קען כמעט קיין אַנדער וואָרט ניט אַרויסגעבען, אויסער „איך ליעב!“ און ער, דער... דער... וועל, איך וויל איהם ניט זידלען... ער איז געקומען און האָט ביי איהר גערויבט אַלעס: איהר יוגענד, איהר שעהנקייט, איהר האַרץ, איהר לעבען. ער האָט אַלעס ביי איהר צוגענומען און האָט זי אַריינגע־שליידערט אין אַבגרונד פון פינסטערנים און פערצווייפלונג.

— אָה, דער לומפּ, דער לומפּ! — האָט אַ כליפּע געטהאָן די אַלמנה, געריהרט פון דעם אַדוואָקאַט'ס ווערטער.

— שלאָגט ניט איבער — האָט זי צוריקגעהאַלטען הויט־שינדער — לאָזט ענדיגען... און ווייטער וועל איך זאָגען: איז דען איהר גאַנץ לעבען ניט בעשטאַנען פון ליידען און נור פון ליידען? האָט זי דען איהר גאַנץ לעבען ניט געביינקט נאָך אַ מאַן וועלכען זי זאָל מיט ליעבע אַוועקגעבען איהר לייב צוזאַמען מיט דער נשמה?

— אמת, אמת — האָט שוין איצט ביטער געוויינט די אַלמנה.

— און ענדליך — האָט ווייטער פאָרטגעזעצט זיין רעדע פאַר די ניט־עקזיסטירענדע ריכטער דער אַדוואָקאַט — און ענדליך האָט זי דעם מאַן געפונען. ענדליך האָט אויך פאַר איהר געגומען שיינען די זון און זינגען די פויגעל. זי איז שוין ניט קיין יונג מיידעלע, איהר האַרץ האָט, ווי עס שיינט, זיך שוין גאַר אַבגעוועהנט צו ליעבען. און פּלוצלינג — עס שטראַהלט פאַר איהר די זון. און געשטראַהלט האָט די זון פון די אויגען פון דעם געליעבטען מאַן און בענגאַסען האָט די זון מיט איהרע שטראַהלען איהר גאַנצע נשמה און האָט נעגאָסען פרייד אין די פערבאָרגענסטע ווינקעלעך פון איהר האַרצען. זי האָט געגלויבט אין איהם און איז אויפגעשטאַנען תחית המתים. ווייסט איהר, הערדען געשוואָרענע, וואָס עס הייסט פאַר אַ טויטען מענשען לעבעדיג צו ווערען?

מאַדאַם קוואַסמאַן האָט שוין איצט ניט געקענט אָבכאַפּען דעם אָטהעם פאַר געוויין. אָבער הויטשינדער האָט זיך ניט געקימערט וועגען איהר און האָט פאָרטגעזעצט:

— איהר פערשטעהט עס, הערדען געשוואָרענע, איהר ריכטער פון געזעלשאַפטליכען געוויסען! און פּלוצלינג — האָט ער זי פערלאָזט!

משוגע'נע מרס. קוואססמאַן — איך בין, הייסט עס, די שוואַכע! אוי, מיסטער, וואוהין זייט איהר פערפאַהרען? איך קען דאָך מיין ציבולקין'ען צורייסען ווי אַ לעמעשקע. איין געשריי און ער דרעהט זיך צונויף אַזוי, אַז מען זעהט איהם מעהר ניט אַרויס. איהר קענט מיך ניט, מיסטער, אַז איך ווער אין כעס, איז — היט זיך די ביינער!

הויטשינדער איז געוואָרען אונגעדולדיג.

— וואָס טויג מיר די אַלע מעשיות? — האָט ער געזאָגט — נאָך אייער מיינונג איז ער דער שוואַכער, און נאָכ'ן געזעץ נאָך זיינט איהר די שוואַכערע. איהר בעלאַנגט צום שוואַכען מין און דעריבער קענט איהר ניט ענטגעגענשטעהן זיינע פערלאַנגען און פאָדערונגען. ער איז דאָך אַ מאַן און איהר — ניט מעהר ווי אַ שוואַכע פרוי.

— וואָס אמת, איז אמת — האָט צוגעגעבען מאַדאַם קוואססמאַן און איז פּלוצלינג רויט געוואָרען.

— אָה, איך פערשטעה, איך פערשטעה! — האָט אונטער־געכאַפּט הויטשינדער — און איהר קענט זיך פערשפּאָרען די מיה־וויי‍טער צו ערקלעהרען. איך רעספּעקטיר אייער געפיהל פון צניעות... ער, ער איז שולדיג אין אַלעס. און ער, דער לומפּ, וואַגט נאָך איצטער נאָכצולויפען נאָך אַן אַנדער פרוי.

מאַדאַם קוואססמאַן'ס אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען מיט אַ בייזען פייערל.

— פּאָלגט מיך, גיסט איהם אָב מיט קאַרבאָל — האָט זיך ווי געבעטען ביי איהר הויטשינדער.

— אָבער דער עלעקטריק טשער? — האָט שוואַך פּראָטעס־טירדט די אלמנה.

— אָה, האָט ניט קיין מורא! — האָט זי דער אַדוואָקאַט אַלץ ניט אָבגעלאָזט. — מיט אַן אַדוואָקאַט ווי איך קענט איהר זיך אַלעס פערגינענן. למשל, איך גיב זיך אַ שטעל אַוועק פאַר די ריכטער און גיב אַ זאָג אָט־אַזוי: מיינע העררען געשוואָרענע, איהר מוזט בעפרייען אָט די פרוי, וואָס איז נאָך כמעט אַ קינד. און וואָס בעשטעהט דען איהר זינד? אין דעם, וואָס זי האָט געליעבט. אָט

אַ דיקע, הויכע פרוי פון אַ יאָהר 40, מיט אַ בייזען געזיכט און ענערגישע בעוועגונגען.

— וואָס דאַרפט איהר? — איז געווען איהר בייזער ענטפער אויף זיין זיסער בעגריסונג.

הויטשינדער האָט זיך פאַרגעשטעלט און בעמערקט מיט אַ כיטרען שמייכעלע:

— הייסט עס, מיר ווילען איהם אויספּאַרען די אויגען?

— וואָסערע אויגען? וואָס פּלוידערט איהר, מיסטער? — האָט אָבגעהאַקט ווי מיט אַ האַק די אלמנה.

— נו, נו! — האָט זי אונטערגעמונטערט הויטשינדער — שעהמט זיך ניט, עס טרעפט זיך.

— אָבער וואָס האָט איהר זיך אָנגעבונדען? מען טאָר שוין גאָר קיין שפּאַס ניט מאַכען?

— הייסט עס, איהר דענקט גאָר ניט איהם אָבצוגיסען מיט קאַרבאָל?

— קיין מאָל אין זינען ניט געהאַט.

ביי הויטשינדער'ן איז ביי דיעזע ווערטער דאָס האַרץ פּער־קיהלט געוואָרען אין דער ברוסט. אָט האָסטו דיר, אַלע פּלענער זיך צופלויגען! ער האָט בעשלאָסען צו קעמפּפען ביז'ן לעצטען.

— און וואָרום זאָלט איהר איהם טאַקע ניט אָבגיסען מיט קאַרבאָל? — האָט ער פאַרזיכטיג אָנגעהויבען — וואָס־זשע מיינט איהר, זיי פערדיענען עס ניט די לומפּען?

— נו, גיסט, אז איהר ווילט! — האָט געענטפערט די אלמנה — גיסען! און ווער וועט געהן אין פּריזאָן דערפאַר, איך, צי איהר?

— אָה, נאַרישקייטען! — איז שוין הויטשינדער געוואָרען מוטהיגער — יעדע פרוי גיסט היינטיגע צייטען אָב איהר געליעב־טען מיט קאַרבאָל און ביים געריכט ווערען זיי אַלע בעפרייט.

— געהט שוין, געהט! — האָט ניט געגלויבט די אלמנה.

— גערעכטיגקייט, מיסעס! — האָט הויטשינדער אויפגע־הויבען שטרענג אַ פינגער — די גערעכטיגקייט בעשיצט תמיד דעם שוואַכען.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט פּלוצלינג גענומען לאַכען ווי אַ

געהענדיג צו איהר, האָט ער מיט אַן אָנגעכמורעטען שטערען און מיט צונויפגעקריצטע צייהן געמורמעלט צו זיך אליין:

— אהא... מיט קאַרבאַל ווילט איהר עס א מענשען אָבגיסען, מאַדאַם קוואסמאַן? פאר א קאליקע איהם מאַכען? גוט! דעם עלעקטריק טשער פערזוכען האָט זיך אייך פערגלוסט? נעהמען א לעבעדיגען סליוור־וואַרפער און איהם אויסברענען די אויגען! פאר אזא זאַך!... אָבער — צוריק גערעדט, וואָס: פאַר אזא זאַך?... עס וועט זיך געפינען אַן אַדוואָקאַטעל און וועט נעהמען דערצעהלען: אַן אונגליקליכע אלמנה, נעבעך... פערפיהרט געוואָרען פון א לומפּ... געוואָלט רעטען איהר עהרע... זי צו בעפרייען איז אזוי ליכט ווי א האָר פון דער מילך ארויסצונעהמען... און צוויי טויזענד דאָלאַר פערמאָגט זי... עך, הויטשינדער, הויטשינדער! וואָס דען, צו דיר וועט אָנקומען עפּעס א לייטישע „קיים“! מיט ציבולקין׳ען וועסטו, ברודער, ניט ווייט פערפאָהרען. א קבצן, א האָלאָדריגע. וועט דיר אריינקוועטשען א צעהנערעל, וועט ער מיינען, אז ער האָט דיך גליקליך געמאַכט. און דעם אמת געזאָגט, אזא מאָרדע ווי זיינע איז קיין צעהנערעל אויך ניט ווערטה.

הויטשינדער האָט זיך פּלוצלינג אָבגעשטעלט אין מיטען גאַס, ווי ער וואָלט פּאַראַליזירט געוואָרען פון זיין אייגענעם נייעם געדאַנק. און ווען ער האָט ווייטער גענומען געהן, האָבען שוין זיינע געדאַנקען גענומען גאָר א נייע ווענדונג און ער האָט געמורמעלט:

— און אזא מיאוס׳קייט פערדרעהט עס דעם קאָפּ אַנשטענדיגע, אָרימע, וויסטע אלמנות! פערפיהרט, אוועקוואַרפען און — רוף מיך קנאַקניסעל! ניין, ברודער, אזעלכע זאכען געהט ניט ביי אונז אין אמעריקא. מיט קיין צעהנערעל, ברודער, וועסטו אונז ניט קויפען. זוך דיר א צווייטען נאַר. הויטשינדער, ברודער, איז אימער אויף דער גערעכטער זייט. א וויסטע אלמנה מיט צוויי טויזענד דאָלאַר, אַז זי ברענט אימיצען אויס די אויגען, איז א געשמאַקערער ביסען ווי עפּעס א ציבולקין... יעס, סער!



אין חנה קוואסמאַן׳ס וואוינונג האָט הויטשינדער׳ן בעגעגענט

הויטשינדער׳ס שאַפּ. און אַט דאָס זעלבע בריוועל האָט עס ענדליך געטריבען ציבולקינ׳ען צום אדוואָקאַט הויטשינדער.

הויטשינדער האָט איבערגעלייענט דאָס שרעקליכע בריוועל, האָט עס לאַנגזאַם צונויפגעלעגט און עס קאַלט צוריקגעקעהרט ציבולקין׳ען.

א שוידער איז איבער ציבולקין׳ס קערפּער דורכגעלאָפען.

— נו? — האָט ער געפרעגט מעהר טויט ווי לעבעדיג.

— צרות! — האָט געענטפערט הויטשינדער — זי וועט אַבגיסען. זיכער ווי דער טאָג: זי וועט אַבגיסען.

— נו? — האָט זיך שוין געטרייסעלט פאַר שרעק ציבולקין.

— נו־נו! — האָט ווייטער געצויגען הויטשינדער — וואָס פערשטעהט איהר ניט? קארבאָל — ברענט עס. אויגען זיינען אַן איידעלע מאַטעריע. און אז קארבאָל טרעפט אין די אויגען, ווערט מען בלינד, און אז מען ווערט בלינד... פארביינגעהענדיג: וואָס איז אייער בעשעפטיגונג?

— סליוור־ווארפער.

— סליוור־ווארפען קען מען ניט אָהן אויגען?

— גאָט איז מיט אייך! וואָס רעדט איהר? — האָט אזש א רעווע געטהאָן פאַר שרעק ציבולקין.

— צרות! — האָט ווידער א בורטשע געטהאָן הויטשינדער — איבריגענס, וועלען מיר נאָך זעהן... ווער איז זי, אָט די חנה קוואסמאַן? א מיידעל, א ווייבעל? יונג, אלט? אָרים, רייך?

— אַן אלמנה, האלט א באָרדינג־הויז, פערמאָגט א פּאָר טויזענד דאָלאר.

— הם... — האָט זיך פערטראַכט הויטשינדער — גיט מיר איהר אדרעס, איך וועל זיך זעהן מיט איהר... וואָס הייסט, גלאַט נעהמען און אויסברענען א מענשען די אויגען! נאָ, סער! דאָס געהט ניט ביי אונז אין אמעריקא!



הויטשינדער׳ען איז איינגעפאַלען אליין צו בעזוכען חנה קוואס־מאַן. ער האָט געהאַט זיין פּלאַן דערביי.

ג. ל.

# קאַרבאַל

היימי ציבולקין, דער ארבעל־„וואָרפער“ פון הויט־רייסער׳ס שאַפּ, א לאַנגער בחור, מיט לאַנגע, דאַרע הענד, מיט א האַלז ווי ביי א זשיראַף, מיט א ברוסט וואָס האָט שטאַרק חשק געהאַט אריינצוקריכען אין די פּלייצעס, מיט א נאָז וואָס האָט זיך מיט׳ן שפּיץ אָהן אויפהער געצויגען זיך צו צוקושען מיט די ליפּען, און מיט א שמאָל קליין קעפּעל, וואָס האָט זיך תמ׳עוואַטע געשאָקעלט אונטער דער לאַסט פון 12 לאַנגע ברייטע הערעלעך און א ריעזיגען פליך — היימי ציבולקין איז איצטער אויסער זיך. און אויסער זיך איז ער צוליעב א בריוועל פון זיין אַלטער „מיסעס“, וועלכען זיין נייע „מיסעס“ האָט איהם נור־וואָס איבערגעגעבען און פון דעם בריוועל, מוזען מיר מודה זיין, האָט אַזאַ מענש ווי היימי ציבולקין געקענט ווערען אויסער זיך, ווייל געלייענט האָט זיך דאָס בריוועל אָט־אַזוי:

„היימי! איך האָב דיך נעכטען ווידער געזעהן זיך ארומשלעפּען אין סעווענטה סטריט פּאַרק מיט יענער גאַנז, צו וועלכער אַן אנשטענדיגער מענש וואָלט זיך געמוזט מיאוס׳ען זיך צוצוריהרען. איך גיב דיר, אַלזאָ, די לעצטע וואָרנונג: אויב דו וועסט ניט סטאָפּען דיינע מאַנקי־ביזנעס מיט יענעם זעקעל ביינער, וועסטו זיך אויסריכטען א פינסטערען, וויסטען סוף. שוין זייט וואָכען שטעהט ביי מיר אָנגעגרייט א פלעשעל קאַרבאָל און דאָס פלעשעל קאַרבאָל וועל איך אויסגיסען אויף דיין צורה, ווען איך וועל דיך נאָך אַמאָל זעהן מיט איהר. געדענק, היימי! דו שפּיעלסט זיך מיט פייער!

דיין עוויג ליעבענדע

חנה קוואַסמאַן.“

אָט־דאָס איז געווען דאָס בריוועל, וואָס האָט ארויסגעבראַכט פון די כלים אונזער היימי ציבולקין, דעם ארבעל־„וואָרפער“, פון

# סקיצן, מעשה׳לעך,
# סצענקעס און בילדלעך.

בעלי חיים איז אַ מדה טובה, אפילו אום זומער און עס קיהלט אייער געוויסען. זאָלען אַלע שלאָפען מיט אייך אויפ'ן „רוף“. אויב אין גאַנצען נאַקעט איז נאָך בעסער. עסט זיך ניט אָב דאָס הארץ, ווען אַ פּרעמדער פוס פערקריכט אין אייער הייליגען פאַמיליען־געלעגער.

## ווי אַזוי ניט צו שלאָפען אין די היצען.

שלאָפט ניט אויף דער לינקער זייט, עס קען נאָך פער־שאַטען אייער הארץ.

שלאָפט ניט אויף דער רעכטער זייט, עס איז שעדליך פאַר אייערע לונגען.

שלאָפט ניט אויפ'ן בויך, דאָס מאַכט אייך כמעט אונ־מעגליך צו אָטהעמען.

שלאָפט ניט זיצענדיג אויף אַ שטוהל, ווייל אייער קערפּער וועט זיך געפינען אין אַן אונגאַטירליכער לאַגע און איהר וועט ניט קענען שלאָפען ווי געהעריג.

שלאָפט ניט שטעהענדיג, ווייל איהר קענט נאָך אומ־פאַלען און ברעכען האַלז און נאַקען.

שלאָפט ניט אין פּאַרק, עס וועט זיך אייך זיכער חלום'ען אַ פּאָליסמאַן.

שלאָפט ניט אויפ'ן פייער־עסקייפּ, דאָס קען נאָך שטערען אַ גנב אריינצוקריכען אין הויז דורכ'ן פענסטער.

שלאָפט ניט אויפ'ן רוף: אַן עראָפּליין קען נאָך ארונטערפאַלען אויף אייך.

שלאָפט גאָר ניט!....



יעקב יוסף

# וויא זיך נוהג צו זיין אום זומער

## ווי צו ארבייטען.

צום אלעם ערשטען ארבייט ניט. ראקעפעלער ארבייט אויך ניט. אויב עס איז אייך לאנגווייליג ארומצוגעהן ליידיג, סטרייקט! אבער — אום הימעל'ס ווילען! — היט זיך פאר אויפרעגונגען! דאס איז שעדליך אין די היצען. קריכט ניט אונטער די פאליציייסקע שטעקענס, רייסט זיך ניט איין מיט די סטרייק־ברעכער, פערלאנגט ניט קיין סטרייק־בענעפיט, מאהנט ניט קיין חשבונות ביי אייערע פיהרער. דאס איז זעהר שעדליך. סקעבט ניט! דאס איז צו אויפ־רעגענד. אויב איהר ווילט שוין יא א סקעב טהאן, לעגט עס אב אויף ווינטער...

## ווי זיך צו האלטען קיהל.

די הויפט־זאך איז אין די הייסע זומער טעג: פרישע לופט און האלטען פריש דעם קערפער. זייט וואס מעהר אין פארק: — מענער אין די אונטערשטע העמדער, פרויען — מיט ארויסגעווארפענע ברוסטען, קינדער — מיט די פופקעס אין דרויסען. ליגט אויף די טראטוארען צווישען די אש־קאסטענס און מיסט־קאסטענס, אונ־טערגעבעט מיט ווארימע מאנטלען און באנאנא־שאלעכטס.

## ווי צו שלאפען אין די היצען.

שלאפען זאלט איהר נור אויף די דעכער. אויב איהר קענט מיט זיך אהין מיטנעהמען די וואנצען און די בארדערס, טהוט עס. צער

געזאָגט, שווער און ביטער, ביז וואַנעט איך בין געבוירען געוואָרען א שעהנער.

## פּראָפּאָרציאָן פון דער פיגור.

די פיגור פון א מיידעל, עלטער ווי 18 יאָהר, דאַרף זיין אַקוראַט עלף מאָל אזוי גרויס, ווי דער רעכטער פוס. דער קאָפּ (צוזאַמען מיט'ן „נאַרד פּאָל") דאַרף זיין וועניגסטענס צוויי מאָל אזוי גרויס ווי די פּלייצעס, און די לינקע האַנד דאַרף זיך נאָכשלעפּען אויף דער ערד.

די פינגער פון די פיס דאַרפען זיין גלייך צו די פינגער פון די הענד, און ביידע טאָרען ניט זיין לענגער ווי א „יאַרד" מיט דריי פערטעל.

אָט דאָס איז אין קורצע ווערטער — פּראָפּאָרציע!

## סודות פון שעהנקייט.

אויב איהר האָט א פּנים פון אסתר המלכה, זיינט איהר א שעהנע, און אַלע בחורים וועלען אייך ליעב האָבען, און אויב איהר שרייבט ליעדלעך, וועט אייך אָנקומען ניט שווער זיי אָבצודרוקען. אויב אָבער איהר האָט א פּנים ווי ושתי, אָדער ווי מיין מוהמע רישע, ווען זי פאָהרט אויפ'ן יריד — דאַן זייט איהר א מיאוס'קייט און א פּאַסקודסטווע, און די גלייכסטע זאַך וואָס איהר קענט טהאָן איז — בעגעהן זעלבסמאָרד!



משה נאַדיר

# וויא צו זיין שעהן

אַליין בין איך זעהר אַ שעהנער מענש — אַ רעגעלע דאָל! איהר זאָלט אַ קוק טהאָן אויף מיין פּנים וואָלט איהר גע'חלש'ט. היינט האָב איך אַ נאָז — איז דאָס אַ זעלטענהייט צווישען נעזער. מיינע אויגען — איהר האָט אמאָל געזעהן מיינע אויגען? ניין? דאַן האָט איהר קיין שעהנע אויגען ניט געזעהן! דיאַמאַנטען! — וואָס רייד איך דיאַמאַנטען? ברילִיאַנטען! וואָס רייד איך ברילִי־אַנטען? — שטערען — לבנות — זונען!... פון מיינ'ס אַ קליין בליקעלע מיט'ן לינקען אויג האָבען זיך אמאָל ביי צוויי פראַנצויזישע גאָווערנאַנטקעס אַנגעכאַפּט די קינדער־וועגעלעך —ביידע קינדער זיינען נעבעך פערברענט געוואָרען!

אחוץ אַ נאָז מיט צוויי אויגען האָב איך נאָך אויך אַ קאָפּ (דוכט זיך מיט לאָקען!), איין צונג און צוויי אויערען — קורץ און גוט, איך בין אַ קראַסאַוועץ!

ווי אַזוי זשע האָט זיך דאָס אַלץ גענומען צו מיר?

וועל, איך מוז אייך זאָגען דעם גאַנצען אמת, אַז איך בין ג ע ב ו י ר ע ן געוואָרען אַ שעהנער — און אָט דאָ ליעגט דער גאַנצער סוד! געבוירען ווערען שעהן איז אָבער ניט קיין לייכטע זאַך. אַך, פריינדע, ווען איהר זאָלט וויסען ווי שווער און ביטער איך האָב געהאָרעוועט אויף געבוירען צו ווערען שעהן!

בייטאָג פלעג איך ליגען מיט'ן פּנים קעגען דער זון, בכדי צו קריגען אַ געזונדע, ברוינליכע פאַרב, און ביינאַכט פלעג איך זיצען קעגען דער לבנה און זיך לאָזען אָבבלייכען די נאָז מיט'ן שטערען...

זומער פלעג איך אַרומשפּאַצירען אין די גערטנער און זיך פּיטערען מיט פּאָזעמקעס, בכדי צו קריגען רויטע ליפּען, און ווינטער פלעג איך קייען שנעע, בכדי צו קריגען ווייסע צייהנער.

און אַזוי האָב איך געהאָרעוועט, ווי איך האָב אייך שוין

נאָך אונזער מיינונג דאַרף א מענש אָנהויבען וואַקסען א פּאָר יאָהר איידער ער ווערט געבוירען, ווייל דעמאָלט האָט ער געוועהנליך מעהר צייט זיך אָבצוגעבען מיט דער דאָזיגער ארבייט און אחוץ דעם וועט מען איהם שפּעטער ניט קענען אויפוואַרפען, אַז ער איז געוואַקסען „דורך קינסטליכע מיטעל“, וואָס דאָס איז א גרויסע בושה.

נאָך בעסער איז איהר זאָלט לאָזען אייער טאַטען וואַקסען פאַר אייך. אלעס וואָס אייך וועט דאַן איבערבלייבען צו טהאָן, איז זיצען מיט פערלעגמע הענד און קוקען ווי דער טאַטע וואַקסט.

דאָס איז א לייכטע ארבייט און פאָדערט ניט קיין שום אָנשטרענגונג. אין דער צייט וואָס דער טאַטע וואַקסט, קענט איהר דערווייל שפּיעלען א פּאָוקער, געהן אין מואווינג־פּיקטשורס, פער־ברענגען זיך אין די פּאַריזער שאַנטאַנען, אין ניו יאָרקער טשייני־טאַון אָדער אין אַן אַנדער ניצליכען אַנשטאַלט...

אויב איהר קענט זיך ניט העלפען און מ ו ז ט שוין אליין וואַקסען — טהוט עס ביינאַכט, ווען קיינער זעהט ניט און זייט פאָרזיכטיג ניט אויפצואוועקען אייערע שכנים. לאָזט אראָב די פאָרהאַנגען, פערריגעלט די טהיר, לעשט אויס דעם לאָמפּ און וואַקסט — שטילערהייד!....

משה נאַדיר

# וויא צו וואַקסען

ווי הויך זאָל אַ מענש וואַקסען? ווען זאָל ער אָנהויבען און ווען אויפהערען?

ווי הויך זאָל אַ מענש וואַקסען? דערוויף איז לייכט צו ענט־פערען — ביז אונטער דעם קאַפּעלוש! מענשען וואָס וואַקסען ארויס פון זייער אייגענעם קאַפּעליוש זיינען על פּי רוב אונגאָרמאַל, אויפ־געררייצט און בייז. דאָס קען מען אָם בעסטען בעמערקען, ווען מען זאָל טרייען זיי איינשניידען אין אַן אויער אָדער אָבבייסען אַ נאָז. אזעלכע מענשען ווערען שרעקליך אויפגערעגט פון אזעלכע זאכען און מאנכעס מאָל קענט איהר פון זיי כאַפּען אַ פּאַטש אויך. די אַלטע גריכען האָבען געדענקט, אַז אַ מענש דאַרף ניט זיין מעהר ווי מיטעל־הויך.

אָבער אויך אין מיטעל־הויכקייט איז פאַראַן דרייערליי קלאַסען: ק ל י י ן מיטעל־הויך, מ י ט ע ל מיטעל־הויך און ה ו י ך מיטעל־הויך.

צום ערשטען קלאַס בעלאַנגען די וואָס זיינען קליין דערפאַר וואָס אנדערע זיינען העכער פון זיי; צום צווייטען קלאַס בעלאַנגען די וואָס זיינען מיטעלמעסיג דערפאַר וואָס אנדערע זיינען קלענער פון זיי, און צום דריטען קלאַס בעלאַנגען די וואָס זיינען הויך דערפאַר וואָס אנדערע זיינען מיטעלמעסיגער פון זיי.

דער כלל איז: וואַקסט ניט צו הויך! וואַקסט ניט צו שנעל! וואַקסט ביסלעכווייז! וואַקסט מיט אַ סיסטעם! צוויי אינטשעס יעדען טאָג (חוץ שבת און געזעצליכע ימים־טובים) איז גענוג פאַר אַ נאָרמאַלען מענשען. און אזוי ניך ווי איהר האָט דערגרייכט אַ געוויסען פּונקט, וואָס איהר קענט שוין בשום אופן ניט געהן העכער — בלייבט שטעהן. געהט ניט ווייטער. גיט אַן אנדערען אַ טשענס!...

ווען אַ מענש זאָל אָנהויבען וואַקסען און ווען אויפהערען? —

אין פאַל זיי קענען דעם לעבער נים פערקויפען, זאָלען זיי איהם אוועקגעבען דעם הונד.

ווען איהר שטעקט אָן אייער פריינד מיט א געפעהרליכער קראַנקהייט, נעהמט עס זיך נים צו שטאַרק צום הארצען. גליקליך איז דער, וואָס קען געבען און דאַרף ביי יענעם נים נעהמען!



יעקב יוסף

# מעדיצינישע כללים

גארט קיינמאָל ניט אָב אייער דאָקטאָר. ווען איהר שיקט איהם רופען, האלט פאר איהם גרייט דעם דאָלאר.

עסען מוז מען זעהר פאָרזיכטיג, איבערהויפט אין די שענקען, וואו מען גיט צום אָנבייסען צו א גלאָז ביער. פערגעסט ניט אז מען קוקט אייך נאָך, וויפיעל איהר עסט.

אויב איהר ליידט פון „קאלטע פיס" ביינאכט, פרופט זיך גט'ן מיט'ן ווייב. עס העלפט אמאָל.

עסט ניט צופיעל ביים איבערבייסען, וועלכער ווערט אייך צוגעגעבען צום צימער. איהר וועט זיכער קיין אריכת ימים אויף דער וואוינונג ניט האָבען.

עסט קיינמאָל ניט קיין ווארשט, אויב איהר ווילט ניט, אז גע'פגר'טע פערד זאָלען אייך קומען צו חלום.

אום זומער מוזט איהר אָפט בייטען וועש. אויב איהר האָט ניט קיין אייגענע, געהט אין א פאָבליק באד און נעהמט פרעמדע.

קוקט זיך וואָס ווענינער צו, וואָס אייער ווייב טהוט אין אייער קעסטניק'ס צימער. דאָס קען שלעכט ווירקען אויף אייערע נערווען.

ווערט ניט אויפגערעגט און געבערויכט ניט קיין גראָבע אויס־דריקע, ווען איהר ווילט עפענען א קעסטעלע סארדינס. סארדין־קעסטעלעך זיינען ניט קיין פעראיין־מיטינגען, וועלכע מוזען זיך עפענען און שליסען מיט רוסישע „מי שברך'ס".

ווען איהר קויפט כינין, האָט לחלוטין קיין מורא ניט, אז דער אפטהעקער וועט אייך אָנשטאָט דעם געבען מאָרפין און וועט אייך פער'סם'ען. געדענקט דערביי, אז מאָרפין קאָסט פיעל טהייערער פון כינין, און זייט זיכער, אז דער אפאָטהעקער וועט קיין טעות ניט מאכען.

קצבים דארפען קיינמאָל ניט האָבען קיין „לעבער־קראנקהייט".

דאַן בינדט זיך אַרום דעם קאָפּ מיט אַ נאַסען האַנדטוך, געהט אַרוים אין האָל, זעצט זיך אַרויף אויפ׳ן פּאַרענצע פון די טרעפּ און גליטשט זיך אַרונטער.

מיר נעהמען נאַטירליך אָן, אַז איהר זיינט פּראַקטיש גענוג צו האָבען ביי זיך אין נאָטיץ־ביכעל פערצייכענט די אַדרעסען פון אַלע ניו יאָרקער רעסטאָראַנען.

אַלעם וואָס איהר האָט איצט צו טהאָן, איז לויפען פון איין רעסטאָראַן צום צווייטען, אַ שמעק טהאָן דורכ׳ן שליסעל־לאָך און אַ מאַך טהאָן: אַה! און ענטלויפען.

ווען איהר זייט פערטיג מיט׳ן לעצטען רעסטאָראַן, געהט צוריק אַהיים, לעגט זיך אַוועק אין בעט און הייסט אייער מיסעס זי זאָל אייך ברענגען האַמסונ׳ס „הונגער“... און איהר וועט זיין ערשטוינט צו זעהן מיט וועלכער גענויאַליטעט איהר זייט אימשטאַנדע נאָכצו־אַהמען דאָס דאָזיגע מייסטער־ווערק.

אַזוי וועט איהר ליגען פינף טעג מיט פינף נעכט, דאָס ביכעל צוגעקוועטשט צו אייער רייגער ברוסט, מאַכענדיג אַלע ווײַלע „אַה!“ אָדער „עה!“, לויט נאָך אייער געשמאַק...

דערנאָך, אויב גאָט וועט אייך שענקען געזונד, וועט איהר אַוועקגעהן צום מצבה־שלעגער און בעשטעלען אויף נעכסטע וואָך אַ מצבה מיט אַ גאָלדענען עפּיטאַף:

„דאָ ליעגט דער נאָבעלער צדוק׳יסט,
דער מענש פון הויט און ביין...
דאָ ליעגט זיין גוף, זיין זעעלע דאָך
איז גלייך אין הימעל אַריין....“

תכריכים און אַנדערע זאַכען זיינען קלייניגקייטען, איבער וועלכע עס לוינט זיך ניט פיעל אָבצושטעלען. דאַרין פערלאָזען מיר זיך שוין אויף אייער גוטען געשמאַק. די הויפּט־זאַך איז: בעשליסט און ט ה ו ט.... און „וואו ס׳איז פאַראַן אַ ווענ איז פאַראַן אַ ווענעלע!“

זיצט דאָ און דאָרט אין די קאָפּעס רויכערנדיג די לאַנגע ליולקעס. ווי א גאָלדענע סטענגע וועלכע איז ארויפגעוואָרפען געוואָרען אין דער הויף און געבליעבען דאָרט הענגען אין דער אונזיכטבארקייט — שיינען די לייכטזיילען וואָס שלאָגען ארויס פון די אָפענע טהירען פון די קראָמען.

און מאכען מיר צו די אויגען און קוקען זיך נעהנטער צו, וואָס זעהען מיר?

ניט ווייט פון דעם שטאָלצען בארג לבנון שטעהט א סוכה געמאכט פון אַפּעלסין־שאָלעכץ און געדעקט מיט א דאך פון שווארץ־גלאנציגע באָקסערען.

שטיל איז אַלץ ארום.

ווען איהר זאָלט אָנשטרענגען אייער אויער וועט איהר הערען דאָס שמינקלען פון אַן אויסגעהענדער הבדלה אין דער האנד פון א מענשען.

מאכען מיר נאָך פעסטער צו די אויגען און קוקען זיך צו נאָך נעהענטער, כאַפּען מיר שוין דעמזועלביגען מענשען אויפ'ן וועג צום בית המדרש.

ווייסט איהר ווער דער דאָזיגער מענש איז? — דאָס איז אונזער ר' צדוק, דער מענש וועמעס העלדענטהאַט האָט אריינ־געשטעלט אַן אונשטערבליכע פייג אין דער געשיכטע פון אונזער יודאאיקא.

אָבער לאָמיר זיך פערקירעווען צוריק: ווי אזוי צו הונגערען!

אָט דאָס איז אייגענטליך אויף וואָס מיר ווילען זיך אָבשטעי־לען אביסעל לענגער. דער געלעהרטער דאָקטאָר פאוסט זאָגט: עס איז ניט קיין קונץ צו פאסטען דעמאָלט ווען עס הונגערט ניט. דאָס קען יעדער. א קונץ איז צו פאסטען דעמאָלט ווען איהר פיהלט א ברענונג אין די קישקעס, א גנזאלצענקייט אין מויל, א טרייסלונג אין די פיס, א ציטערניש אין די ריפּען און א חלשות אין הארצען.

דעמאָלט איז די צייט.

די ערשטע זאך וואָס איהר האָט צו טהאָן איז, אריינרופען צוויי איירישע ערלים זיי זאָלען איינציהען דעם „פּאס" פון אייערע תחתונים — אזוי ווייט ווי עס געהט אונטער די אומשטענדען.

יצחק בן־מאיר

# וויא צו הונגערען

דאָס טהעמאַ פאַר אונזער היינטיגען לעקטשור איז — ווי אזוי צו הונגערען.

אין פלוג קען זיך אויסדרוכטען, אז די פראגע איז אַ גאַנץ איינ־פאכע און אפשר אויך אַן אַלטע: ס'איז ניטאָ וואָס צו עסען, הונגערט מען. אָבער טאַקע נור אין פלוג קען זיך דאָס אויסדרוכטען, אין דער אמת'ן אָבער פאָדערט זיך דערצו אַן אונגעהויערע ליידענ־שאַפט, אַן אייזערנער ווילען, אַ גוואַלדיגער טאַלענט און אַ רייכע פאַנטאַזיע.

דער תלמוד הקדוש ברענגט ערגעץ אַ מעשה פון איינעם אַ זעהר געניאַלען הונגער־ליידער, רבי צדוק.

אַט דער דאָזיגער ר' צדוק, ווערט דאָרטען דערצעהלט, האָט געווידמעט גאַנצע פיערציג יאהר פון זיין נאָבעלען לעבען צו דיעזען ספּעציעלען צווייג פון דער מאָדערנסטער פון אַלע מאָדערנע וויסענ־שאַפטען.

מען קען זאָגען מיט אַ ריינעם געוויסען, אַז וואָס דאַרווין איז געוועזען פאַר דעם דאַרוויניזמוס, איז ר' צדוק געוועזען פאַר דעם צדוקיזמוס...

איצט, קינדערלעך, וועלען מיר אייך בעטען אויף אַ ווײַלע צומאַכען די אויגען און זיך פאָרשטעלען דאָס פאָלגענדע בילד:

שבת־צונאַכט. פאַר'ן חורבן בית ראשון. די בעריהמטע שטאָדט ירושלים, דער פאַריז פון אָריענט, האָט ערוואַכט פון איהר הייליגער שבת־רוה. די לאַנגע און שמאָלע גאַסען פון ירושלים, בעציערט מיט פאַלמען־בוימער פון ביידע זייטען זיינען בעגאָסען מיט אַ גרינליך־זילבערנעם שימער פון לבנה־ און שטערען־ליכט.

ניט אַכטענדיג אויף די אונצעהליגע מחנות פון טיטוס'עס חיל, וועלכעס בעלאַגערט די טייערען פון גאָט'ס סוב־רעזידענץ, ירושלים, פיהלט זיך דאָך אַ מערקווירדיגע רוהיגקייט צווישען פאָלק, וועלכעס

קראַפט און מאַרטירערטהום, דאַן מוזט איהר די אונטערשטע ליפּ דיקער מאַכען... דיעזער געזיכטסצוג דריקט אויס געדאַנקען און מאַרטירערטהום.

ל י ע ב ע און ר ח מ נ ו ת ווערט אויסגעדריקט, ווען איהר שמירט אייער פּאַרוק מיט פּומער און טהיילט איהם פונאַנדער אין מיטען מיט א שרינט.

א גענעראַל אויפ'ן סטיידזש ברויך ניט קיין ספּעציעלען גרים; ער קען עס שפּיעלען מיט דעם זעלבען גרים פון א שדכן, נור למען השם ניט פערגעסען אָנטהאָן א מונדיר מיט א סאַבליע פון הינטען.

גרויסקייט, גאוה און פּעסימיזם ווערט אויסגעדריקט מיט א בראָדעווקע אויפ'ן לינקען אויער.

מיט דער זעלבער בראָדעווקע ווערט אויך אויסגעדריקט חן, לייטזעליגקייט און אונשולד. עס ווענדט זיך נור וואו די בראָדעווקע געפינט זיך.

מאַנכע שוישפּיעלער בייטען זעלטען זייער גרים. אזוי, צום ביישפּיעל, שפּיעלען זיי דעם „גריגעם בכור", „האמלעט" און „אליפורנוס" מיט דעם זעלבען גרים.

דאָס זיינען שוין גאָר גרויסע טאַלענטען!...



דער הויקער אויף דער ביהנע שפּיעלט אויך אַ וויכטיגע ראָלע. וואָס העכער דער הויקער איז, אַלץ העכער איז דער טאַלאַנט...

אַ נאָך מעהר בעדייטענדע ראָלע שפּיעלט די באָרד. די באָרד אויף דער ביהנע איז אַזוי וויכטיג, דאָס מאַנכע שוישפּיעלער און כאָריסטען קומען אַרויף אויפ'ן סטיידזש כמעט אימער ניט געגאָלט און מיט פאַרטיגע בערד...

אייער טאַלאַנט קען צופעלינערווייזע בעשאַפען און ענטדעקען עפּעס אַן אויסנאַהם משונה־ווילד־שפּיציג בערדיל, און איהר ברויכט שוין גאָר ניט צו שפּיעלען, דאָס בערדעל וועט שוין פאַר אייך שפּיעלען... די טיעפסטע פסיכאָלאָגישע מאָמענטען וועט עס פאַר אייך אַרויסברענגען. דערצו פון דער טעכנישער זייט בעדאַרפט איהר זעהן, אַז די באָרד זאָל זיך שאַרף אָבטהיילען פון פּנים מיט אַ שאַרפען ברעג. בכלל דאַרף מען זעהן, אַז יעטווידער פאַרב אויפ'ן פּנים זאָל זיך שאַרף אָבטהיילען און אונטערשיידען פון דער צווייטער. באָרד און וואָנסעס וועלען געוועהנליך צוגעקלעבט מיט קליי אָדער ניכטערען שפּייעכטס. עס איז אויך נויטיג מיטצונעהמען מיט זיך אַביסעלע קליי אין קעשענע בשעת'ן שפּיעלען, מחמת עס טרעפט גאַנץ אָפט אַז די באָרד און וואָנסען פאַלען אַרונטער, דאַן קלעבט מען זיי צו צוריק און מען שפּיעלט ווייטער...

דער שטערען דאַרף שטענדיג זיין געפאַרבט, און ווען איהר ווייסט ניט ביז וואַנען צו פאַרבען, טאָ טהוט זייט מוחל אָן אייער היטעל און פאַרבט פּונקט ביז'ן ברעג פון אייער דאַשעק, נאָכדעם, ווען איהר וועט אייער היטעל אַרונטערנעהמען, וועט עס אייך צוגעבען דעם זיעבעטען חן.

אצונד קומען מיר צו דער גרינגסטער טהייל פון גרים און דאָס איז דער „אויסדרוק". ווען איהר ווילט, למשל, אַז אייער געזיכט זאָל האָבען דעם און דעם געוויסען אויסדרוק אָדער כאַראַקטער, דאַן ערדייכט איהר עס דורך דער זעלבער קונסט פון גרימירען זיך.

צום ביישפּיעל, איהר ווילט שפּיעלען „נתן החכם" און איהר ווילד אויסדריקען חוצפּה און ווילדקייט, דאַן מוזט איהר די וואָנסעס אַרונטערנעהמען; פערקעהרט אָבער, ווען איהר געהט שפּיעלען „יענקעל שאַבשאָוויטש" און איהר ווילט אויסדריקען דענקונגס־

יוסף טונקעל

# וויא זיך צו גרימירען

דאָס וואָרט „גרים“ שטאַמט וואהרשיינליך פון דאָס וואָרט „קרים“; דאָס הייסט, פערקרימען זיך.

די קונסט פון פערקרימען זיך, אָדער, ווי מען רופט עס, גרימירען זיך, צופאַלט אויף צוויי טהייל.

די ערשטע טהייל, און אויך די שווערסטע, בעשטעהט אין פערשמירען דאָס פּנים אַזוי, אַז מען זאָל לחלוטין פערלירען דעם צלם אלהים.

דערצו דיענען פערשיעדענע מיטלען, ווי: סאַזשע, חזיר־שמאַלץ, קויהל, דזשעגעכץ, קאַלך, פּוטער, מעהל א. ז. וו. דיעזע אַלע מאַטעריאַלען ווערען איינציגווייז און אָפּטמאָל טאַקע אַלע צוזאַמען פונאַנדערגעשמירט אויפ׳ן פּנים מיט אַ פלעדערוויש, מיט די פינגער און אין דוחק — מיט׳ן ארבעל...

יעצט קומט די צווייטע העלפט קונסט און דאָס איז: — צו בעשאַפען פון דאָס פערשמירטע פּנים אַ נייעם מין סאָרט געשטאַלט וועלכעס זאָל אַמוזירען דאָס פּובליקום...

די מיטלען דערצו זיינען, ווי געוועהנליך: בערד, וואָנסעס, אַ הויקער, אַ בראָדעווקע, אַ קאַפּאָטע, אַ מונדיר און אַ נאָז. נאַטירליך, אום צו געברויכען דאָס אַלעס, מוז מען האָבען טאַלאַנט און אָריגי־נעלע איינפעלע.

אָט למשל, פיעלע פון אונזערע שוישפּיעלער און כאָריסטען טשעפּען צו וואָנסעס גראַדע פּונקט אויף דער לינקער באַק אונטער׳ן לינקען אויג. ניט אַלע אָבער קענען האָבען אַזעלכע זשעניאַלע איינפעלע...

איינע פון די וויכטיגסטע ראָלען אויף דער אידישער ביהנע שפּיעלט די נאָז. אַ נאָז מוז מען ארויסשטעלען דעם פּובליקום וואָס אַ גרעסערע!...

נעזונטע; די אַנגעשטעלטע געפינען זיך אימער אויף דער פרישער לופט, אומרינגעלט מיט סאָסנאָווע ביימער... מערקווירדיג איז דאָס, וואָס אין יעדער זאַגענאַנטער „הויזען־לאַבאָראַטאָריע" געפינט זיך א מענש וועמעס איינציגע אויפגאבע עס איז ארומצוגעהן און שפריצען „אַ־דע־קאָלאָן" אויף די נעזיכטער פון די ארבייטער.

אין די געוועהנליכע „הויזען־לאַבאָראַטאָריעס" איז די ארבייט איינגעטהיילט אין וואָס מען רופט: „סעקציעס". דאָס ווערט געטהאָן מיט דער אבזיכט, אז די ארבייטער זאָלען חלילה ניט „פאַר־מישאיעט" ווערען, און אויף אזא אופן מאכען א טעות אין דער צוזאַמענשטעלונג פון די בעזונדערע טהיילען, צוליעב וואָס עס וואָלט נאטירליך געקענט ארויסקומען די שרעקליכסטע קאטאסטראָפע וואָס א מענשליכע פאנטאזיע קען זיך פאָרשטעלען.

פאר דעם בעסטען פאך רעכענט זיך דאָס אָנגעהען פון די קנעפּלעך. דאן קומען די „פליי מאכערס" — ד. ה. די וואָס מאכען די „פליים", דאן די „סוירטשערס" — ד. ה. די וואָס „סוירטשען", דאן די „טאפ־קלאפּערס" — ד. ה. די וואָס קלאפען די „טאפּס", דאן די אָפּרייטארס און פינישערינס.

די לעצטע צוויי האָבען נעוועהנליך חתונה איינע מיט די אנדערע, און פון דעם קומען ארוים די „ראָף־ריידערס" מיט וועלכע אמעריקא האָט זיך אזוי בעריהמט געמאכט אין דער שלאכט נעבען סאנטיאגאָ...

געמאכט ווערען די זאָגענאַנטע הויזען מייסטערנטהיילס פון דער בעקאנטער באָמבוז־פלאנצע — וואָס וואקסט אויף די פידזשי־אינזלען... אָבער מאנכעס מאָל ווערען זיי פאבריצירט פון פיינעם „רייז פאפּיער", אָדער פון אירגענד וועלכע אנדערע זאך...

פאראן א גרויסע צוקונפט פאר דעם ראָזיגען פאך אין אמעריקא!



משה נאַדיר

# הויזען

הויזען איז אַן אַרטיקעל, אָהן וועלכען דאָס מאַנסבילטהום קען זיך היינטיגע צייטען ניט בעגעהן. עס בעשטעהט פון צוויי אַזעלכע לייווענטענע רעהרען, אין וועלכע מען שטופּט אריין די פיס און מען לאָזט זיי דאָרטען ביז איבער'ן טאָג. מאַנכע נעהמען זיי זאָגאַר מיט מיט זיך אין בעט. אין די אַמאָליגע, פּרימיטיווע צייטען, ווען די אידישע קולטור האָט נאָך נימ געהאַט פערשפּרייט איהרע דופּ־טענדע צווייגען, פלעגען די אינגלעך טראָגען דעם דאָזיגען בגד מיט אַ שפּאַלט פון הינטען. געטהאָן איז עס געוואָרען מיט אַ שכל: ווענטילאַציע

היינט־צו־טאָג קומט פּאַר אַ געוואַלדיגע, ראַדיקאַלע ענדערונג אין דיעזען פאַך — אַ דאַנק דעם פערלאַנג צו זיין, וואָס מען רופט אין דער פילאָזאָפיע — אַ גאַנצעס, אָהן שפּאַלטונגען...

דיעזע אינדוסטריע, ווי מיר האָבען שוין געדאַרפט האָבען געזאָגט פריהער, איז שטאַרק פערשפּרייט איבער אַלע יענקישע שטעדטלעך און פאַרמס, און אַרבייטען אַרבייטען דערביי אָם מייסטען אויסגעשטודירטע אינזשינערען און שיפס־קאַפּיטענע...

עס איז אַ גוטער פאַך, אָבער ליידער פאָדערט זיך דערצו אַ גרויסע קענטנים און העכערע מאַטהעמאַטיק, אָרניטהאָלאָגיע, קרעטיניזם און אַנדערע „ספעריערע" וויסענשאַפטען. דער לעהר־קורס דויערט אונגעפעהר זעכציג יאָהר מיט אַ חודש.

דער לייכטסטער וועג צו קומען צו דיעזען טרייד, איז צו הרג'ענען אַ מענשען, אָדער הייראַטען מיט אַ רייכער בתולה, אָדער אירגענד וועלכער אַנדער וועג וואָס פיהרט צום ציעל.

עס איז ווערטה אַ קוואָדער צו בעמערקען אַז דער פאַך איז אַ זעהר עדעלער און פעראַנטוואָרטליכער, און בלויז די וואָס זיינען געבענשט פון נאַטור מיט אַלע גייסטיגע פעהיגקייטען — קענען מאַכען אַן ערפאָלג. דערפאַר אָבער איז די אַרבייט אַליין אַ זעהר

וואָס רופט מען אין דער מאָדערנער וויסענשאַפט „דער גרויסער טשוואָק“ ?

דעם נאָרד־פּאָל. און וואָרום ? ווייל אין האַרץ פון דעם זעלבען הערשט אייביגע קעלטען מאָנאָטאָניע.

ווער איז היינט ביי אונז דער „גרויסער איד“ ?

דער וואָס האָט דעם נאָרדפּאָל אין האַרצען און אין וועמעס נשמה עס איז בלויז פאַראַן איין איינציגער טאָן — „איך“.

אמאָל האָט מען געזאָגט : אַלעס איז טשוועקמעסיג אין דער נאַטור, און היינט קען מען זאָגען : אַלעס איז יודענמעסיג אין דעם זאָגענאַנטען „טאַראַראַריזמוס“, וואָס איז ביי אונז געוואָרען די צווייטע נאַטור.

און (דאָ ענדיגען מיר שוין) ווי עס טאַראַראַמעוועט זיך, אַזוי טאַ־עלט עס זיך.

דאַנקע !

פון וואַנען נעהמען זיך טשוועקעס, פון וואַנען נעהמען זיך אידען?

טשוועקעס קומען ניט פון זיך אליין, טשוועקעס וואַקסען ניט, טשוועקעס בליהען ניט, טשוועקעס קעלבען זיך ניט, און פון דעסט־וועגען מעגען מיר זיך ווינשען צו האָבען די גוטע יאהרען מיט אייך אינאיינעם, וויפיעל טשוועקעס עס זיינען דאָ א י ב ר י ג ע...

די זעלבע זאַך מיט אידען.

— וואָס טהוסטו מיט'ן טשוואָק?

— איך געה איהם אַרויסוואַרפען. ער איז אַן איבריגער, מען קען זיך נאָך פערטשעפּען אָן איהם.

— וואָס טהוסטו מיט דיין אידען?

— איך געה איהם אַרויסשיקען. עפּעס איז ער מיר צו שפּיציג.

א טשוואָק, מיינע העררען, דאַרף האָבען א קאָפּ, אז ניט איז ער קיין טשוואָק ניט.

א איד מוז האָבען א קאָפּ, אז ניט האָט ער ניט מיט וואָס צו ליעגען אין דר'ערד און גראָבען פּעטרישקע.

יעדער טשוואָק קריעגט אזא קלאַפּ ווי ער פערדיענט.

יעדער איד קריגט אזא קלאַפּ ווי אַן אנדערער פערדיענט, און ס'רוב נאָך א פּ י ע ל ב ע ס ע ר ע ן...

וואָס געהער זיך אָן איין טשוואָק מיט'ן צווייטען? גאָר ניט מיט גאָר ניט. דיך קלאַפּט מען — זאָל מען קלאַפּען. צו וואָס רען ביזטו א טשוואָק?

די זעלבע זאַך, מיינע העררען, איז מיט אידען.

וועלכע טשוועקעס ווערען אַם מייסטען געזוכט?

די מיט פלאַכע קעפּלעך, אָדער מיט געגילדעטע. מיט די לעצטע בעשלאָגט מען דאָס זיץ־פּלאַץ פון א ביינקעל, ווערהענד מיט די ערשטע בענוצט מען זיך דאָרטען וואו מען האָט מורא אז א טשוואָק מיט א קאָפּ וועט ברענגען א „שפּאַלטונג"...

און די זעלבע זאַך מיט אידען.

טשוועקעס טהיילען זיך אין זעקס סאָרטען: גרויסע, מיטעל־מעסיגע, קליינע, קלייניגקע, פּיטשינקע און פּיטשינאַטקעלעך...

אידען — אויך דאָס זעלבע.

משה נאַדיר

# טשוועקעס און זייער שייכות צום יודענטהום

איידער אונזער געדאַנקענצוג הויבט זיך אָן צו בעוועגען מיט זיין געוועהנליכער שנעלקייט פון 33 מייל א שטונדע, און איידער עס נעהמען, בדרך משל, ארויסשיסען פון אונזער גייסטיגען קוימען די קנוילען רויך און פונקען, ווילען מיר אייך אויפמערקזאם מאכען אויף א זאך, וואָס איז בעקאַנט אין דער מאַטעמאַטיק אלס „אקסיאָם".

וואָס איז אַן אקסיאָם?

מיר דענקען, אַז מיר קענען עס אַם בעסטען אילוסטרירען דורך א משל.

ווען איהר וואוינט, צום ביישפיעל, אין סאָפאָלק סטריט, און ארבייטען ארבייט איהר דער רוח ווייסט וואו — ווען איהר, אום צו קומען אין שאָפּ, מוזען ענטוועדער געהן צופוס אָדער פאָהרען — דאָס איז אַן אקסיאָם.

און איצט, אַז מיר ווייסען שוין וואָס אַן אקסיאָם איז, ווילען מיר אייך זאָגען, אז דער שייכות פון טשוועקעס צום יודענטהום, איז אַן אקסיאָם פון ריינסטען סאָרט.

וואָס זיינען טשוועקעס און וואָס זיינען אידען?

טשוועקעס זיינען ניט קיין גאָלד, ניט קיין זילבער, ניט קיין גלאָז, ניט קיין האָלץ — נור טשעוועקעס. די זעלבע זאך מיט אידען.

אידען זיינען ניט קיין פאָלק, ניט קיין נאַציע, ניט קיין מאַסע, ניט קיין ראַסע, ניט קיין קלאַסע, ניט קיין טערקען, ניט קיין טאָטערען — נור אידען.

צו וואָס דאַרף מען טשוועקעס, צו וואָס דאַרף מען אידען?

טשוועקעס דאַרף מען צום צוזאַמענהאַלטען האָלץ מיט האָלץ, קלאָץ מיט קלאָץ און ביידעס מיט פאָליצע.

די זעלבע זאך מיט אידען.

חוזק'ס אייניקעל

# ווי צו כאַפּען אַ היטעל

ווען איהר געהט אין גאַס און דער ווינד כאַפּט אַרונטער פון אייער קאָפּ דאָס היטעל און נעהמט עס אויסקייקלען אין בלאָטע, ווערט ניט אין כעס, בורטשעט ניט, לויפט עס גלייך כאַפּען.

נאָכלויפענדיג, זאָלט איהר זעהן ניט אַריבערצולויפען דאָס היטעל, ווייל אָפּט פּאַסירט, אַז דאָס היטעל בלייבט הינטער־שטעליג, בשעת איהר פליהט ווי אַ משוגענער פאָראויס.

און ווען דאָס היטעל קייקעלט זיך אין מיטען גאַס צווישען די קאַר־טרעקס, לויפט גלייך מיט די טרעקס; ווען איהר זעהט, אַז אַ קאַר קומט אָן — שרעקט זיך ניט; די רעדער פון קאַר וועלען סיי־ווי אַריבערפאָהרען אייער היטעל... אויב די קאַר טהוט דאָס ניט, נעהמט זיך ניט צום הארצען און לויפט ווייטער נאָך, ביז אַ מילך־וואָגען וועט אָנקומען און וועט טהון דאָס, וואָס די קאַר האָט נ י ט געטהאָן...

און ווען אייער היטעל דרעהט זיך אַרויס פון די רעדער פון מילך־וואָגען, זאָלט איהר אַלץ דעם קוראַזש ניט פערליערען און ווייטער נאָכיאָגען דאָס היטעל, ביז עס וועט אָנקומען מיט רעש און געפּילדער אַ פייער־אינדזשין, אַ שווערער, לאַנגער וואָגען און איהר וועט צוקוקען מיט אייערע אייגענע אויגען, ווי די גרויסע, שווערע רעדער פון אינדזשין קנעטען איין אייער היטעל אין בלאָטע... דאַן לויפט באַלד צו, הויבט עס שנעל אויף, ווישט עס אַרום מיט די אַרבעל פון אייער נייעם אויבעררּאָק, טהוט עס אָן צוריק, קוקט זיך ניט אום, כדי ניט צו זעהען, ווי מענשען לאַכען פון אייך, און מיט אַ פרעהליכען שמייכעל אויף די ליפּען געהט זיך אייער וועג ביז — איהר וועט דערזעהן אַ העט סטאָר. דאָ געהט אַריין און קויפט זיך אַ נייעם הוט...

אייער קאַפּעלוש ליגנענדיג דוקא מיט'ן „מויל" אַרויף — לאָזט איהם ניט ליעגען, הויבט איהם אויף מיט צוויי פינגער און בעקוקט איהם מיט'ן רעכטען אויג. מיט'ן לינקען — קוקט גאָר ניט. ס'איז אומזיסט! סיי־ווי־סיי איז דאָס אויג פעסט פערקלעבט מיט בלאָטע...



# ווי אויסצוגליטשען זיך

ווען איהר געהט אין גאס און איהר ווילט ניט אנדערש ווי אויסגליטשען זיך, טראכט ניט פיעל, בעראטה זיך מיט קיינעם ניט, נור געהט גלייך ביז איהר קומט אין אזא פלאץ, וואו די בלאטע איז טיעף און שיטער...

דאן מאכט ניט קיין גרויסע שהיות — גיט זיך באלד א שטרעק אויס אין דער בלאטע ווי א לאקס!...

אויב איהר קענט אויספיהרען פאלען מיט׳ן פנים אראב, איז אודאי גוט, ס׳קוקט אויס שעהנער... אויב ניט — מאכט אויך ניט אויס... איהר מעגט פאלען מיט׳ז פלייצע אראב... בעסער ווי גאר ניט!

עס פערשטעהט זיך, אז אין דעם טאג, ווען איהר דענקט זיך אויסצוגליטשען, מוזט איהר זיך אנטהון שעהן, אויב א נייעם אנצוג איז נאך בעסער. אויב איהר האט ניט קיין נייעם אנצוג, איז כאטש א נייעם אויבערראק...

בשעת איהר ליעגט שוין און איהר ווייקט זיך אין דער בלאטע און איהר כאפט זיך אז איהר זייט נאך ניט אין גאנצען אויסגעשמירט מיט׳ן ערשטען פאל — זארגט זיך ניט: אויפהויבענדיג זיך וועט איהר זיך אויפ׳ס ניי אויסגליטשען און דעמאלט וועט איהר שוין דערקאנטשען דאס איבריגע...

עס איז זעלבסטפערשטענדליך, אז זייטיגע פארבייגעהער וועלען זיך אבשטעלען און זיך קאטשען פון געלעכטער, מאכט זיך פון זיי קיין צימעס ניט און לאכט אויך מיט זיי... זייט א ספארט!...

דאן דארפט איהר זיך אנשפארען אויףביידע הענד און זיך לאנגזאם, לאנגזאם אויפהויבען...

ווען איהר שטעהט שוין צוריק אויף אייערע פיס, גיט באלד א קוק וואו איהר זייט געלעגען, וועט איהר דארט גאר ניט דערזעהן, אויסער א זאך, וואס וועט זיין מעהר אדער ווייניגער עהנליך צו

אויג, דער ערשטער קרבן. ביים ערשטען טרייסעל גליטשט זיך זיין פוס ארונטער פון אייער היהנער־אויג און טאַקע פון דער קאַר אויך. דאָ אָבער קען ערשט טרעפען דאָס ערגסטע: אזוי ווי איהר זייט די גאַנצע צייט געווען ביי איהם אין האַנד — שלעפּט ער אייך מיט און איהר בלייבט ביידע ליעגען אויף די רעלסען. אָבער אויך איצט איז אייער לאַגע בעסער ווי זיינע, ווייל לויט אַלע וואַהרשיינליכ־קייטען דאַרפט איהר ליעגען אויף איהם. פון דעסטוועגען לאַנג ליעגען אויף די טרעקס איז ניט ראַטהזאַם, די קאַר וועט אויף אייך ניט וואַרטען, איהר מוזט איהר קעטשען, רייסט זיך אַרויס פון זיינע הענד און לאָזט זיך גלייך לויפען נאָך איהר.

ווי געזאָגט אויבען, איז נאָכלויפען אַ קאַר אַ גוטער עקסערסייז. קענט איהר קעטשען די קאַר איז אודאי גוט, אויב ניט, געהט שוין צו די פּאַר בלאָקס און איהר זייט אין דער היים.



האַנד גיט זיך אַ כאַפּ אָן אַן הענטעל פון קאַר. אויב דאָס הענטעל איז פערנומען, דאַן כאַפּט אָן די האַנד וואָס האַלט דאָס הענטעל. מענשען זיינען אומעטום מענשען, אפילו אין קאַר. מען וועט אייך ניט לאָזען פאַלען. געוועהר מיינד, עס וועלען זיך געפינען אַ פּאָר פריינדליכע הענד, וואָס וועלען אייך אונטערכאַפּען.

איצט, אז איהר שטעהט שוין מיט איין פוס אויפ'ן קאַר, אונ־טערגעהאַלטען פון פריינדליכע הענד, איז שוין אייער לאַגע, נאָך אַלעמען, גאָר ניט אַזוי שלעכט. איצט וואַרט אָב אויף אַ פּאַסענדע געלעגענהייט אַרויפצוכאַפּען דעם צווייטען פוס. און אַזעלכע געלעגענהייטען מאַכען זיך גענוג.

אָבפּאַהרענדיג זיך אַזוי אויף איין פוס עטליכע בלאָק, קען פּאַסירען אָט וואָס: אַ איד, אויך אַ פרישער, אַן אויסגערוהטער פון וואַרטען אויף אַ קאַר, גיט אַ שפּרונג אַרויף גלייך אויף אייער פוס (דאָס הייסט, נאַטירליך, אויף דעם פוס, וואָס פאָהרט), און מיט אַ האַנד גיט ער אייך אַ פּאַק ביי אַ לאַץ. אַמאָל ווערט אייער לאַגע דאַדורך פערבעסערט: ערשטענס זייט איהר איצט מיט דעם פוס, וואָס פאָהרט שוין, זיכערער ווי פריהער (ווייל דער נייער פּאַסאַזשיר האַלט איהם צו), און צווייטענס, האָט איהר איצט אַ גוטע געלעגענ־הייט אַרויפצוכאַפּען דעם צווייטען פוס. עס קען אָבער אויך פּאַסי־רען, אַז איהר האָט גראָד אויף דעם פוס, וואָס פאָהרט, אַ היהנער־אויג, דאַן איז אייער לאַגע שוין ניט גאַנץ אַנגענעהם, און עס קען פיהרען צו אַ פערצווייפעלטען קאַמפּף מיט זעהר טראַגישע רעזולטאַטען.

עס איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז אַזוי פאָהרען ווייטער קענט איהר ניט. איינער פון אייך מ ו ז אַרונטער. יעדענפאַלס איז אייך בעסער פון איהם: איהר ווערט דאָ אָנגעהאַלטען פון פריינד־ליכע הענד, וועהרענד ער האַלט זיך בלויז אָן אייער לאַץ. דער חסרון איז נור וואָס איהר האָט אַ היהנער־אויג. איהר מוזט אַלזאָ איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַרויסראַטעווען אייער פוס. צו דעם איז דאָ נור איין מיטעל: וואַרט אָב ביז די קאַר קירעוועט זיך אַריין אין אַ זייטיגער גאַס און טרייסעלט אויף און מישט אויס די פּאַסאַזשי־רען, דעמאָלט, נאַטירליך, איז דער מאַן וואָס פרעסט אייער היהנער־

# ווי צו כאַפּען א קאַר

אויב איהר דאַרפט ערגעץ פאָהרען און קומען שנעל צום בעשטימטען פּלאַץ, געהט צו א קאָרנער וואו עס געהט א קאַר, און וואַרט.

אין א 40 מינוט ארום, אויב עס וועט אָנקומען א קאַר, טהוט א מאַך מיט דער האַנד, וועט דער מאָטאָרמאַן סטאָפּען. עס פּאַסירט אמאָל נאַטירליך, אז דער מאָטאָרמאַן בעמערקט אייך ניט און לויפט פאַרביי. דאַן זאָלט איהר זיך ניט פוילען און נאָכלויפען. ס'איז א גוטער עקסערסייז.

ווען איהר לויפט אָב א פּאָר בלאָק, און איהר פיהלט, אז דער אָטהעם ווערט אייך צו קורץ, און די קאַר איז שוין צו ווייט — דאַן געהט צו צום קאָרנער און וואַרט אויף א צווייטע קאַר. א כלל זאָלט איהר האָבען: נור ניט גענאַנגען צוריק!

ווען די צווייטע קאַר קומט אָן, דוקא א לעדיגע, טהוט ווידער א מאַך מיט'ן האַנד, און שטעלט זיך אזוי נאָהענט צו די טרעקס ווי נור מעגליך. דאָס מאָל איז קיין פראַגע ניט, אז דער קאָנדוקטאָר וועט אייך בעמערקען. אי וואָס ער פליהט דורך ווי א טייפעל און לאָזט אייך פון הינטען נאָכלויפען, איז דאָס א בעוויז, אז איהר זייט ניט געשטאַנען אויפ'ן ריכטיגען קאָרנער. נור, ווי געזאָגט, צוריק זאָלט איהר ניט געהן. א כלל — איז א כלל!

איצט פערגעסט וואָס עס איז געווען, און וואַרט ווייטער. אָבוואַרטענדיג אזוי א 52 מינוט, וועט איהר פון דערווייטענס זעהען אָנקומען א קאַר. ווען זי וועט קומען נאָהענט צו אייך, וועט איהר בעמערקען, ווי מענשען הענגען אויף פּעטליעס, שטעהען אויף די פּלאַטפאָרמעס, אויף די טרעפּ, האַלטען זיך אָן אָן דעכעל א. ז. וו. אַן אויסגערוהטער, א פרישער זאָלט איהר זיך גלייך א לאָז טהון אויף דער קאַר. דאָס מאָל זאָלט איהר שוין ניט וואַרטען ביז זי וועט סטאָפּען. כאַפּט זיך אַרויף דערווייל מיט איין פוס און מיט א

יצחק בן־מאיר

# דער קוש

א קוש איז אַלט ווי די קולטור־געשיכטע. אדם הראשון האָט זיך נאָך געקושט מיט חוה׳קען אין גן־עדן (וואָרום ווי לעגט זיך דאָס אויפ׳ן שכל זיצען אין אזא פּארק און זיך ניט קושען?). יעקב איז געווען דער ערשטער וואָס האָט א קוש געטהאָן א מיידעל און ס׳איז פערצייכענט געוואָרען אין דער ביבעל.

שלמה המלך איז שוין געווען ערפאהרען אין דער מלאכה. אלס גרויסער פּאָעט האָט ער דעם קוש פעראייביגט מיט זיין בעריהמטען „ישקני״...

גרויסע געלעהרטע בעווייזען, אז זינט עס איז ענטשטאַנען דער פּוידער און שמינק האָבען זיך מענשען אויסגעלערנט קושען אין די פּיסקלעך...

קארל מארקס האָט דעם קוש וויסענשאפטליך בעגרינדעט און אָנגעוויזען זיין עקאָנאָמיש־סאָציאַלע לאגע. א קוש, ווי אַלע פּראָ־דוקטען פון מארק, ווערט געשאצט אין געלד.

וואָס מעהר געלד א מאן פערדיענט — אַלץ מעהר איז ער בערעכטיגט צו קריגען דיעזען טהייער־פערקויפטען ארטיקעל. נור ניט־מארקסיסטישע פרויען קושען זיך גלאַט אין דער וועלט אריין.

די גרעסטע ליעבהאבער פון קושען זיינען די פּאָעטען — ווייל זיי זיינען אויך די גרעסטע קבצנים...

קושען קושט מען זיך איבעראַל, אין אַלע פּלעצער און צו אַלע צייטען:

אויפ׳ן סטופּ, אין פראָנט־רום, ביים פענסטער, אין קיך, ביים אויוועו, אין פּארק, אויפ׳ן רוף, אין טהעאטער צווישען די אקטען, אין קאר, אין קאָורט און אויך אויף עלים איילענד.

צייט — ווען מען כאפּט אריין.

א צווייטער טענה'ט, אז די נאָז איז בעשאפען געוואָרען בלויז צו שמעקען טאבאק...

א דריטער מאכט געוואלדען, אז די נאָז איז אונז געגעבען, כדי מען זאָל זי איבעראָל ארײנשטעקען.

א פיערטער טענה'ט ווידער, אז די נאָז איז אונז געגעבען געוואָרען, כדי צו האָבען אין איהר פליעגען... און נאָך און נאָך.

מיר אָבער זיינען מיט זיי אַלע ניט איינשטימיג. מיר האלטען, אז די נאָז איז נאָר בעשאפען געוואָרען כדי עס זאָל זיין פאר וואָס צו פיהרען!...

אז אונזער טהעאָריע איז די ריכטיגסטע בעווייזט אם בעסטען טאקע די אידישע נאָז אליין. וועלכעס פאָלק קען מען אזוי פיהרען פאר דער נאָז ווי דאָס אידישע?... און וועמעס נאָז איז אזוי ענט־וויקעלט און אזוי גרויס ווי די אידישע? דאָס צייגט דייטליך ווי פיהרען און נאָז געהען האנד אין האנד... דער איד האָט א גרויסע נאָז, פיהרט מען איהם כסדר פאר איהר!...

טו וואָס־זשע קענען מיר פון דעם לערנען?

אבי נעזער — קיין פיהרער וועלען שוין זיכער ניט אויספעהלען!...



י. פינקעלשטיין

# די נאָז

מיט יאָהרען און יאָהרען צוריק, גלייך נאָך דעם ווי עס איז ערשיענען דארווין'ס בעריהמטער בוך איבער די אָבשטאַמונג פון די מינים — איז אַ גרויסער אידישער וויסענשאַפטסמאַן ארויס מיט אַן ארטיקעל אין אַ אידישער צייטונג, וואו ער האָט דייטליך בעווייזען אַז... אַלע מענשען האָבען נעזער. ער האָט דאַן שוין אויך אָנגעצייגט דעם פאַקט, אַז ניט אַלע נעזער זיינען גלייך, אַז עס זיינען דאָ קורצע נעזער, לאַנגע נעזער, קרומע נעזער, שפּיציגע נעזער און פעררריסענע נעזער.

אַ ביסעל שפּעטער האָט אַ בעוואוסטער אידישער עגיפּטאָלאָג ענטדעקט אַ שטיין אין בראַנזוויל, אויף וועלכען עס איז געווען אויסגעקריצט מיט היעראָגליפען די פאָלגענדע אינטערעסאַנטע געשיכטע:

ווען די מענשען זיינען נאָך אויף אַלע פיער געקראָכען און האָבען אין די וועלדער אונטער געדיכטע צווייגען געלעבט, איז די נאָז ביי זיי געשטאַנען מיט די לעכלעך ארויף... זיי האָבען אָבער פראָגרעסירט: זיי זיינען פון וואַלד ארויס, האָבען זיך אויסגעגלייכט, פעררריסען די נעזער און, ניט האָבענדיג נאָך קיינע רעגענשירמס, האָט עס זיי כסדר אריינגערעגענט אין די נעזער... ענדליך האָט די נאַטור זיי איבערגעדרעהט די נעזער און די מענשהייט איז גענעזען געוואָרען.

דאָס זיינען אַלץ היסטאָרישע פאַקטען,

אָבער וואָס איז די נאָז? וועלכע פונקציאָנען האָט זי? צו וואָס דאַרף מען זי?

אויף דעם זיינען פאַראַן חילוקי דעות.

איינער וויל האָבען, אַז די נאָז איז ענטשטאַנען כדי מען זאָל קריגען דעם „קאַטער" און פאַנפען...

און דיעזע פונקציעס וועלען מיר סאָרטירען און קלאַסיפיצירען אַט אזוי:

1) די פסיכיש־סאָציאַל־עמאָציאָנעלע.
2) סאָציאַלע פסיכאָ־אינטעלעקטועלע.
3) די אינטעלעקטועל־געפיהלס־סאָציאַלע און
4) געפיהלס־עמאָציאָנעל־אינדיווידועלע.

און דאָס ווילען מיר איהר זאָלט גוט איינ׳חזר׳ן און געדענקען.

נ. ב. — געוועהנליך האָט מען צו אונז טענות, אז מען פערשטעהט אונז ניט. מיר האָבען זיך דארום אָנגעשטרענגט צו מאכען דיעזען ארטיקעל פערשטענדליך. טאָמער אָבער וועלען זיין אזעלכע, וואָס וועלען אונז נאָך אַלץ ניט פערשטעהען, וועלען זיי זיין ענטוועדער פסיכאָפּאטען אָדער אנדרוגנוס׳ען, מענשען קאטאָרי וואָס האָבען ניט קיין אינטעליגענטנע, נאאוטשנע אינטעלעקטען אום צו בעגרייפען דעם סאמע עסענץ פון די עלעמענטארסטע מעטאָדען פון דער אינדוקטיווער פאָרשונג.



אשר פּאַמפּע

# אנאַרכיזמוס־קאָמוניזמוס

קען דער אַנאַרכיזם־קאָמוניזם פילאָזאָפיש־וויסענשאַפטליך בע־גרינדעט ווערען ? — אַ שאלה אַביסעל ! כ'האָב שוין, דאַכט זיך, אודאי 777 מאָל אָנגעציינט, אַז עס איז אַזוי לייכט, ווי אויפצועסען אַ לאַטקע.

וואָס עס פאָדערט זיך פונ'ם פאָרשער, וואָס וויל וויסענשאַפט־ליך בעגרינדען דעם אַנאַרכיזם־קאָמוניזם, איז גאַנץ קלאָר. ער מוז איינערזייטס אויספאָרשען די דינאַמישע כחות וואָס רופען אַרויס די סוביעקטיווע שטרעבונגען פון דעם אינדיווידואום אין דער געזעל־שאַפט, צווייטער זייטס — די סטאַטישע כחות, וואָס וואַרפען די אָביעקטיווע שטרעמונגען פון דער געזעלשאַפט אויפ'ן אינדיווידואום.

וואָס זיינען אָבער די עלעמענטען, וואָס קאָמבינירען די ספּע־ציפישע קאָמבינאַציעס אום אַרויסצורופען דעם סאָציאַל־געזעל־שאַפטליכען לעבען ? אויף דיעזע פראַגע דאַרף מען געבען אַ קלאָרע תשובה. און אום די תשובה זאָל זיין וואָס קלערער, וואָלטען מיר זיך, על פּי יושר, בעדאַרפט אָוועקלאָזען העט אַזש צום פּ ר אָ ט אָ־פּ ל אַ ז ם, דאָס וואָלט שוין אָבער זיין צו ווייט פערקראָכען, און מיר וועלען זיך בלויז אָבשטעלען ביי דער אַ מ י ה ב אַ, וואָס ווערט בעאיינפלוסט פון גראַוויטאַציאָנס־געזעץ מיט די שפּורען פון די סטאַטישע און דינאַמישע קרעפטען פון דער גאַנצער אָרגאַנישער און אונאָרגאַנישער פאָרם פון עוואָלוציאָן און רעוואָלוציאָן וואָס פיהרט דירעקט צום אַנאַרכיזם־קאָמוניזם.

וואָס־זשע איז אייגענטליך אין גאַנצען דער אינדיווידואום ?— אַ לעבעדיגע בעשעפעניש מיט פיזישע, פּסיכישע, מאָראַלישע, פּהי־לאָזשעניטישע, עמאָציאָנעל־אינטעלעקטועלע און אינטעלעקטועל־עמאָציאָנעלע כחות, וואָס העלפען מיט זייערע פונקציעס דאָס צו־זאַמענלעבען אויפ'ן ביאָלאָגישען און סאָציאָלאָגישען געביעט.

אז אייער אידענע נעהמט אייך אמאָל אָן ביי די לאַצען און הויבט אייך אָן אויסצורעכענען וואָס אין דער קאָרט שטעהט — דאָס איז ב א ל א ד ע.

אז איהר בלייבט סלעק־צייט אָהן א פעני ביי דער נשמה און איהר דענקט אז איהר וועט שוין ווערען קליגער און צום נעקסטען סלעק וועט שוין זיין עפּעס אָבגעשפּאָרט — דאָס איז מעהר ניט ווי פ א נ ט א ז י ע.

אז אייער מיסטער גיט אייך א פּאָהר אריין אין צורה און אייער הוט מאכט גלייך א לופט־רייזע דורכ'ן פענסטער — דאָס איז ר י י ז ע ־ ב ע ש ר י י ב ו נ ג.

אז צוויי מארק־ווייבער מאכען זיך איינע דער צווייטער ליסע קעפּ און בשעת מעשה ווארפען זיי ארוים פון די קברים די טאטעם מיט די זיידעס ביז אברהם אבינו — דאָס איז ק ר י ט י ק.



# וואָס איז קונסט?

### 1.

## דראַמאַ און איהרע יוצר משרתים.

אַז די מיסעס געהט אַריין צום קעסטניק אין צימער בעטען אַ שוועבעלע (צום ביישפּיעל) און אין מיטען קומט אָן דער מאַן — דאָס איז אַ דראַמאַ.

אַז אייער אידענע פּלאָנטערט זיך איין אין אייער באָרד אַזוי, אַז מען מוז ענטוועדער איהר אויסברעכען די פינגער אָדער אייך אָבשערען די באָרד — דאָס איז קאָמעדיע.

אַז אייער אידענע גנב'עט ביי אייך צו נאָך סאַפּער דעם סוט מיט דעם הוט, זעצט זיך אַוועק און רעכענט אייך אויס איהרע חובות — דאָס איז טראַגי־קאָמעדיע.

אַז איהר דאַרפט מאָרגען צאָהלען רענט און היינט זאָגט אייך אייער מיסעס, אַז זי וויל מיט אייך געהן צו אַ קאָנצערט — דאָס איז טראַגעדיע.

אַז דער באָרדער בענאַרישט זיך אַמאָל, אַזוי אַז ער האָט צו זינגען און צו זאָגען — דאָס איז אָפּערא.

### 2.

## בעלעסטריסטיק מיט איהרע פליטערלעך.

אַז דער באָס זאָגט אייך נאָר אָהן אונטערפּיסלעך: זייט מוחל, איהר זיינט ענטלאַסען — דאָס איז פּראָזאַ.

אַז איהר כאַפּט זיך ווען צום פּאַקעט און איהר זעהט זיך אַרום אַז דאָרט איז גראָם — דאָס איז פּאָעזיע.

אַז איינער פאָהרט דעם צווייטען אריין אין צורה אריין — דאָס האָט ער איהם געגעבען אַ לעקציע אין פ י ז י ק ע.

אַז מען שרייבט איידָ אַמאָל אָן אַ צייטונגס־אַרטיקעל, פון וועלכען עס שמעקט איידָ מיט כל הריחות — ד אָ ס א י ז כ ע מ י ע.

אַז מען לענט ווען אַוועק אויפ׳ן רעדאַקציאָנס־טיש אַ פּאָעם און אַ קריטיקער אַ שוסטער שינדט איהם אָב די הויט — ד אָ ס א י ז אַ נ אַ ט אָ מ י ע.



פינטשע

# וואס איז וויסענשאפט?

ווען איהר געהט אמאל אין גאס און איהר הערט, ווי צוויי רעדען און איינער זאגט: איך האב געגענעצט אויף א רעדנער'ס לעקטשור; און דער צווייטער: ווען דער רעדנער האט געלעקטשורט, האב איך געגענעצט — ד א ס  א י ז  ג ר א מ א ט י ק.

אז א אידישער רעדאקטאר שרייבט אייך אן א לייט־ארטיקעל — דאס לערנט ער זיך מאכען קאמפאזישאנס („סאטשינעניעס", בלע"ז).

אז מען דערצעהלט אייך אמאל, אז דארט, וואו מען רייסט ביים עולם סענטען איז איסט בראדוויי און דארט, וואו מען רייסט די פאלעם איז העסטער סטריט — ד א ס  א י ז  ג ע א ג ר א פ י ע.

אז מען דערצעהלט אייך אין טעגליכע צייטונגען מעשיות ווי וועלף האדעווען קינדער — דאס איז א  ה י ס ט א ר י ע  מ מ ש.

אז מען נעהמט אראב א האנד און מען לעגט צו א קוליע — ד א ס  א י ז  א ר י פ מ ע ט י ק.

אז אויפ'ן פאפיער רעכענט מען אייך אן, אין געלד, און אז עס קומט צו געבען איז... לא מיט א לאנגע כף — ד א ס  א י ז  א ל ג ע ב ר א.

אז איהר געהט זוכען א נייע וואהנונג און אייער בעל הבית גיט אייך א מעסט אב פון קאפ ביז די פיס — ד א ס  א י ז  ג ע א־מ ע ט ר י ע.

אז צייטונגען און צייטונגלעך שפראצען אייך ארוים אלע טאג, ווי שוועמלעך נאך א רעגען — ד א ס  א י ז  ב א ט א נ י ק.

אז ביי א באנקעט קומען זיך אמאל צונויף א וואלף מיט א שעפס, א קאץ מיט א מויז און נאך אזעלכע בעשעפענישען — ד א ס  א י ז  ז א א ל א ג י ע.

אז איהר ליעגט ביי אייער אידענע אכטצעהן איילען אין דר'ערד — ד א ס  א י ז  א ר כ ע א ל א ג י ע.

אָבער ער האָט אויסגעצייכנט פערשטאַנען זיין געשעפט און האָט באַלד גענעבען חוה'ן פערזוכען פונ'ם עץ־הדעת.

אדם האָט פון קיין זאַך ניט געוואוסט. אבער א וועלט שלאָפט ניט. און נאָט'ס שטימע האָט זיך ארויסגעלאָזט איבער'ן גן־עדן און האָט געשריען: „אדם, וואו ביזטו ערגעץ אין דער וועלט?"

אדם האָט אויפגעוואכט ווי פון א זיסען חלום און מיט כעס האָט ער באַלד געכאפט נאָדעל־פאָדים און האָט בערעקט חוה'ן מיט 17 הינטער־קליידלעך, 5 אויבערשטע, א קאָרסעט, האָט מוחל געווען דעם שלאנג דעם גן־עדן און איז אנטלאָפען מיט חוה'ן וואו דער שווארצער פעפער וואקסט.

אדם איז אוועק און האָט געקויפט א פארם ניט ווייט פון גן־עדן, האָט נעדונגען פוילישע גוים, זיי זאָלען די פארם בעארביי־טען, און ער האָט געקוקט ווי זיי ארבייטען, און האָט געשוויצט.

חוה איז אויך ניט געזעסען לעדיג. זי האָט זיך געקריגט מיט אדם'ען, האָט אויסגעריסען די קינדער שטיקער פלייש, פארוואָס זיי קריכען אויף די פלויטען, האָט יעדען טאָג צוגענומען א נייע דיענסט און איז ארומגעלאָפען אין די קראָמען נאָך מציאות.

און ווען קין האָט דער'הרג'עט הבל'ען, האָט זי זיך אויפ־גענעהמט א שעהן טרויער־קלייד פון שווארצען קרעפ און האָט שטונדען־לאנג שפאציערט ארום גן־עדן, כדי די שלאנג זאָל זעהן ווי עס פאסט איהר „טרויער".

ניין־הונדערט יאהר האָבען אזוי אָבגעלעבט אדם מיט חוה'ן

דאָס טרויערינסטע אין זייער לעבען איז געווען זייער לויה. אזוי ווי אלע מענשען אויף דער וועלט זיינען געווען זייערע קינדער און אייניקלעך, זיינען זיי געווען שטארק פערנומען ביים טהיילען זיך מיט דער ירושה און קיינער האָט קיין צייט ניט געהאט צו געהן צו דער לויה.

א שטילע לויה געווען.



און מרדכי איז ניט געפאָהרען רייטענדיג. אַט וועט אייך טאַקע אַזאַ בכבוד'ער בעל הבית ווי מרדכי זיך צולויפען און אַרויפקריכען אויף אַ שקאַפע און לאָזען זיך פיהרען איבער דער שטאָדט. פע, חלשות!

זעהט איהר, וואָס עס איז יאָ אמת, איז, אַז המן האָט געכאַפּט די בעריהמטע פינסטערע מפלה מיט'ן טאָפּ איבער'ן קאָפּ פון זיין בעסערער העלפט זרש. אָבער דאָס האָט שוין ניט צו טהון מיט די אידען. דאָס איז גלאַט און פשוט, אַ ריינע פאַמיליען־אַנגעלעגענהייט.

---

## אדם און חוה.

עס איז געווען פריהלינג אין גן־עדן. די שכינה האָט געלויכ־טען, די מלאכים האָבען געזונגען. אָבער אדם'ען איז געווען אומעטיג. לכבוד בריאת העולם זייַנען קיין צייטונגען ניט אַרויס, אַלע קאַפעס און שענקען זייַנען געווען פערמאַכט און די מלאכים זייַנען געווען אַזוי פערנומען זינגענדיג שירות ותשבחות צום בורא העולם, אַז זיי האָבען ניט געקענט אָברייסען קיין איין־איינציגע מינוט פאַר אַ קערטעל.

אדם'ען איז געווען אַזוי אומעטיג, אַז ער איז ממש גרייט געווען זיך אויפצוהענגען אויף... חוה'ס האַלז. ליידער איז חוה נאָך ניט געבאָרען געוואָרען. ערשט אויפ'ן צווייטען פריהמאָרגען האָט זיך אדם געכאַפּט, אַז עס פעהלט איהם אַ ריפּ, האָט ער זיך אָבגעגאָלט, האָט אַריינגעשטעקט אַ זיידען טיכעלע אין דער אויבער־שטער קעשענע פון זיין פריש־אויסגעפּרעסטען פרינץ־אַלבערט און איז אַוועק זיך ערקלערען חוה'ן אין ליעבע.

און — די ערשטע זינד איז בעגאַנגען געוואָרען. צו קיין עפענטליכען סקאַנדאַל איז עס אָבער ניט געקומען. אדם האָט באַלד גענומען צימערען, האָט געקראָגען אַלס פּרעזענטען אַ ביסעל מעבעל און האָט אַריינגענומען אַ קעסטניק — די שלאַנג.

דאָס איז געווען דער ערשטער „באָרדער" אויף דער וועלט,

און המנ׳ען, מיינט איהר, האָט מען טאַקע אויפגעהאנגען? זאָל אונז שוין אזוי דער קאָפּ ניט דארען!

די געשיכטע איז אַזוי געווען: א דעפּוטאַציע פון דער פּרס ומדי׳ער „פּעראיין ניוס פּייפּערס אַסאָסיאיישען פון שושן הבירה“ איז געפאָהרען צו אחשורש׳ן בעטען, אז המן, וועלכער איז געווען א בעאַמטער אויף עלים איילענד, זאָל אביסעל ווייכער ווערען. און אחשורש האָט די דעפּוטאַציע אויפגענומען און האָט איהר געזאָגט, אז המן איז פּונקט אזוי אידען־פריינדליך ווי וויליאַמס. און די דעפּוטאַציע איז געפאָהרען אהיים והעיר שושן צהלה ושמחה. און מען האָט געמאַכט א מיטינג אין עדיוקיישאָנאל עלייענס און מען האָט איינגעלאַדען המנ׳ען און מרדכי, וועלכער איז געווען א שני בשלישי צו אונזער יעקב שיף, האָט געהייסען דעם עולם זיך אויפ־שטעלען און גראַגערען לכבוד איהם. און דער עולם האָט בע־גייסטערט גענראַגערט און גראַגערט נאָך עד היום הזה. יעס, סער!

און קיין אידישער פּאָגראָם אויף גוים איז אויך ניט געווען

ערשטענס האָבען די אידען די בעסטע פּעטש, וואָס זיי האָבען געזאָלט געבען די גוים, אויסגענוצט צווישען זיך אויף דער אסיפה װעגען דעם געפּלאַנטען פּאָגראָם. צווייטענס, זיינען די אידען נעביך געווען אָבגעשוואַכט נאָך דעם דריי־טעגיגען ברויט־ און פליייש־סטרייק, וועלכער איז גראדע אויסגעפאַלען פאר׳ן פּאָגראָם. דריטענס, האָבען זיי זיך ביי דער פּורים׳דיגער סעודה אָנגע׳שכור׳ט ווי לוט און ניט געוואוסט בין אָרור המן און ברוך מרדכי. פערטענס, זיינען זיי גאָר געווען „ביזי“ טראָגענדיג שלח מנות און מאַכענדיג דערביי א פּאָר סענט. פיערטענס, זיינען זיי געווען שטאַרק פער־גומען ביים פּורים־שפּיעל אין די אידישע טהעאַטערע, און פינפטענס האָבען זיי גלאַט קיין חשק ניט געהאַט דערצו. גנעה, אין אמת׳ן הויב זיך אָן מיט עשיו׳ן! וויים איך, זאָל ער שוין איבערגעהן אויף אנדערע הענד!

און ושתי איז ניט געווען קרעציג! אָבער וואָס טראַכט מען ניט אוים אויף א ווייב, ווען זי דערעסט זיך און מען וויל פון איהר פּטור ווערען און ווען עס קומט צו דיר א גרינע אסתר און וואַרט מיט תחנונים זאָלסט צו איהר אויסשטרעקען דיין שרביט הזהב?

גינען בלויז ראָן, ווען דו ביזט רייך. דאַן וועט מען עס רופען „קלעפּטאָמאַניע“ און עס וועט זיין „אַלערייט“.

לא תענה. — פאַלשע עדות זאָגען — וועלל, וועלל... אמאָל געהט עס אָב גאַנץ גלאַט און אמאָל פּאַקט מען דערפאַר אריין אין „חדר“. נו, וואָס מיינט איהר, איז טאַקע צרות!

לא תחמד. — זאָל זיך דיר ניט גלוסטען דיין פריינד'ס ווייב, זיין הויז, זיין אָקס, זיין דיענסט, זיין משרת און זיין עזעל. וואָרים, אז דער פריינד דיינער וועט דיר שוין דערפאַר צוברעכען רוקען־און־לענד, וואָס וועט דיר שוין ארויסקומען?

---

## מגלת אסתר

אידען! עס איז א בלאָף!

אסתר איז ניט געווען קיין „גרינע“, אחשורש איז ניט געווען קיין טפּוש, המנ'ען האָט מען ניט אויפגעהאַנגען, ושתי איז ניט געווען קרעציג, די אידען האָבען קיין פּאָגראָם ניט געמאַכט אין פּרס און מרדכי איז ניט געפאָהרען רייטענדיג.

נאָ, סער!

ווען אסתר וואָלט געווען א „גרינע“, וואָלט זי געמוזט קלאָגען אחשורש'ען פאַר „בריטש אָוו פּראָמיס“ און חתונה געהאַט מיט אחשורש'ען וואָלט ניט זי, נאָר ושתי, און ושתי וואָלט געקומען עדות זאָגען געגען איהר אין געריכט.

ניין, אסתר איז ניט געווען קיין „גרינע“, פּונקט ווי אחשורש איז ניט געווען קיין טפּוש.

אחשורש האָט געקענט מאַכען א פּאָגראָם פיעל געשייטער פון ניקאָלאַיען, האָט געקענט לייקענען היינט וואָס ער האָט נעכטען בעהויפּטעט ניט ערגער פון רוזוועלט'ען, האָט געהאַט מעהר מיידלעך ווי א בעל הבית פון א דעפּאַרטמענט סטאָר און האָט געהאַנגען רעוואָלוציאָנערען ניט ערגער פון'ם מיקאַדאָ — ער, אחשורש — א טפּוש! געהט שוין, מען וועט לאַכען פון אייך!

בעוועגונג, פאָלקס־נוצען. מיך, דיין דאָלאר־גאָט, טראָג בלויז טיעף אין הארצען.

זכור את יום השבת.— די גאַנצע וואָך זאָלסטו ארבייטען מיט די זייטען און שבת — ביזטו אויך נים קראַנק צו ארבייטען. עס ארבייטען אום שבת די שרייבער פון דיין „שומרי שבת"־זשורנאַל, מענסטו אויף שוויצען. אמת, גאָט האָט גערוהט אום שבת, ווען ער האָט בעשאַפען די וועלט, אָבער, ערשטענס, איז ער געווען א באָס פאר זיך; צווייטענס, האָט נאָך דאן קאָלומבוס אמעריקא נים ענטדעקט.

כבד את אביך ואת אמך. — האָב דרך־ארץ פאר טאַטע־מאַמע אזוי לאַנג ווי זיי קענען דיר נאָך אראָבלאָזען די פלידערלעך און איינרוימען א סוד אין יענע מקומות, וואו די אידען האָבען גערוהט, ווען זיי האָבען אָבגעצוינגען פון סכות. אזוי שנעל אָבער ווי דו האָסט פון זיך אראָבגעוואָרפען די ניע־פענטס, הער טאַטע־מאַמע ווי דעם פאר־א־יאָהריגען שנעע און אויף דער עלטער ווארף נאָר „דהי אָלד שינים ארוים פון דיין הויז. נישקשה, עס וועט זיי גאָר נים שאדען, אז זיי וועלען שטארבען אין מושב זקנים אָדער גאָר אין העסטער פארק.

לא תרצח. — מאָרדען טאָר מען נים, סיידען אידען בעת פאָגראָמען. אין בעסטען פאַל בוי אוים א פעקטאָרי אָהן פייער־עסקייפס און פערברען 150 מיידלעך מיט איין מאָל, אָדער בוי אייזענבאהנען מיט „עקסידענטס", אָדער פאַל אראָב מיט דיין פליה־מאַשין און צוקוועטש ווי פוילע עפעל א פאָר נייגיעריגע צושויער.

לא תנאף. — סיידען מיט כאַריסטעקעס, ווען דו ביזט א מיליאָנער, אָדער מיט אנשטענדיגע „סיילס גוירלס", ווען דו פער־מאָגסט א דעפּארטמענט סטאָר, אָדער מיט דיין „מיסעס", ווען איהר מאַן איז א לעמעשקע, און ווען דו ביזט זיכער, אז זי וועט מיט דיר גיט וועלען אנטלויפען.

לא תגנב. — גנב'ע ניט קיין עפעל פון מולטערס. גנב'ע אייזענבאהנען, גאָלד־מינען, שטימען, וואָס דו ווילסט, אבי ניט קיין עפעל און נאָז־טיכלעך. גנב'ענען, פשוט גנב'ענען קענסטו זיך פער־

ים אַזוי טרוקען, אַז מען האָט פון יענער זייט אפילו קיין נייעם „פּוץ“ אויף די געלע שיך ניט בעדאַרפט נעהמען און — רוף מיך קנאַקניסעל!

דאָס האָט פּאַסירט פּונקט ערב פּסח. נאָך אביסעלע וואָלט מען נאָך חלילה געווען אריינגעפאָהרען אינ׳ם יום טוב. האָט מען טאַקע באַלד אויסגעבעט די הסבה־בעט, אָבגעוואַשען די קינדערלעך, אויס־געלעגט די מצות מיט׳ן כרפס מיט׳ן מרור און מען האָט גענומען פּראַווען דעם סדר. שוין איין מאָל אַ סדר געווען!

## עשרת הדברות

לויט דעם מאָדערנעם אַמעריקאַנישען נוסח, פּערפּאַסט אויף וויליאַמסבורג בריק און אויסגעקריצט מיט עגל־הזהב׳דיגע אותיות אויף אַ ריעזיגער שבועות׳דיגער בלינצע.

אנכי ה׳ אלהיך. — איך בין גאָט דיין גאָט, וואָס האָט דיך ארויסגעצויגען פון דעם סאָציאַליזם און אנאַרכיזם, פון דער שקלאַ־פעריי פון אידעאַלען און דיך אריינגעשליידערט אין ריעל־עסטייט־בום און אין באָסעריי. מיין נאָמען איז דאָלאַר. בוק זיך ניט פאַר קיין זאַך וואָס איז העכער פון אַ וואָלקענצקראַצער און ניעדריגער פון אַ לאָט, וואָרים אַן אַל נוקם ונוטר בין איך, וואָס לאָזט פאַר דיינע זינד דיינע קינדער און קינדס־קינדער פאַר קבצנים ביז׳ן דריטען און פיערטען דור.

לא תעשה לך פסל. — מאַך זיך ניט קיין „פּיקטשע“ אפילו ווען דו ווילסט זיך בעריהמען פאַר דיינע קרובים אין „אָלד קאַנטרי“ מיט דיין גאָלדענע „וואַטש ענד טשיין“. די „פּיקטשע“ קען דיך בעגראָבען טיעף און טהייער אין דער „פּאָרוועטס“־גאַלערי, ווען דיר וועט זיך אמאָל פערגלוסטען צו מאַכען אַ רייזע איבער דער קענעדער גרענעץ אָהן אַ „זיי־געזונד“ צו דיין בעסערער העלפט.

לא תשא. — וואַרף זיך ניט אַרום מיט מיין נאָמען גלאַט אין דער וועלט אריין. פּלוידער וועגען וואָס דו ווילסט — אידעאַלען,

ווייבער. און פּלוצלונג — טראַך! אויס ריעל עסטייט בום און מען מוז צוריקגעהמען אין די הענד די לאַפּעטע, ליגען ניין איילען אין דער ערד און באַקען בייגעל.

איז, נאַטירליך, געוואָרען אַ יללה. עס איז אויסגעקומען שונאי ציון, כאַטש נעהם און וואַרף זיך אין וואַסער.

אָבער דאָ איז אונטערגעשפּרונגען משה.

משה'ס פערגאַנגענהייט איז געווען אַ גאַנץ טונקעלע. געפונען האָט מען איהם אין אַ קעסטעל אויפ'ן טייך, נאָכדעם איז ער עפּעס געווען אַ גאַנצער שמעלקע מיט פּרעה'ס טאָכטער, נאָכדעם האָט ער ערמאָרדעט עפּעס אַ וואַזשנעם טשינאָווניק אַ מצרי און האָט געמוזט זיך אָבטראָגען. נאָכדעם האָט ער זיך משדך געווען מיט אַ גלח און האָט זיך אומגעשלעפּט מיט ווייב און קינדער אין מדבריות... גאָר ניט קיין גלאַטע געשיכטע! און אַ קבצן, ווייזט אויס, איז געווען דער איד, אַזוי — אין זיעבען פּאָלעס.

אָבער איין מאָל, שטעהענדיג אַזוי ביי אַ ברענענדען דאָרן אין דער מדבר, האָט מען פּלוצלינג משה'ן גערופען צום טעלעפאָן.

— העללאָו! משה?

— העללאָו! ווער איז דאָרט?

— דאָס בין איך, גאָט!

— אָה! העללאָו! העללאָו!

— איך האָב פאַר דיר אַ געשעפטעל — זאָגט גאָט — אַזוי ווי דו ביזט אַ געוואַלדיגער לא־יוצלח, בלייבט דיר איבער צו טהאָן נור איין זאַך: ווערען אַ פיהרער ביי די אידען... וואַרט, וואַרט... וואָס זאָגסטו? קענסט קיין צוויי ווערטער ניט צונויפבינדען ווי עס בעדאַרף צו זיין? אוי, ביזטו אַ „גרינהאָרן"! שוטה! ערשט דעמאָלט קענסטו דאָך זיין דער בעסטער רעדנער. פאָלג מיך!

בקיצור: מען האָט צוגעשלאָגען. וואָס טהוט ניט אַ איד צוליעב פּרנסה?

ווייטער איז שוין געגאַנגען ווי אַ מזמור. מען האָט געכאַפּט הלוואה'לעך אויף נײַנציג טעג, מען האָט איבערגעלאָזט די מצריים אַזוי פיעל מכות, וויפיעל עס האָט אין זיי נור געקענט אריין און — היידאַ צום ים־סוף! צושפּאַלטען די וואַסער, אריבערגעגאַנגען דעם

# ביבלישע געשיכטען

## יציאת מצרים

**אַ היסטאָרישע אָבהאַנדלונג, אויפ׳ן אַמעריקאַנישען גוסח, ספּעציעל פערפאסט לכבוד פּסח.**

אפּיקורסים לייקענען אפילו אין דער גאַנצער געשיכטע, אָבער מיר האָבען אַ שטאַרקען חשד, אַז דאָס טהון זיי בלויז נאָט אויף להכעיס. אנדערע היסטאָריקער גלויבען יאָ אין דעם. און אָט וואָס זיי דערצעהלען:

ווי קומען אידען קיין מצרים? ווי קומט אַ איד? — געווען שלעכטע צייטען אין כנען — ממש, רחמנא יצילנו, געשטאָרבען זיעבען מאָל אין טאָג פאר הונגער מיט האַק און פּאַק, מיט די ווייבער און די קינדער, מיט די בהמות און מיט די ציגען, האָט מען זיך דער־מאָנט, אַז מען האָט ערגעץ אַ רייכען קאָזין אין מצרים, האָט מען באַלד אַריינגערופען יונה מלמד און יונה האָט זיך פערקאַטשעט די אַרבעל און האָט אָנגעשריבען אַ בריוועל בזה הלשון: אחינו יוסף, אַזוי און אַזוי, ראַטעווע, ברודער׳ל! שיק אויף הוצאות! אַז נאָט וועט העלפען, וועלען מיר אָבצאָהלען.

מיט דעם קאָזין, דאַרפט איהר וויסען זיין, איז געווען אַ גאַנצע מעשה: געהאַט עפּעס אַ „באָס" און דער באָס האָט געהאַט אַ ווייבעל און דאָס ווייבעל (פּוטיפרה האָט זי געהייסען), איז געווען פון יענע ווייבלעך, וואָס מען פרעגט אויף זיי... בקצור: יוסף האָט נעבעך געמוזט איבערלאָזען די קאַפּאָטע און מאַכען פּליטה. האָט זיך אָנגע־הויבען אַ געשיכטע: אַרעסטען, געריכטען, תפיסה. אָבער — אַ איד ווערט ניט פערפאַלען. ער איז געווען „אָלל־רייט אין מצרים" און האָט געשיקט אויף הוצאות.

געקומען קיין מצרים, האָבען זיך חברה׳ אַ נעהם געטהאָן צו „ריעל עסטייט" אין גשן (אַ מין מצרים׳שער בראָנזוויל), פּתום און רעמסס, געקנאַקט מיט דער בייטש, געקויפט דיאַמאַנטען די

מאָנטאג און דאָנערשטאג עקספּלאָדירען דאָרט אַלע ביקסען און קאַנאָנען. און אזוי ווי די מעקסיקאנער האָבען זעהר מורא פאַר דער עברה פון „בל תשחית“, האַלטען זיי דעריבער גרייט אָנגע־שטעלט פאַר די קאַנאָנען אַ פּאָר סאָלדאטען אָדער רעוואָלוציאָנערען. אָבער די אמעריקאנער צייטונגס־רעפּאָרטערס פערשטעהען ניט די מעקסיקאנער פּסיכאָלאָגיע און מאכען באַלד אַ געוואַלד: אויפ־שטאנד, רעוואָלוציע!

די מעקסיקאנער זיינען זעהר בעוועגליכע מענשען. און אזוי בעוועגענדיג זיך, האָבען זיי איבערוועגט צו די פעראייניגטע שטאַ־טען פריהער קאַליפאָרניע און נאָכדעם ניו מעקסיקאָ. די איינציגע אויסנאהמע צווישען די בעוועגליכע מעקסיקאנער איז זייער פּרעזי־דענט דיאַז, וועלכער האָט זיך צוריק מיט 30 יאָהר אוועקגעזעצט פראוועןן די מלוכה און — ניט פון פלעק. מאכען טאקע דעריבער חברה מיט איהם שפּאַס און הויבען איהם אָפּט אויף פון זיין שטוהל מיט פּולווער און דינאמיט. אַ פרעהליך פאָלק די מעקסיקאנער!

מעקסיקאָ איז ענטדעקט געוואָרען פון אַ שפּאַנישען קצב מיט׳ן נאָמען קאָרטעז. ער האָט אזוי לאַנג געשאָכטען די מעקסיקאנער איינוואוינער (די אצטעקען) און געקלעפּט אויף זיי פאַלשע הכשרים פון ניו יאָרקער רבנים, אַז ער איז גאָר אין גיכען געוואָרען שטיין־רייך און געעפענט אויך אַ לאָמבארד. ער האָט געכאַפּט אצטעקען, צוגעקלעפּט צו זיי קוויטלעך מיט פּרייזען אויף געוויסע סומען און איין מאָל אין וואָך געמאַכט אויף זיי אַן אויספערקויף.

עטליכע פרויען זיינען טאקע אזוי געבליבען ניט אויספערקויפט און איידער זיי ארויסצוואַרפען, האָט קאָרטעז מיט זיינע שפּאַנישע בעגלייטער זיי פערנוצט פאַר זיך. אויף אזא אופן זיינען עם ארויס־געקומען די יעצטיגע מעקסיקאנער.



ווײל אַוועקגעבען אומזיסט און קײנער נעהמט ניט, 17 טויזענד ציגען, אײן ס. פּ. מאַן, אײן פּועל ציוניסט אין דער צוקונפט און אײן טעריטאָריאַליסט אין דער פערגאַנגענהײט.

מיט בלוט און שאַנדע וועט בראָנזוויל פערשריעבען ווערען אין דער געשיכטע פון אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם. די בעסטע סאָציאַ־ליסטישע און אַנאַרכיסטישע כחות ליעגען בעגראָבען אין די בראָנז־ווילער לאָטס. תנצב"ה.

---

## מעקסיקאָ.

(צו דער געלעגענהײט פון דער רעוואָלוציע אין מעקסיקאָ און די „מאַ־ניעווערען" פון דער אַמעריקאַנער אַרמעע בײ דער מעקסיקאַנישער גרענעץ)

מעקסיקאָ געפינט זיך צופעליגערווײזע דאָרט, וואו עס קומט איצט פאָר די רעוואָלוציע געגען דיאַז'ן, און די גרענעץ פון מעקסיקאָ ליעגט סאַמע דאָרט, וואו פאַר די פעראײניגטע שטאַאַטען איז אם בעקוועמסטען — בעת אַ מעקסיקאַנער רעוואָלוציאָן — צו מאַכען מאַניעווערען.

דער שטח פונ'ם לאַנד איז אַזוי גרויס, אַז דאָרט קענען בעקוועם פאָרקומען עטליכע רעוואָלוציאָנען מיט אײן מאָל.

דאָס לאַנד איז אַזוי רײך, אַז די אײנוואוינער קענען זיך פער־גינען מיט אַ גרינגגען לונג־און־לעבער צו פערזאָרגען מיט קופּער און גאָלדמינען יעדען קבצן, וואָס קען קײן לעבען ניט מאַכען אין די פעראײניגטע שטאַאַטען. דערויף קענען עדות זאָגען די מיליאָנערען גוגענהײמס און מאָרגאַנס.

די גאַסט־פרײנדשאַפט פון די מעקסיקאַנער האָט קײן גרענעץ ניט. כאַפּען זײ אַמאָל בעת אַ רעוואָלוציע אַרײן אַן אַמעריקאַנער, וואָס קומט אויף יאַגד אויף מעקסיקאַנער סאָלדאַטען, האַלטען זײ איהם ניט נור איבער אַלע דרײ שבת'דיגע סעודות, נאָר זעהען ניט אַנדערש, אַז ער זאָל בײ זײ אויך האַלטען פּסח, כדי צו קענען מקיים זײן דעם פּסוק: „כל דכפין".

די טעמפּעראַטור אין מעקסיקאָ איז אַזוי הויך, אַז יעדען

ניכער פון אַלעמען לעגט זיך אויפ׳ן שכל די סברה פון א בעריהמטען היסטאָריקער, וועלכער בעהויפּטעט, אז בראַנזוויל איז ענטדעקט געוואָרען פון א ניו יאָרקער אידען, וואָס איז געגאַנגען צו תשליך און דער ווינד האָט ביי איהם אראָבגעריסען דאָס היטעל און דאָס היטעל האָט זיך אזוי לאַנג געקייקעלט, ביז עס האָט זיך פער־טשעפּעט אָן א ציגענעם האָרן און כאַפּענדיג דאָס היטעל, האָט דער איד מיט כעס אויסגעשריען: „אַ בראַנז זאָל זיך אין דיר אריינ־כאַפּען!“ דערפון נעהמט זיך דער נאָמען בראַנזוויל.

די ערשטע איינוואוינער פון בראַנזוויל זיינען וואהרשיינליך געווען די ציגען, כאָטש ביז איצט איז נאָך ניט קלאָהר, וואו זיי האָבען געקאָנט ארומשפּרינגען אין יענע צייטען, ווען בראַנזוויל איז נאָך ניט געווען צושניטען אין „לאָטס“.

אָבער ניט קוקענדיג דערויף, וואָס די ציגען זיינען געווען די ערשטע בראַנזווילער בירגער, האָבען זיי נאָך ביז איצט ניט קיין שטימרעכט און דער גאַנצער האַנדעל מיט שטימען איז אריינגע־פאַלען אין די הענד פון די עראָבערער, די שפּעטערדיגע איינוואָנ־דערער, די איצטיגע הערשער פון בראַנזוויל. זייער ציגענע אונטער־דריקטע לאַגע זעהט זיך קלאָהר פון דעם פאַקט, וואָס אפילו ביים פינף־און־צוואַנציג יעהריגען יובילעאום פון בראַנזוויל זיינען זיי ניט רעפּרעזענטירט געווען פון קיין אַנשטענדיגער קאָמיטע.

דער ערשטער גוי איז ערשיענען אין בראַנזוויל, ווען בראַנזוויל איז געוואָרען א שטאָדט און מען האָט בעדאַרפט קלייבען אַן אָלדער־מען. האָט מען אין ניו יאָרק מיט מסירת נפש געקידנעפּט אַן איירישמאַן און מען האָט איהם מיט געוואַלד ערוועהלט. דער גוי האָט אָבער די בראַנזווילער אידען ביטער ענטטוישט. אין א פּאָר וואָכען ארום האָט מען שוין קיין ברעקעל חילוק ניט געקענט בעמערקען צווישען איהם און דעם פּרעזידענט פון דער שוהל און עד היום לויפט מען משוגע׳נערהייד, ווען מען הערט, אז אין בראַנזוויל האָט זיך בעוויזען אַן אמת׳ער גוי, ווי עס איז, למשל, געווען דער פאַל מיט דר. קוק.

בראַנזוויל איז איצט אַ גאַנץ היבשע שטאָדט: זי פּערמאַגט 200 טויזענד אידען, איין איירישען, 25 טויזענד לאָטס, וועלכע מען

מעהר יום־טוב׳דיג, טהיילט מען דעם טאָג פון די וואהלען ביער און סיגארס צום פאָלק, מען שטעלט אװעק בודקעס מיט שטימ־קעסטלעך און דאָס פאָלק שטימט.

ג. ב. — אַן אינטערעסאַנטע כאַראַקטעריסטיק פון די ניו יאָרקער מיידלעך. זיי זיינען זעהר ענערגיש, און אַז זיי נעהמען זיך אריין אין קאָפּ אימיצען צו הייראטהען, װעלען זיי איהם שוין, אפילו א טויטען, ברענגען צו דער חופּה. ער קען זיך נאָך דער חופּה אנט־לויפען — דאָס איז שוין זיין געשעפט, אָבער געהן צו דער חופּה וועט ער. יעס, סער!

---

## די געשיכטע פון בראָנזוויל.

(צום 25־יעהריגען יובילעאום פון דער ציגען־מדינה)

געניי בעשטימען, ווען בראָנזוויל איז ענטדעקט געוואָרען, איז זעהר שווער. קאָלומבוס האָט בראָנזוויל ניט ענטדעקט. ער האָט זיך אפילו געפּרופט ארויסכאַפּען אויף א געפּאַקטער ברוקלין ברידזש קאַר (טראַמוואַי), אבער דער איירישער קאָנדוקטאָר האָט באַלד דערקענט אַן איהם, אַז ער שטאַמט פון „שינים“ און האָט איהם באַלד ארויסגעשמיסען מיט א ברייטען „מי שברך“. און אַזוי ווי ריעל־עסטייט (ספּעקולאַציעס אויף לאַנד) איז דעמאָלט געווען שטאַרק געפאַלען אזוי, אַז מען האָט געקענט גאַנץ ניו יאָרק אָבקויי־פען פאַר 24 דאָלאַר, האָט קאָלומבוס זיך מישב געווען, אַז עס לוינט זיך ניט צו שלאָגען מיט אַן איירישען אנטיסעמיט, און אויף אזא אופן איז בראָנזוויל געבליבען נאָך פאַר א שטיק צייט אונענטדעקט.

פאַר דער לעצטער צייט האָט בראָנזוויל געפּרופט ענטדעקען דר. קוק, אָבער ווי ער איז נור ארויפגעקומען אויף פּיטקין עוועניו, האָט זיך בליץ־שנעל פערשפּרייט דער קלאַנג, אַז אין בראָנזוויל איז ערשיענען אַן אמת׳ער גוי, און עס איז געוואָרען אזא געלויף מיט אזא געפילדער, אַז דער אָרימער דר. קוק האָט זיך קוים געראַטעוועט מיט׳ן לעבען אויפ׳ן נאָרד־פּאָל.

די שטאָדט איז אַזוי גרויס, אַז איהר קענט קויפען ביי א ריעל־עסטייט (ערד־איינענטהום) אגענט א „לאָט“ (שטיק ערד) און דעם לאָט זוכען אייער גאַנצען לעבען און איהם דאָך ניט געפינען.

ניו יאָרק איז די פרייעסטע שטאָדט אין דער וועלט. אויב איהר פערמאָגט אַן אויטאָמאָביל, קענט איהר פראַנק און פריי אריבערפאָהרען יעדען טאָג צוויי מענשען. אויב איהר זיינט א קבצן, קענט איהר זיך ווי א פריץ צולעגען אין סענטראַל פּאַרק און אויסנעהן פאַר הונגער. און אויב איהר זיינט א פּאָמיליען־מאַן, קענט איהר האַלטען אַזוי פיעל „באָרדערס“ (קעסטניקעס), וויפיעל איהר קענט נור אריינקוועטשען אין אייערע דריי צימערלעך.

דריי זאַכען בלויז זיינען פערבאָטען אין ניו יאָרק:

1) געהען שפּעט ביינאַכט אויף דער בויערי: מען וועט אייך פון דאָרט צונעהמען אין א ליילעך.

2) טראָגען א באָרד: אידישע שקצים'לעך וועלען אייך דער־הרג'ענען.

3) געהען אויף קאַנעל סטריט: מען וועט אייך צורייסען אויף שטיקלעך, שלעפּענדיג אייך אין די קראָמען.

דער קלימאַט פון ניו יאָרק איז א גאַנץ וואַרימער. קאַלט איז נור אין די הייזער וואָס ווערען געהייצט דורך דאַמפּף, אי דאָס אויך בלויז ווינטער.

דער ניו יאָרקער קלימאַט איז א גאַנץ געזונדער. מיר ווייסען בלויז פון איין־איינציגער קראַנקהייט, וואָס בושעוועט דאָ שטאַרק אום זומער. די קראַנקהייט בעשטעהט אין דעם, וואָס זעצט זיך נאָר א פּאָארעל אוועק אין דזשעקסאָן סטריט פּאַרק, אַזוי ווערען זיי באַלד פער'חלש'ט. אָבער אויך אָט די קראַנקהייט איז שוין איצט ניט געפעהרליך, נאָכדעם ווי מען האָט אויסגעפונען א מיטעל געגען איהר: מען מאַכט דאָס פּאָארעל חתונה.

ניו יאָרק ווערט פערוואַלטעט (און לאָמיר דאָ צוגעבען: קלוג פערוואַלטעט) פון א פּאָאר טראָסטס, וועלכען שטעלען אָן א ספּעציעלען מענשען (דאָס איז דער דעמאָקראַטישער לידער) און ער ערוועהלט שוין א מעיאָר און אָלדערמען. יעדער אָלדערמען מוז זיין אָדער א קצב אָדער א שענקער. אום צו מאַכען די ערוועהלונג

נעלעגענהייט, בין איך גרייט זיך אליין אויסצופאַטשען און זיך אָנרופען מיט די מיאוס׳סטע נעמען.

אָבער לאָמיר ניט אַוועק פונ׳ם ענין.

בעת האָדסאָן איז צוגעקומען צו דער 209טער סטריט, האָט ער בעמערקט אַן אינדיאַנער טשיעף (שר), וועלכער האָט מיט טרערען אין די אויגען געשיקט צום הימעל פאָלגענדע תפילה:

„גאָט! מיט וואָס האָבען מיר זיך פערזינדיגט? אַלע אינ־דיאַנער זיינען שוין ענטדעקט, נור אויף אונז געפינט זיך ניט קיין ענטדעקער!“

און דאָ האָט ער מיט פרייד דערזעהן האָדסאָנ׳ען.

צום אַלעם ערשטען האָט האָדסאָן, אין דער בעגלייטונג פון דעם טשיעף, בעזוכט דעם פרויען־קאַלעדזש און מיט ערשטוינונג זיך דערוואוסט, אַז די קאַלעדזש־מיידלעך געהען כמעט אין גאַנצען נאַקעט, אַז ביז׳ן עלטער פון ניין־און־אַכטציג יאהר געהען זיי אַלע באַרפוס און אַז דאָס בעסטע מאכל ביי זיי איז אָבצוגריזשען אַ ריפּ פון אַ מיטעליעהריגען מאַן.

די מיידלעך זיינען איהם פון דעסטוועגען אַזוי שטאַרק געפע־לען, אַז ער איז גרייט געווען דאָ אויפ׳ן אָרט צו שטעלען אַ חופּה מיט איינער. צו קיין חופּה איז עס אבער דאָך ניט געקומען, ווייל אין גאַנץ ניו יאָרק האָט מען דעמאָלט קיין איין גאָלדשמיעד ניט געקענט געפינען וואָס זאָל קענען מאַכען אַן אַנשטענדיגען חתונה־רינג.

דיעזער צופאַל האָט אַזוי געווירקט אויף האָדסאָנ׳ען,אַז ער איז אין דרייסיג יאהר אַרום געשטאָרבען.

און איצט אַ ביסעל וועגען דעם איצטיגען צושטאַנד פון ניו יאָרק.

ניו יאָרק שטעהט אויף פינף אינזלען, דריי טייכען, צוויי־טויזענד סאַלונס (שענקען) און מיליאָנען בלאָפס.

די שטאַדט איז אַזוי רייך, אַז יעדען טאָג טהיילט מען אויס צעהנדליגע טויזענדער לאַבענס ברויט צו גויטבעדירפטיגע. די בעפעלקערונג איז אַזוי גרויס, אַז אַוועק׳גנב׳ענען אַ האַלבען מיליאָן שטימען איז אפילו ביי אַ קליינעם פּאָליטישען גנב פּשוט אַ שפּאַס.

נעוויסען אין אמעריקא מוז זיין פריי — פון געוויסענסביסע. רעדען מעג מען צוזעצטערהייט פריי; נים מעהר, ווען איהר ווילט רעדען איבער סאָציאַליזמוס אָדער אנארכיזמוס, איז די פּאָליציי פריי נים צו וועלען עס ליידען. נו, איז וואָס איז דאָ דער אונגליק? רעדט מען נים.

2. — שקלאפעריי, אויסער ארבייטער־שקלאפעריי, איז שטרענג פערבאָטען. „ווייסע שקלאפעריי" איז ערלויבט אונטער איין בעדינגונג בלויז: אז די „שקלאפינען" זאָלען זיך טהיילען מיט זייערע פערדיענסטען מיט די קאָרעטען און מיט דער פּאָליציי. ניגערס מעג מען לינטשען, פערשקלאפען אָבער — נאָ, סער!

3. — רויבען ביי איינעם זיין פערזענליכע פרייהייט אָהן א פאסענדער אורזאכע איז זעהר שטרענג פערבאָטען. אָבער אז א דעטעקטיוו וויל כאפען א פערדיענסטעל, מעג ער קידנעפען אן ארבייטער־פיהרער. אי, מען טאָר נים? נו, וועט ער אָבזיצען א פּאָר יאהר אין תפיסה, וועט מען זיך דאן פערלאָזען אויף מענשען. וועלען זיי פסק'ענען: נים שולדיג! איז נים! איז נים געפּידעלט.

בעמערקונג. — די איבריגע פונקטען פערשטעהען מיר נאָך דערווייל אליין נים. מיר זיינען סך הכל אין לאנד ערשט א יאהר פינף־און־צוואנציג.

---

## די שטאדט ניו יאָרק.

די געשיכטע פון ניו יאָרק, די געאָגראַפישע לאַגע פון דער שטאדט און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער.

האָדסאָן ריווער און די שטאדט ניו יאָרק זיינען ענטדעקט געוואָרען פון הענריק האָדסאָן דורך דער 125טער סטריט „פערי" און גאנץ ניו יאָרק איז אָבגעקויפט געוואָרען פאַר 24 דאָלאַר.

ווען איך דערמאָן זיך אָן דער מציאה, דאָס הייסט, אז איך האָב אמאָל געקענט אָבקויפען גאנץ ניו יאָרק מיט דעם מעטראָפּאָ־ליטאַן אָפּערא הויז, מיט ברוקלין ברידזש, מיט דער לודלאָוו סטריטער תפיסה און מיט אלע בראָנזווילער „לאָטס" בלויז פאַר פיער־און־צוואנציג דאָלאַר און האָב דורכגעלאָזט אזא גלענצענדע

די „רוסישע רעוואָלוציאָנערען" זאָלען זיך איבעריג די פּיס אָבקלאַפּען מאַרשירענדיג און דעם גאַרגעל איינרייסען שרייענדיג הורראַ פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציאָן און קיין מאָל די קאָנסטיטושאָן ניט קענען איינבייסען און קיין מאָל קיין בירגער ניט קענען ווערען און קיין מאָל קיין איין־איינציגע שטימע ניט קענען געבען די סאָציאַליסטען.

## די קאָנסטיטושאָן זעלבסט.

אַרטיקעל 1. — אַלע געזעצע ווערען געמאַכט פון אַ קאָנגרעס, וואָס בעשטעהט פון אַ סענאַט, וואו עס זיצען גרויסע גנבים, און אַ האַוז אָוו רעפּרעזענטייטיוס, וואו עס „ווידמענען זיך" קליינע גנבים. עס קענען אין קאָנגרעס על פּי טעות אריינקומען אמאָל עהרליכע מענשען אויך; אבער, ערשטענס, ווערט טאַקע דאָס בעטראַכט פאַר אַ נאַציאָנאַלען אונגליק און, צווייטענס, האָט מען זיי פּשוט אין דער אדמה.

אום צו ערוועהלען אַ קאָנגרעסמען, מוזען די בודעל־פּאַרטייען טהיילען דרייערלעך און פינפערלעך צום פאָלק, און אום צו ערוועהלען סענאַטאָרס מוזען די טראָסטס, נעביך, אונטערקויפען די סטייט־לעדזשיסלייטשורס.

ווען עס בע'גנב'עט זיך דער רעפּובליקאַנער קאָנגרעס, קלייבט מען אויס אַ דעמאָקראַטישען, און ווען מען כאַפּט ביי דער האַנד דעם דעמאָקראַטישען קאָנגרעס, קלייבט מען צוריק אויס אַ רעפּובליקאַנישען.

אַרטיקעל 2. — איבער'ן קאָנגרעס זיצט אַ פּרעזידענט. מען וועהלט איהם איין מאָל אין פיער יאָהר. איהר קענט דערקענען די פּרעזידענשעל וואהל אָן דעם, וואָס אַלע אידישע טעגליכע צייטונגען צייגען דאַן אין גאַס „מואווינג פּיקטשורס" און שטעלען ארויס וואָרנונגען: „היט זיך פאַר גנבים!"

## אַמענדמענטס צו דער קאָנסטיטושאָן.

1. — די הערשענדע רעליגיאָן איז די דאָלאַר־רעליגיאָן. אָבער אַלע אַנדערע רעליגיאָנען מעגען זיך פּערדרעהען זייערע קעפּ. דאָס

מיר מאַרשירען, מיר דעבאַטירען, מיר פּאָלעמיזירען, מיר קריטיזירען און מיר אַפּעלירען. און אז מיר האָבען שוין אמאָל אַ פרייע מינוט, זיצען מיר אין קאַפע און רעדען רכילות אָדער, אין בעסטען פאַל, שפּיעלען מיר אין קאָרטען.

איבריגענס געפעלט זי אונז טאַקע ניט זעהר שטאַרק, די געטין פון פרייהייט. צום אלעם ערשטען טראָגט זי ניט קיין רוסישע „רובאַשקע". צווייטענס, קען זי ניט רעדען קיין שלעכטען רוסיש. און דריטענס, אין אמעריקא — אויך מיר פרייהייט!

וועט איהר אפשר פרעגען: אויב יאַ אזוי, טאָ צו וואָס דאַרף מען זי אין גאַנצען, די סטעטשיו אָוו ליבערטי? זיינט איהר במחילה אַ „גרינער". הלמאי, צו וואָס דאַרף מען וואהלען, ווען עס ווערען ממילא ערוועהלט פּערהאַפּסטע פּאָליטישענס? הלמאי! גאַרניט! וואָס מאַכט עס אייך אויס? עס מאַכט אייך עפּעס קאַליע?

אז זי שטעהט די סטעטשיו אָוו ליבערטי, זאָל זי שטעהן.

---

## די אַמעריקאַנער קאָנסטיטושאָן.

### איינלייטונג.

די אַמעריקאַנער קאָנסטיטושאַן איז פערפאַסט געוואָרען נאָך דער בעפרייאונג פון אמעריקא און מיט איהר האָט מען אין זינען געהאַט אָבצושלאָגען דעם חשק ביים ענגלישען קעניג צו קריכען אין יענקי־לאַנד. אָבוואָהל אמת'ע „פאַרמער", האָבען דאָך די טאַטעס פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטושאַן פערשטאַנען, אז דאָס וואָס אַ מזוזה איז פאַר אַ שד און דער אמת פאַר אַ צייטונג, פּונקט דאָס זעלבע איז אַ קאָנסטיטושאָן פאַר אַ קעניג — אַ סטראַשידלע, וואָס וועט איהם שוין האַלטען פון ווייטענס.

דאָס איז דער היסטאָרישער צוועק פון דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטושאַן. דער איצטיגער צוועק איהרער ווידער איז: ערשטענס, מען זאָל קענען ערקלערען פאַר אונקאָנסטיטוציאָנעל יעדעס געזעץ, וואָס קען ברענגען עפּעס נוצען די קבצנים; צווייטענס,

וואָרום זאָל ער עס ניט טהון? אז לינטשען לינטשט מען איהם דאָך במילא, איז שוין, דאכט זיך, בעסער געלינטשט צו ווערען פאר א גוטע זאך!

## די סטעטשיו אָוו ליבערטי.

די סטעטשיו אָוו ליבערטי אָדער די געטין פון פרייהייט איז אן אימפּאָרטירטע סחורה, פונקט ווי די באראָנען קאבצאנזאָהן און גראפען הונגערמאן, אויף וועלכע אונזערע רייכע יורש'טעס זיינען שטארקע בעלנים. אימפּאָרטירט איז די סטעטשיו אָוו ליבערטי פון פאריז, פון וואנען מען אימפּאָרטירט אהער אלע אנדערע מאָדעס. אזוי ווי אָבער די בעשטעלונג האָט זיך אביסעל פערשפּעטיגט, איז די געטין פון פרייהייט אָנגעקומען קיין אמעריקא שוין נאָך דער רעוואָלוציאָן, און אום פון איהר פּטור צו ווערען, האָט מען זי פער־שיקט „איבער'ן וואסער". און אום ארויסצושלאָגען פון איהר קאָפּ די הייסע רעוואָלוציאָנערע געדאנקען, האָט מען אוועקגעשטעלט נעבען איהר דעם אטלאנטישען אָקעאן, ער זאָל איהר מאכען „קאלטע פּיס". זייט דאן שטעהט די סטעטשיו אָוו ליבערטי ביים ארייננגאנג אין ניו יאָרקער האפען און באָדט איהרע נאקעטע פיס אין דעם געזאלצענעם וואסער: עס איז זעהר געזונד, זאָגט מען, צו א היציגען קאָפּ און צו רעמאטעס.

די אויפגאבע פון דער סטעטשיו אָוו ליבערטי איז אָנצוזאָגען דער וועלט, אז אמעריקא איז פול מיט פרייהייט ווי א מילגרוים מיט קערנדלעך, ווי העסטער סטריט מיט שמוץ און ווי וואָלל סטריט מיט שווינדעל.

יא, מיר האָבען שוין דאָ צופיעל פרייהייט. א גליק איז, וואָס מיר האָבען קיין צייט ניט זי צו געניסען. מיר זיינען שטארק פער־נומען: די געזעצגעבער — מיט לינקע ביזנעס, די מיליאָנערען — מיט די כאָריסטקעס, די ביזנעס־לייט — מיט בלאָפס און די ארביי־טער — מיט סטרייקס און הונגער.

אם ווענינגסטען ליידען מיר פון דער צו גרויסער פרייהייט אויף דער איסט סייד, ווייל דאָ זיינען מיר אם שטארקסטען פערנומען.

קריגנט מען זיך. און אַ קריעג בידוע, איז ווי אַ קרעצעל: וואָס מעהר מען קראַצט, אַלץ מעהר צויאַטערט עס זיך. בקיצור, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, אַ קללה פאַר אַ קללה...

— אַ גט! — האָט גענומען שרייען די סויטה.

— אַזוי לאַנג זאָלסטו ליעגען אויף איין זייט און זיך ניט קענען איבערקעהרען אויף דער צווייטער, ווי דו וועסט קיין גט ניט קריגען. — האָט געענטפערט די נאַרד.

נו־נו, איז געוואָרען אַ באַטאַליע! דעם 12טען אַפּריל 1851 האָט מען זיך צום ערשטען מאָל אריינגעפּאַהרען אין די שלייערס און מיט פיער יאהר שפּעטער האָט לינקאָלן צוריק שלום געמאכט צווישען דעם פּאָר פּאָלק, און, אום צו זיכערען דעם שלום בית, בעפרייט די ניגערס. אָבער אין דער סויטה ווייסען נאָך עד היום הזה די ניגערס ניט דערפון און זיי כאַפּען זיך אָפּט אריבער אין דער נאַרד זיך נאָכצופרעגען אויב עס איז טאַקע אמת, וואָס די אַלטע לייט דערצעהלען, אַז מען האָט מיט 46 יאהר צוריק זיי בעפרייט.

קנאַפּע דריי טויזענד מיליאָן דאָלאַר מיט צוואַנציג סענט האָט אָבגעקאָסט דער קריעג, אויסער דעם וואָס מען האָט אין טומעל ארויסגעשלעפּט פון ווייבערשע זאַקען.

געענדיגט האָט זיך דער קריעג ערשט נאָכדעם, ווי דער גאַנצער מיליאָן מענשען, וואָס איז ראַוי געווען געשאָסען צו ווערען, איז אוועק אויפ'ן עולם האמת. אין טומעל האָט מען אָבער פערגעסען אָן לינקאָלן'ען אַליין און מען האָט איהם געמוזט שענקען אַ שעהנעם פּאַטריאָטישען טוידט שוין בעת'ן שלום.

אָט דאָס איז די געשיכטע פון דעם בירגער־קריעג.

און צום שלום ווילען מיר בעמערקען נאָך אָט וואָס:

אַ שטאַרקע טובה דער ניגערשער פרייהייט האָט געטהאָן אַ ווייסע פרוי (בימשער סטאָו) מיט איהר מעשה־ביכעל „אָנקעל טאָם'ס קעבין". און זייט דאַן קען זעלטען אַ ניגער פאַרבייגעהען אָן איינזאַמע ווייסע פרוי און איהר ניט אויסדריקען זיין הייסעסטע און שטאַרקסטע ליעבע (פערגעוואַלטיגונג רופען עס די ווייסע). ער טהוט עס מיט דער גרעסטער זעלבסט־אויפאָפּפערונג, ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס מען לינטשט איהם דערפאַר. און צוריק גערעדט,

דאָס וועלען איהם די „גרינע“ אידלעך קיינמאָל ניט מוחל זיין. א דאנק דיזען „שפּיצעל“ מיט דער קאָנסטיטוציאָן, מוזען זיי זיך בענוגענען מיט'ן אייביגען מארשירען, דעמאָנסטרירען און פּאטשען פאר'ן סאָציאַליזם, אבער שטימען — א־זאס!

---

## דער בירגער־קריעג.

די איינציגע שולדיגע אין דעם בירגער־קריעג זיינען, אָהן צווייפעל, געווען די ניגערס. און אין אמת'ען, וועלכער שווארץ־יאהר האָט זיי געבראכט קיין אמעריקא פאר דער ניגער־בעפרייאונג? קראנק זיינען זיי געווען צו קומען נאָכדעם?

שווערע צייטען זיינען דעמאָלט געווען פאר דער סויטה, און אלץ צוליעב די ניגערס. אזא פערפלוכטע נאטור האָבען שוין געהאט די ניגערס, — אז איהר פלעגט זיי נור געבען עסען קרענק, ארבייטען מיט זיי ווי מיט אָקסען און זיי שמייסען ווי פערד, פלעגען זיי אייך אָבטהון איין קלייניגקייט: זיך צונויפנעהמען אין די טויזענדער און מאכען א לוסטרייזע אויף יענער וועלט. געוועזן, הייסט עס, ניגערס און — ניטאָ קיין ניגערס! און רוף זיי קנאק־ניסעל! אנדערע וואָלטען אין זינען געהאט, אז א ניגער קאָסט געלד און מען דארף זיין ארבייט ווי אין לעבען. זיי אבער — ווייס איך וואָס! א סך האָבען זיי זיך געקימערט פאר „אונז“!

דאָס איז געווען אין דער סויטה. אין דער נאָרד האָבען מיר פון זיי געהאט אנדערע צרות.

די יעניגע ניגערס, וואָס האָבען צוליעב דער אָדער יענער אור־זאכע קיין חשק ניט געהאט זיך איבערצופּעקלען אויף יענער וועלט, פלעגען דורך דער נאָרד לויפען קיין קענעדע און זיי פלעגען איבער־שרעקען אונזערע היהנער און צורייצען אונזערע הינט און אויס־פגר'ן אין די טויזענדער אויפ'ן וועג און מיר האָבען זיי נאָכדעם בעדארפט בעגראָבען אָהן א סענט געלד.

מיט איינעם וואָרט, עס איז שוין געווען ניט אויסצוהאלטען. און אז עס איז אָנגעזאלצען אויפ'ן הארצען, ווייסט איהר דאָך,

דער פיהרער פון דער רעוואָלוציאָן איז געווען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, וועלכער איז געווען בעשיידען, האָט געהאט מוטה און געדולד, איז איבעראַל געווען דער ערשטער און האָט זיך ממש מקריב געווען פאַר׳ן פאָלק.

למשל:

אין מיטען דער נאכט האָט ער איינער אליין, אין בעגלייטונג פון בלויז עטליכע טויזענד מאַן, „געקראָסט" דעם דעלאַוועיר ריווער.

ער האָט אָבגעלעבט מיט זיין ווייב מארטהא שעהנע עטליכע יאהר און איז קיינמאָל ניט אנטלאָפען קיין קענעדע.

און ווען ער האָט נור דערהערט, אז עס פאָדערט זיך א מענש, וואָס זאָל זיך רופען „דער פאטער פונ׳ם לאנד" און זאָל בלייבען אויף אייביג איינגעבאקען אין די הערצער פון די אמעריקאנער, האָט ער קיין מינוט ניט געטראכט און גענומען אויף זיך דעם דזשאב.

קלוג איז ער געווען ווי דער טאָג. ווען ער האָט בעמערקט, אז ער הויבט זיך אָן דעם עולם צוצועסען, האָט ער זיי אָבגעטהאָן אויף טערקיש און איז געשטאָרבען.

מען דערצעהלט אויך וועגען איהם, אז ער האָט קיין מאָל קיין ליגען ניט געזאָגט, אבער — עט, דאָס זיינען שוין בבא־מעשיות און אין אַן ערנסטער אבהאנדלונג איז קיין פלאַץ ניטאָ פאַר אזעלכע ווייבערשע באָיקעס.

נאָך דער בעפרייאונג פון אמעריקא האָט דאָס דאנקבארע פאָלק געוואָלט ענדליך בעפרייען וואשינגטאָנ׳ען און איהם לאָזען צוריק פאשען זיינע בהמות אויף זיין פארם, אבער ער האָט געזאָגט, אז עס איז פאַר איהם ניט קיין נפקה מינא, ער קען אויך ווערען פרעזידענט, און ער איז געוואָרען דער ערשטער פרעזידענט.

באַלד נאָך דער רעוואָלוציאָן האָט מען אויך אויפגענעהמט די ערשטע אמעריקאנער פאָהן, וועלכע איהר קענט זעהן אויף אַלע ציוניסטישע אונטערנעהמונגען צוזאמען מיט א „מגן דוד".

דער איינציגער פלעק אויף וואשינגטאָנ׳ס רעפּוטאציע איז דאָס וואָס ער האָט אומיסטנע אויסגעטראכט עפּעס א „קאָנסטיטושאָן", וועלכע מען דאַרף קענען בעת מען וויל ווערען א בירגער.

דער פריה האָט זיך דערהערט אַ געשריי: „לאַנד! לאַנד!“ און אַמעריקאַ איז ענטדעקט געוואָרען.

זיי זיינען ארויס אויפ'ן ברעג און באַלד געעפּענט אַ סאַלון און געלעגט דעם פונדאַמענט פאַר דער גרויסער פרייהייטס־ליעבענדער אָרגאַניזאַציאָן וואָס הייסט „טעמעני האָלל“. קאָלומבוס האָט יעדען געגעבען אַ גלאָז ביער מיט אַ האַוואַנאַ סיגאַר און איז ערוועהלט געוואָרען פאַר וויצע־קעניג.

דאָס איז געווען דעם 12טען אָקטאָבער אין יאהר 1492.

---

## די בעפרייאונג פון אַמעריקאַ.

מען האָט אייך זיכער דעם לעצטען 4טען יולי אָבגעשאָסען אַן אויער, אָבגעברענט די נאָז און געמאַכט אייך אויף אייביג טויב. איהר וועט זיכער דעם קומענדען 4טען יולי פערקריפּלען אַ קינד און אויפגעריסען ווערען מיט אייער קלייטעל פון פייער־ווערק. אָבער איהר דאַרפט בלויז זיין שטאָלץ דאַרויף. ווייסט, אַז דאָס פייערט מען דאָס שעהנסטע קאַפּיטעל פון דער אַמעריקאַנער געשיכטע — די בעפרייאונג פון אַמעריקאַ.

אָבער לאָמיר אייך דערצעהלען אַלעס כסדר.

טאַפט איז נאָך דעמאָלט קיין פּרעזידענט ניט געווען, ווייל דאָס לאַנד האָט נאָך ניט בעלאַנגט ניט צו קיין קאַרנעגיע'ן און ניט צו ראָקעפעלער'ן. די הערשערין פון אַמעריקאַ איז געווען ענגלאַנד און אַזוי ווי זי האָט קיין שכל ניט געהאַט צו שענקען מיליאָנען אויף קאַלעדזשעס און ביבליאָטהעקען, האָבען די אַמעריקאַנער געמאַכט אַ רעוואָלוציאָן און געשריען, ווי דער קליינער „בונד“, להבדיל, אין רוסלאַנד: „זנאַט ניע זנאַיעם, קאָנסטיטוציע זשעלאַיעם!“

און דאָ זעהט מען קלאָר, ווי ריכטיג עס איז קאַרל מאַרקס' לעהרע, אַז אַלעס נעהמט זיך פון די עקאָנאָמישע אומשטענדען, וואָרים, לאָמיר אייך זאָגען, די בעשעפטיגונג פון די דאַמאַלסדיגע אַמעריקאַנער איז געווען: שיסען אינדיאַנער, שמייסען ניגערס און צאָהלען מס צו ענגלאַנד.

צווייטענס, קען ער זיך א פּאָר יאהר בענעהן אָהן ווײן און דריטענס, וועט זי פּערזענען איהר ציערונג.

איינינע מיניסטאָרען זיינען אבער געווען דאגעגען.

זיי האָבען אזוי גע'טענה'ט:

— צו וואָס זאָל מען ענטדעקען א לאנד, וואָס קיינער האָט עס נאָך ניט געזעהען און וויים ניט, וואָס דאָס איז, א לאנד, וואָס איז נאָך דערצו אזוי וויים און האָט ניט קיין אייזענבאהן און קיין טעלעגראף? קען מען ניט ענטדעקען א לאנד וואָס איז נאָהענט, וועלכעס מען קען און וועלכעס איז שוין ציוויליזירט?

אָבער איזאבעלא האָט קיינע טענות ניט געוואָלט הערען. זי האָט בעשלאָסען, אז קאָלומבוס מוז ענטדעקען אמעריקא.

און אזוי איז עס געווען.

קאָלומבוס האָט געקויפט דריי שיפען, האָט צונויפגענומען אזוי פיעל מערדער, גנבים און אויסוואורפען וויפיעל ער האָט נור געקענט קריגען אין מאדריד, און דעם דריטען אויגוסט 1492 האָט ער זיך א נעהם געטהאָן צו זיין דזשאב — ענטדעקען אמעריקא.

אָבער דער דזשאב איז געווען פיעל שווערער ווי קאָלומבוס האָט געדענקט. אמעריקא האָט זיך ניט געלאָזט ענטדעקען.

די מאטראָזען האָבען זיך אָנגעהויבען צו בונטעווען. זיי האָבען געזאָגט, אז קאָלומבוס וויים ניט פון זיינע הענד און פיס און אז זיי דרעהען זיך אויף איין אָרט. זיי האָבען געזאָגט, אז זיי דערקענען א שטיקעל וואסער אין ים, ארום וועלכען זיי דרעהען זיך שוין זייט א וואָך. זיי האָבען געזאָגט, אז זיי קענען ניט זיצען אזא לאנגע צייט לעדיג און קיין איין־איינציגען מאָרד ניט בעגעהן און קיין איינציג גנבה'לע ניט מאכען. און ווען זיי האָבען זיך דער־וואוסט, אז אין אמעריקא זיינען קיין סאַלונען (שענקען) אויך ניטאָ, זיינען זיי שוין גאָר ארויס פון די כלים, האָבען אָנגעכאפּט קאָלומ־בוס'ען ביי די הענד און פיס און איהם געוואָלט ארייגוואָרפען אין ים.

אָבער קאָלומבוס האָט זיי געזאָגט, אז ער וועט זיי מאָרגען ענט־דעקען דעם סוד, ווי צו מאכען פון ים־וואסער נייגציג־גראַדיגען שנאפּס, און זיי האָבען איהם אָבגעלאָזט. און אויף מאָרגען אין

## די ענטדעקונג פון אַמעריקאַ.

עס איז געווען אַ שעהנער פריהמאָרגען אין דער שפּאַנישער הויפּטשטאַדט מאַדריד, ווען פאַר דער קעניגין איזאַבעלאַ, וועלכע איז געזעסען אויפ'ן טהראָן נעבען דעם קעניג פערדינאַנד, איז ערשיענען קאָלומבוס מיט אַ רעקאָמענדאַציאָנס־בריעף פון אַ גלח.

די קעניגין האָט געעפענט דעם בריעף און האָט איבערגעלייענט פאָלגענדעס:

„דער יונגער מאַן, וועלכער שטעהט איצט פאַר אייער מאַיע־סטעט, איז קריסטאָפאָר קאָלומבוס. ער איז פלייסיג און ארבייטס־זאַם. זיין פּראָפעסיע איז ענטדעקונגען. מען דאַרף איהם נור אַ וואונק טהון און ער ענטדעקט וואָס איהר ווילט אליין. אַזוי ווי אָבער די צייטען זיינען איצט שלעכט, דרעהט ער זיך נעבעך אַרום אָהן אַ שטיקל אַרבייט. איך האָף, אַז אייער מאַיעסטעט וועט איהם געבען עפּעס אַ שטיקעל „דזשאָב“ און איהם שיקען ענטדעקען אַמעריקאַ.“

די קעניגין האָט אפילו שוין געהאַט אַ אייגענעם ענטדעקער, וואָס האָט געאַרבייט פאַר איהר זייט עטליכע יאָהר, דאָך האָט זי בעשלאָסען צו ערפילען דעם גלח'ס בקשה.

די פראַגע איז נאָר געווען, וואו נעהמט מען אויף הוצאות. דער קעניג האָט געזאָגט:

— די פינאַנצען זיינען איצט אויף געבראָטענע צרות. מיר קומט נאָך צו מיינע ווײידזשעס הונדערט דאָלאַר, דער פּאַלאַץ איז שוין זייט אַכט יאָהר ניט געפּיינט, אין גראָסערי וויל מען שוין ניט געבען אויף באָרג, די דיענסטען ווילען אַרויס אין סטרייק צוליעב העכערע ווײידזשעס און דער בוטשער סטראַשעט מיט'ן געריכט.

אבער איזאַבעלאַ האָט איהם אַ גלעט געטהאָן איבער דער קרוין, האָט ליעבליך אַראָבגענומען אַ פעדער פון זיין קעניגליכען מאַנטעל, האָט צערטליך אַ שמייכעל געטהאָן צו איהם און האָט געמאַכט אַזאַ חשבון:

ערשטענס, קען ער שפּאָרען אַביסעל אויף זיינע סיגאַרס;

וואקסען פערשיעדענע שעדליכע קריטיכער, וועלכער פערגיפטען די לופט, ווי למשל: רעדאקטערע, פאָליטישענס, טראַסטס, סטרייקס, באָיקאָטס. פון די וויכטיגסטע בערג איז דער בארג פון בלאָפס. פון די וויכטיגסטע טהאָלען איז דער טהאָל פון טרערען און יאָמער (אויף ענגליש: עלים איילענד). דער בעריהמטעסטער קאנאל איז דער פאנאמא קאנאל. ער איז בעריהמט דערמיט, וואָס פיעלע פאָליטיקער האָבען זיך ביי איהם פערשטאָכען די פינגער.

בעפעלקערונג. — מיליאָנערען, פאָליסלייט, גנבים, פאָלי־טישענס, סטרייקערס, סטרייק־ברעכער, פערד־סם'ער, חטאים־ראמער, סאלוויישען־ארמעעניקעס, קריסטשיען סייענטיסטס, פעדלערס, שווינדלער, „שווארצע הענד'ניקעס" און כינעזער. אלע אמעריקאנער קומען פון אירלאנד, אויסער די אידען, וועלכע קומען פון עלים איילענד און גאלוועסטאָן.

די מאָראל פון לאנד. — שפיעל בייזבאלל, מאך בלויע אויגען, רייס בערד און לינטש ניגערס.

דער האנדעל. — דער האנדעל ליעגט מעהרסטענטהייל אין די הענד פון די רייכע פרויען, וועלכע אימפאָרטירען פאר חתנים פערפוילטע גראפען, פער'קבצנ'טע פירשטען און טויגעניכטסען־באראָנען. דער פרייז פון אזעלכע חתנים וואקעלט זיך צווישען א האלבען מיליאָן און צעהן מיליאָן דאָלאר.

מינעראלען און מעטאלען. — מינען זיינען דאָ פיעלע און זיי ברענגען גרויסע פראָפיטען. קיין מעטאלען און מינעראלען קען מען נים פון אלע אויסגראָבען, אָבער פון אלע גראָבט מען דערפאר אוים אזעלכע פאפיערלעך, וועלכע הייסען „סטאקס", מען פערקויפט זיי פאר משוגע־הויכע פרייזען און מען ווערט רייך.

שטעדט. — די וויכטיגסטע שטאדט איז ניו יאָרק. די שטאדט איז מייסטענס בעריהמט מיט איהר האנדעל מיט אלע לענדער פון דער וועלט. דורך ניו יאָרקער האפען ברענגט מען אריין אין לאנד: פאָליסלייט פון אירלאנד, ביער־טרינקער — פון דייטש־לאנד, באָמבען־ווארפער — פון איטאליען און לעזער פאר די אידי־שע צייטונגען — פון רוסלאנד.

# אמעריקא גנב

דִי געאָגראַפיע און די געשיכטע פון דעם יענקי־לאַנד; דער מאַטעריאַל פאַר דעם ווערק איז אַ ביסעל גענאַשט ביי די גוים*), מעהרסטענ־טהייל אָבער אויסגעזויגען פון דעם אייגענעם פינגער.

---

## די געאָגראַפיע פון לאַנד.

די פעראייניגטע שטאאטען. — א גרויסער שטח לאַנד, בעדעקט מיט פאבריקען, פאָליטישענס, וואָדעוויל־הייזער, שענקען און „געלע" צייטונגען.

די גרענעצען. — אין דער נאָרד — עלים איילענד; אין דער סויטה — די ניגער־לינטשערייען; אין דער וועסט — מינען־סטרייקס; אין דער איסט „טעמעני".

קלימאַט. — דער קלימאַט איז זעהר און זעהר ניט קיין שטענדיגער. גוטע צייטען און קריזיסען בייטען זיך יעדען טאָג לויט דעם טערמאָמעטער אין „וואָלל סטריט". דער ראדיקאַליזם פון דער רעגיערונג שטייגט און פאַלט אזוי אונערווארטעט ווי א באַנק־קראַך. יעדען מאָנטאג און דאָנערסטאג־הויבט זיך פלוצלינג אויף א שטורם אויף די טראָסטס און איידער מען האָט צייט זיך ארומ־צוקוקען, איז שוין ווידער דער הימעל לויטער און די טראָסטס שמייכלען. בלויז איין סאָרט שטורם ווידערהאָלט זיך רעגעל־מעסיג פון יאהר צו יאהר, א שטורם פול מיט היץ, מיט דונערן און בליצען. דאָס גאנצע לאַנד געהט פלוצלונג פון זינען אראָב. אזעלכע שטורעמס רופען זיך דאָ „וואהלען".

דאָס אויסזעהן פון לאַנד (טאָפּאָגראַפיע). — דאָס לאַנד איז מערסטענטהייל בעדעקט מיט זומפען און אין די זומפען

---

*) טהיילווייז איז דער מאַטעריאַל פאַר דער געשיכטע פון אַמעריקא גענומען פון „ביל ניי'ס קאָמיק היסטאָרי אָוו דהי יונייטעד סטייטס".
ל. לאַנדוי.

# אינהאַלטס־פערצייכניס:

# הומאָר און סאַטירע

דריטער באנד

## וויסענשאַפט און פאָלקס הומאָר

רעדאגירט פון

י. מאַרינאָוו און אַ. וואָהלינער



Hebrew Publishing Company
632-34 BROADWAY
NEW YORK
1928